בנימין אָרענשטײן




1 9

ביוראָ אין באַמבערג

# אינהאלט:

## ערשטער טייל — יידישע פרייהייטס־קעמפער:

## צווייטער טייל — נאָוועלן און דערציילונגען:



## דריטער טייל — דערינערונגען:



## פערטער טייל — היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען:

# פאָרוואָרט

דאָס בוך האָט באַקומען דעם נאָמען „ווירקלעכקייט“ דערפאַר, ווייל אַלע באַשריבענע געשטאַלטן, טיפּן, פאַקטן, עפּיזאָדן, אָנגעגעבענע דאַטעס, נעמען, ערטער און אַדרעסן שטימען מיט דער ווירקלעכקייט.

דער מחבר האָט אָנגעשריבן דאָס בוך אויפן גרונט פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען, אָבסערוואַציעס און גבית־עדות.

דאָס בוך דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס אַ פראַגמענטאַרישע אַרבעט, ווייל די אָפּהאַנדלונגען זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אין אַ זייער קאָנדענסירטער פאָרם, און אין דער צוקונפט וועלן זיי אויסגעברייטערט ווערן אין אַ גאַנצער ריי ביכער.

דער מחבר



ערשטער טייל

# יידישע פרייהייטס-קעמפער

## אריינפיר

מיטן אריינמארש פון דער נאצי־ארמיי אין די באזיגטע לענדער אין אייראפע איז דאס יידישע געזעלשאפטלעכע, קולטורעלע און פאליטישע לעבן צעשטערט געווארן.

די אנגעזעענסטע פאליטישע פירערס האבן פארלאזט, צוליב זיכערהייטס־טעמים, זייערע וווין־ערטער און אוועק אויף די סאוויעטישע געביטן, אדער אין אנדערע טערטשאפטן און לענדער, ווו זיי זיינען געווען אומבאקאנט, אדער געלעבט אונטער פרעמדע נעמען.

אין אנפאנג איז די יוגנט געווען אן אן אנפירונג, אן ארגאניזאציעס און אן לאקאלן, ווו זיך צונויפצוקומען.

דער טערער, וואס די דייטשע אקופאציע־מאכט האט אין אנהויב אנגעווענדעט לגבי די יידן, האט זיך אויסגעדריקט אין צווינגען צו אומבאלוינטער צוואנגס־ארבעט, טראגן שאנד־צייכנס און איינשפארן אין געטאס.

די אומסאציאלע האנדלונגען פון די יידן־ראטן האבן פאראורזאכט, אז די יוגנט זאל זיך קעגנשטעלן די אלע אנגריפן און געפינען אנטשפרעכנדע פארמען פון פארטיידיקונג.

די טעטיקייט האט געמוזט געפירט ווערן שטרענג געהיים, ווייל א הויך די אויסערלעכע שונאים זיינען אויך געווען דעגענעראטן און פראוואקאטארן אין דינסט פון דער נאצי־מאכט. צוערשט האט זיך אויסגעדריקט די טעטיקייט אין קולטורעל־דערציערישער ארבעט. קלאר זיך מאכן די סיטואציע, אין וועלכער דאס יידנטום געפינט זיך און נעמען שטעלונג צו אלע געזעלשאפטלעכע פראבלעמען.

די ערשטע פראבלעמען זיינען געווען: באציאונג צו די יידן־ראטן און צו דער יידישער געטא־פאליציי, און צי דארפן פארשטייער פון דער אונטערגרונט־באוועגונג באטייליקן זיך אין זייער טעטיקייט.

אַלע געהיימע יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן צוערשט עקזיסטירט באַזונ־דער, און שפּעטער פּאַראייניקט זיך אין אן איינהייטלעכער קאַמפּס־באַוועגונג, האָבן געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו די אינסטאַנצן, וואָס זיינען געשאַפן גע־וואָרן דורך דער דייטשער גאַצי־מאַכט. עס איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז די יירן־ראַטן און יידישע געטאָ־פּאָליציי זיינען אין דינסט פון דער דייטשער מאַכט אויס־צופירן באַפעלן קעגן די אינטערעסן און קעגן דעם ווילן פון יירנטום.

רי יירישע געהיימע אָרגאַניזאַציעס האָבן נישט אָנטיילגענומען אין דער טע־טיקייט פון רי יידן־ראַטן און געטאָ־פּאָליציי.

עס זיינען געווען נויטווענדיקע פאַלן פון זיין אינפאָרמירט, וואָס פאַראַ באַפעלן עס קומען אָן צו רי יידן־ראַטן און פּאָליציי, ווען וועלן פאָרקומען אָבלאַוועס, פאַרשיקונגען אין לאַגערן, טראַנספּאָרטן און ענלעכע דראַקאָנישע גזרות. פאַר די דאָזיקע צוועקן האָט די אונטערגרונט־באַוועגונג געהאַט, כמעט אומעטום, אירע פאַרטרויאונגס־מענער.

מיט דער אַנטוויקלונג פון רי געשעענישן, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסזירלונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס נעניגט נישט רי קולטור־דערציערישע טעטיקייט פון אַרויסגעבן אומלעגאַלע ביולעטינען, אינסטאַלירן אין בונקערס גע־היימע ראַריאָ־אַפּאַראַטן צו הערן יריעות און קרינס־באַריכטן פון רער וועלט, זיין אין פאַרבינדונג מיט אַלע אַרומיקע געטאָס, פראָדוצירן פאַרשיירענע פאַלשע דאָ־קומענטן, ארומשיקן פאַרבינדונגס־מענער און דערפילן ענלעכע אויפגאַבן.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן אַ כוח, וואָס זאָל צע־שטערן און פּאַראַליזירן די דייטשע אָנגריפס־קראַפט און צואיילן איר מפּלה.

אויסער די אַלגעמיינע טעכנישע און פּראַקטישע פּראָבלעמען ווי אָרגאַניזירן נעוועזענע מיליטער־לייט, וואָס זאָלן מיליטעריש אויסשולן גרעסערע גרופּעס, אויס־לערנען זיי קאַמפּס־מעטאָדעס פון אַ קליינער דיסטאַנץ, אין קאַמף קעגן מאָטאָרי־זירטע איינהייטן, איינקויפן און פּראָדוצירן געווער, פאַרבינדוגגען מיט דער אונ־טערגרונט־באַוועגונג פון דער אַרישער זייט, פאַרבינרונגען מיט אַנדערע געטאָס, קאַמף קעגן מוסרים און פּראָוואָקאַטאָרן איז אויך געווען אַ טעאָרעטישע פּרינצי־פּיעלע פראַגע. זי איז באַשטאַנען אין דעם, צי דאַרף די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויס־בילדן און אָרגאַניזירן וואַלד־פּאַרטיזאַנער, אָדער געטאָ־קעמפער.

די פראַגע איז געווען פון ערשט־ראַנגיקער באַדייטונג. רי אָנהענגער פון וואַלד־פּאַרטיזאַנער האָבן באַגרינדעט, אַז אויסער די גרענעצן פון די געטאָס זיינען דאָ גרויסע קאַמפּס־מעגלעכקייטן פון פּאַראַליזירן דעם דייטשן אָנגריפס־כוח דורך פאַרשיידענע סאַבאָטאַזש־אַקטן און רירעקטן קאַמף מיטן שונא. אין געטאָ דאַקעגן, איז דער קאַמף אַ באַגרענעצטער און אויך צוליב דעם, וואָס די דייטשן ווענדן אָן קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און קאָלעקטיווע שטראָפן.

די אָנהעגנגער פון נעטאָ־קעמפער האָבן באַגריגדעט, אַז עס לינט אַ מאָראַלישע פליכט אויף דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע צו פאַרטיידיקן די געטאָס און נישט איבער־לאָזן אויף הפקר די פאָלקס־ברידער און שוועסטער, וואָס קענען נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד.

אין פרינציפּ זיינען ביידע נעדאַנקען נעווען ריכטיקע. מען דאַרף פירן אַ קאַמף קעגן נאַצי־רעזשים אויסער די גרענעצן פון די געטאָס, און אויך אין די געטאָס. כמעט יערעס געטאָ האָט געבילדעט פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן אין די וועלדער, און גלייכצייטיק אויסגעשולט קאַמפּס־גרופּעס צו פאַרטיידיקן די געטאָס.

אין מאָמענט פון דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, אין דער נאַצי־עפּאָכע, האָט ביי אַלע קעמפער געזיגט דער לאָגישער פאַרשטאַנד ווענן אַן אייגהייטלעכער קאַמפּס־פאָרם און טאַקטיק. עס זיינען פאַרשוואונדן אַלע פּאַרטייאישע אַמביציעס און מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, און ס'איז איינגעפירט געוואָרן אַ מיליטערישע דיס־ציפּלין. ס'איז אויך פאַרשוואונדן די טעאָרעטישע דיסקוסיע אויב אינדיווידועלער טעראָר דאַרף אָנגעווענדעט ווערן, אָדער נישט. עס איז געווען דער געבאָט פון דער שעה: אַלע שעדלעכע און פאַרברעכערישע עלעמענטן צו באַזייטיקן. נישט גאָר בלויז די דייטשע מאַסן־מערדער, נאָר אויך זייערע דינער — מוסרים און פּראָוואָקאַטאָרן.

אויפן האָריזאָנט פון טראַגישן לעבן אין די געטאָס זיינען דערשינען נייע מענטשן, מערסטנטיילס יונגנטלעכע, וואָס האָבן הינטער זיך נעהאַט אַ קולטורעלע, פּאָליטישע און פיזישע דערציאונג פון די פּאָליטישע און ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע זיי האָבן נעהערט פאַרן קריג. עס זיינען אויך נעווען אויסגעשולטע מי־ליטער־לייט, וואָס האָבן נעדינט אין אַרמייען, נעהאַט פאַרשיידענע ראַנגעס און אויסצייכענונגען.

עס האָבן זיך אין די געטאָס געפונען אינזשיניערן, כעמיקער, מעכאַניקער און שלאָסער, וואָס האָבן דערפילט אַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע, פּראָדוצירנדיק געווער און אַמוניציע.

אין אַ נעאייניקטן פראָנט האָט די יונגנט פונם גאַנצן וועלט־יידנטום געפירט דעם קאַמף קעגן היטלעריזם, רינגענדיק אין די אַליאירטע אַרמייען אין אַלע פאָר־מאַציעס, אַלס סאָלדאַטן און אָפיצערן, אויך אונטער דער אייגענער פאָן אַלס יידישע ברינאַדע, און די, אויף וועמען עס האָט דירעקט געלויערט די שווערד פון פאַרניכטונג — אַלס וואַלד־פּאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפער.

# פּראָפּעסאָר פּייוול פּלאַקסין

איינע פון די שענסטע העראָאישע געשטאַלטן אין דער פּאַרטיזאַנער=באַוועגונג
אין די מזרח=געביטן פון אייראָפּע, איז דער רוסישער ייד פּייוול פּלאַקסין, דער זון
פון גרשון פּלאַקסין. ער איז באַקאַנט אונטער דעם רוסישן נאָמען, פּיאָטר גרי=
גאָראָוויטש פּלאַקסין, געבוירן אין ווייס=רוסלאַנד, געלערנט אין די סאָוויעטישע
שולן און שטודירט אין מינסקער אוניווערסיטעט. ער האָט באַהערשט ניט נאָר די
אַלגעמיינע לימודים, נאָר אויך די געזעלשאַפטלעך=סאָציאָלאָגישע וויסנשאַפט. זיי=
ווסן, קאַמפּס=אַפּפעראַוויליקייט און וועלט=אַנשויאונג, האָט ער אין זיך ניט פאַר=
באָרגן, נאָר באַלערנט די אונטערוואַקסנדע גענעראַציע, זייענדיק טעטיק אַלס גימ=
נאַזיע=פּראָפּעסאָר אין דער שטאָט גאָמעל.
ווען דאָס פייער פון צווייטן וועלט=קריג האָט זיך אָנגעהויבן צעברענען אי=
אייראָפּע און דער נאַצי=רעזשים האָט פאַרשפּרייט זיינע פאַרברעכערישע געצן,
אין דער ערשטער ריי קעגן יידישן פאָלק און די סלאַווישע פעלקער, איז דער יונ=
גער 29=יעריקער פּראָפּעסאָר פּייוול פּלאַקסין ניט געבליבן גלייכגילטיק. זיין ברוויזנדע
נאַטור האָט אים קיין רו ניט געגעבן און ער האָט זיך געשטעלט אין די ערשטע
קאַמפּס=רייען אַלס אויבערלייטענאַנט פון אַרטילעריע אין דער סאָוויעטישער אַרמיי.
זייט דעם יאָר 1939 איז ער אין אַקטיוון דינסט פון דער סאָוויעטישער אַרמיי.
דעם 22=טן יוני 1941, ווען דער נאַצי=רעזשים האָט געמאַכט דעם איבערפאַל
און רויב=צוג אויף די סאָוויעטישע געביטן, איז צווישן די, וועלכע זיינען אַריינגע=
פאַלן אין דייטשער קריגס=געפאַנגענשאַפט, אויך געווען דער פּראָפּעסאָר פּייוול
פּלאַקסין.
אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט האָט פּלאַקסין ניט גערוט. ער, וואָס איז
געווען באַהערשט פון דער אידעע פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט,
האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם טיראַנישן טעראָר פון די נאַצי=הענקער. ער
אַנטלויפט פון געפאַנגענשאַפט און קומט אָן אין די מינסקער וועלדער,בכדי צו
אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן אין קאַמף קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט. עס גע=
לינגט אים זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן באַרימטן פּאַרטיזאַנער=קאָמאַנדיר

גענעראַל קאָלפּאַקאָוו. ער ווערט גלייך די צווייטע האַנט אין פּאַרטרויאונגס־מאַן פון דעם קאָמאַנדיר, און שפּעטער פירט ער אָן זעלבסטשטענדיק מיט 12 באַטאַ־ליאָנען פּאַרטיזאַנער. ער האָט זיך שטענדיק געפונען אין די שטורמישסטע פייערן צווישן ביידע פראָנטן, דעם סאָוועטישן און דייטשן, אויספירנדיק דיווערסיע־אַקטן אונטער די פּלייצעס פון שונא. ער פאַרגעסט אויך ניט אין זיינע יידישע ברידער, און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען וויל ער העלפן זיין פאָלק. זיין האַרץ האָט געבלו־טיקט פון דער מוראדיקער פאַרניכטונגס־טראַגעדיע, וואָס דאָס יידישע פאָלק מאַכט דורך אין אייראָפּע.

וועמען ער האָט נאָר געטראָפן פון זיינע פאָלקס־ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן געוואַנדערט איבער די פעלדער און וועלדער, אַנטלויפנדיק פון דעם נאַצי־גהינום, האָט ער מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען און איינגעגלידערט אין זייגע רייען. פיל יידישע פרויען, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט באַטייליקן אין באַוואָפנטע אַקציעס, האָט ער דערטיילט שוץ און הילף.

דער דרייסטער און העלדישער פּרייהייטס־קעמפער פּיוול פּלאַקסין האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף צוויי געביטן: 1) פירן אויסשפיר־אויפגאַבן. 2) אויפרייסן דייטשע צוגן מיט אַמוניציע, וואָס זיינען געפאָרן צום סאָוועטישן פראָנט.

זיין לעבן איז געווען אַן אומדערמידלעכער געראַנגל מיטן טויט. פאַר יעדן פּרייז, האָבן אים די דייטשע הענקער געוואָלט אומברענגען. ער איז צוויי מאָל פאַר־וווּנדעט געוואָרן, און געזונט ווערנדיק, מיט פרישע כוחות זיך ווידער געשטעלט צום קאַמף.

צום ערשטן מאָל איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן ביי פאָלגנדע אומשטענדן. אין דער ריכטונג פון מינסק האָט ער אונטערגעלייגט אַ מינע אונטער אַ צוג. די דייטשן האָבן דאָס באַמערקט און געעפנט אַ גרויסע שיסעריי. פּלאַקסין האָט ניט געוואָלט, אַז די מינע זאָל דעראָבערט ווערן דורך די דייטשן, לויט דער פאַרשריפט ביי די פּאַרטיזאַנער, אַז יעדעס געווער מוז אויסגענוצט ווערן פּאָזיטיוו. ניט קוקנדיק אויפן גרויסן פייער, האָט ער זיך געוואָרפן צו די באַן־רעלסן צוריקצונעמען די מינע. דערביי האָט די מינע אויפגעריסן און אים פאַרוווּנדעט. זיינע געטרייע חברים האָבן אים, דעם קאָמענדאַנט, אַוועקגעפירט אויף אַ זיכערן אָרט אין אַ פּראָוויזאָ־רישן שפּיטאָל. אַ קורצע צייט שפּעטער איז ער געזונט געוואָרן און ווידער אָנגע־פירט מיט די פּאַרטיזאַנער אַקציעס. צום צווייטן מאָל איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן אונטער גאָמעל ביי אַ בריק, וועלכע ער האָט געוואָלט אויפרייסן. די דייטשן האָבן געעפנט אַ גרויס פייער, און ווייל ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן, האָט ער זיך גע־מוזט צוריקציען. זיינע מענטשן האָבן אים באַהאַלטן צווישן די קאָרן־זאַנגען, גע־רופן הילף פון אַנדערע אָטריאַדן, און אָפּגעראַטעוועט אים דורך אַריבערפירן אין א שכנותדיק דאָרף. די דורך אים אָרגאַניזירטע אָטריאַדן זיינען געווען מוס־טערהאַפטע און באַרימט אין גאַנץ אייראָפּע. ער האָט באַקומען באַפעלן דירעקט פון מאָסקווע.

זיינע גרויסע פאַרדינסטן און העלדישע טאַטן זיינען אין מאָסקווע באַקאַנט געווען, און דערפאַר איז ער צוויי מאָל אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן העכסטן קאַמפּס־אָרדער, „רוואַזשרי נעראַי סאָוויעטסקאַוואָ סאָיוזאַ".

אין אַ קורצער צייט זיינען אין רעזולטאַט פון זיינע דיווערסיע אַרבעטן פאַרניכטעט געוואָרן 45 צוגן מיט דייטשער אַמוניציע און מיליטער. ער האָט אויך אין העלדישן קאַמף אָפּגעראַטעוועט פון טויט דעם רוסישן פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנ־דיר משעדרינאָווסקי.

צו דער אויסצייכענונג פון פּראָפעסאָר פייוול פּלאַקסין איז ספּעציעל געקומען צופליען אַ קאָמיסיע פון מאָסקווע, וועלכע האָט אין דער אָנוועזנהייט פון אַלע אָט־ריאַדן, אויף אַ פייערלעכן אופן אויסגעצייכנט דעם העלדישן קאָמענדאַנט פּלאַקסין.

יערע געשטעלטע פאַר זיך אויפגאַבע האָט ער דורכגעפירט מיט ענערגישער רעצידירטקייט. ער איז אויסגעוואקסן אין די אויגן פון זיינע אונטערגעאָרדנטע פּאַר־טיזאנער און פאר דער ארומיקער באפעלקערונג אלס לעגענדארער היסטאָרישער העלד.

אין פעברואר 1944 ווען די נאַצישע ארמייען האָבן געליטן איין מפּלה נאָך דער אנדערער, צוריקציענדיק זיך צו דער שטאָט סארני, ווו זיי האָבן זיך שטאַרק באפעסטיקט, האָט לאנגע חדשים זיך געצויגן דער קאמף צווישן דער סאָוויעטישער און דייטשער ארמיי.

דעמאָלט איז געקומען דער באפעל פון מאָסקווע, אז דער קאָמענדאנט פלאקסין זאָל מיט שטורעם איינגעמען די שטאָט קאָוועל, וואָס האָט געהאט א גרויסע סטרא־טעגישע באדייטונג פאר דער צעשטערונג פונם דייטשן פראָנט ביי סארני.

דער קאָמענדאנט פלאקסין, האָט גענומען פינף באטאליאָנען פון זיינע צוועלף, געמלעך, דעם 1. 2. 3. 11. און דעם 12־טן, וואָס האָט זיך גערופן באַזענקאָווסקי. און אנגעהויבן דעם מארש אויף קאָוועל. דורכפירנדיק די אויסשפּיר־אויפגאבן האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסער דייטשער פּאָזיציע. עס האָט זיך צעפלאַקערט א פארביסענע שלאכט פון אלע מינים געווער. די דייטשן האָבן דאן פילפאך איבער־געשטיגן די פּארטיזאנער אין צאָל און אין אמוניציע. אין מאָמענט ווען דער קאָ־מענדאנט איז אויף זיין פערד צוגעריטן צום קאמפּס־פּלאץ, וועלנדיק באשיסן דעם שונא מיט מאשין־געווער, האָט אים א דייטשע קויל געטראָפן.

ער איז געפאלן אויפן שלאכט־פעלד ווי א העלד.





# מרדכי אַנילעוויטש

## קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד

דער נאָמען מרדכי אַנילעוויטש איז געוואָרן אַ סימבאָל פון העלדישקייט און דער אויסדרוק פון וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד.

אין דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע, אין דער שטאָט וואַרשע, ווּ עס האָבן געלעבט אין דער צייט פונם נעטאָ 600.000 יידן, באַרויבטע דורך דער נאַצי-מאַכט פון יעדער ערע און ווירדע, געצוווּנגען צו טראָגן שאַנד-צייכנס, אויספירן אומבאַלוינטע שקלאַפישע אַרבעט — איז נעקומען דער רוף פון מרדכי אַנילעוויטש: קאַמף ווידערשטאַנד!

דאָס לעבן אין וואַרשעווער נעטאָ איז נעווען באַגלייט פון איין זייט, מצד דער נאַצי-מאַכט: מיט טעראָר, פאַרניכטונג און טויט; פון דער צווייטער זייט איז נעוואַקסן די דעמאָראַליזאַציע, געוויסנלאָזיקייט ביי געוויסע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך נעשטעלט אין דינסט פון דער דייטשער ברוטאַלער מאַכט. קעגן די צוויי דערשיינונגען האָט מרדכי אַנילעוויטשעס שטימע נעדונערט: באַוואָפנטער קאַמף.

מרדכי האָט אין זיך פאַרקערפּערט אַלע אידעאַלע אייגנשאַפטן, וואָס אַ העלד קען נאָר באַזיצן.

געווען אַ גוטער רעדנער, געשריבן אַרטיקלען, געהאַלטן רעפעראַטן, אויסגע־ צייכנטער אָרגאַניזאַטאָר, קעמפער און קאַמפס־אָנפירער.

די לעבנס־געשיכטע פון קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, איז פאָלגנדע:

ער איז געבוירן אין יאָר 1919 אין אַן אומפאַרמעגלעכער פאַמיליע אין וואַרשע, אויף סאָלעץ 13. אַלס קינד ווייזט ער אַרויס גרויסע פעאיקייטן אין לערנען. נאָכן ענדיקן די פאָלקס־שולע הויבט ער אָן לערנען אין דער גימנאַזיע „לאור". די עלטערן זיינען נישט אימשטאַנד פאַר אים צו צאָלן, דערפאַר ווערט ער, אַלס בעסטער שי־ לער, באַפרייט פון שכר לימוד, און אין יאָר 1939 פאַרענדיקט ער די גימנאַזיע. פון 14—15 לעבנס־יאָר געהערט ער צו דער אָרגאַניזאַציע „השומר־הצעיר", פאַר־ נעמענדיק אַן אָנזעעוודיק אָרט אין די אָנפירנדע אינסטאַנצן.

דער אַריינמאַרש פון די נאַצי־טרופּן קיין פּוילן איז דער אָנהויב פון שאַרפסטן טעראָר קעגן יידנטום.

מרדכי אַנילעוויטש, אַלס מרכז־מיטגליד פון „השומר־הצעיר", פאָרט אַרום איבער פאַרשיידענע געביטן פון פּוילן, האַלט רעדעס אויף קאָנפערענצן און אָרגאַ־ ניזירט זעלבסט־שוץ קעמערלעך. מיט דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער קאַמפּס־ אָרגאַניזאַציע ווערט ער באַשטימט אַלס קאָמענדאַנט.

ער איז נישט בלויז אָנפירער, וואָס גיט אַרויס באַפעלן פאַר אַנדערע, ער איז גלייכצייטיק אַן אַקטיווער קעמפער און אַ מוסטער פאַר דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע.

אין דער צייט פון ערשטן אויפשטאַנד אין וואַרשע, אין יאַנואַר 1943, שטעלט ער, צוזאַמען מיט אַ קאַמפס־גרופּע, אַ העפטיקן ווידערשטאַנד די דייטשן אויף עק ניזקע און זאַמענהאָפאַ.

ווען ראָס הויז אויף ניזקע, אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, איז דורך די דייטשן אומגערעצונדן געוואָרן, איז ער פון דאָרט אַרויס און מיט די פויסטן געוואָרפן זיך אויף אַ דייטש, דערביי' ביי אים אַרויסגעריסן די ביקס און איז פאַרשוואונדן.

נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן רעזיגנירט פון דער בלוטיקער אַקציע, האָט זיך די סיטואַציע אין געטאָ באַרואיקט אויף דריי חדשים.

אין צווישנצייט האָט מרדכי אַנילעוויטש צוגעגרייט אָרגאַניזירטע קאַמפס־ גרופּעס, און ווען די דייטשן האָבן אָנגעגריפן, איז דעם 19 אַפּריל 1943 אויסגע־ בראָכן דער צווייטער אויפשטאַנד.

אונטער דער אָנפירונג פון מרדכי אַנילעוויטש האָבן געקעמפט אָרגאַניזירטע יידישע קאַמפס־גרופּעס קעגן דער נאַצי־מאַכט.

וועגן דעם האָט ער געשריבן דעם 23 אַפּריל 1943 צו אַנטעקן (יצחק צוקער־ מאַן) פאָלגענדעס:

„מיין לעצטער ווילן איז מקוים געוואָרן. די יידישע זעלבסטשוץ איז געוואָרן אַ פאַקט. דער יידישער ווידערשטאַנד און נקמה האָבן באַקומען אַ ממשותדיקע

פאָרעם. כ'בין גליקלעך, וואָס כ'בין געווען צווישן די ערשטע קעמפנדיקע אין געטאָ".

מרדכי אַנילעוויטש איז דעם 8־טן מאַי 1943 אומגעקומען איז קאַמף ביי פאַל־גנהע אומשטענדן. דאָס הויז אויף מילע 18, ווו ער איז געווען צוזאַמען מיט אַ גרופּע קעמפער, איז אַטאַקירט געוואָרן דורך די רייטשן. דאָס הויז איז באַוואָרפן געוואָרן מיט גראַנאַטן און גאַז־באָמבעס.

די מילע גאַס אין וואַרשע, ווו ער איז אומגעקומען איז נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט באַערט געוואָרן מיט זיין נאָמען. די גאַס הייסט היינט אַנילעוויטש־גאַס. דער 23 יעריקער קאָמענדאַנט מרדכי אַנילעוויטש איז געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַצי־באַרבאַרן. אויף אייביק וועט זיין נאָמען פאַרבלייבן אַלס סימבאָל פון קאַמף פאַר פרייהייט און רעכט.

# מאָטעק זילבערבערג

דער קאָמענדאַנט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג „זשאָב"
אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ

מאָטעק זילבערבערג איז געבוירן אין יאָר 1910 אין קאַליש. אין דער יוגנט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט נייסטיקע און איניציאַטאָרישע פעאיקייטן, און באַקומען גימנאַזיע־בילדונג. פאַרן קריג איז ער טעטיק געווען אין דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. ענדע 1940 פאַרלאָזט ער קאַליש און קומט קיין טשענסטאָכאָוו, זייענדיק טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר".

אין דער צייט פון גרויסן געטאָ איז ער אַן אומבאַקאַנטער פּליט און ציט זיין חיונה פון האַנדל.

אין דער צייט פון דער טראַגישער אויסזידלונג, ווערט ער אויססעלעקטירט און אַריינגעשיקט אין דער „מעטאַלורגיאַ" און פון דאָרט אין „האַסאַג־פּעלצערן", ווו ער בלייבט אין קאַזאַרמע־שטאַנד. זייענדיק אין לאַגער און מיטמאַכנדיק דעם טראַגישן שיקזאַל פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, באַשליסט ער צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. צו דעם צוועק ווערט ער פּאָליציסט. אין די ערגסטע און שווידערלעכסטע באַדינגונגען פון דער עדשטער קאַזאַרמע־צייט אין „האַסאַג־פּעלצערן". ווען אַלע זיינען נידערגעשלאָגן, גייסטיק און פיזיש צעבראָכן, הויבט ער אָן אין געהיים צו פּראָפּאַגירן די אידעע פון ווידערשטאַנד. ער אָרגאַניזירט אַ גרופּע, אויסשליסלעך פון פאַרמלחמה'דיקע חברים, וואָס זיינען געווען טעטיק אין פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס. מיט התלהבות ווערט דער געדאַנק אויפגענומען און די גרופּע פאַרגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג.

מיטן אַנטשטיין פונם קליינעם געטאָ ווערן די יידן פון „האַסאַג־פּעלצערן" ראָדט אַהינגעשיקט צו וווינען.

מאָטעק זילבערבערג, קומענדיק אין קליינעם געטאָ, האָט געטראָפן אַ צוגעגרייטן באָדן. די קיבוצים האָבן זיך שוין נעהאַט צוריק אָרגאַניזירט אַלס באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. עס זיינען געווען דריי קיבוצים: „השומר הצעיר" אונטער דער אָנ־

פירונג פון יהודה גליקשטיין, וועלכער איז שפּעטער געווען טעטיק אין די קאָניעצ־פּאָלער וועלדער מיט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע און איז אומגעקומען פון דער א. ק.. „דרור" אונטער דער אָנפירונג פון רבקה גלאַנץ, אומגעקומען אין קאַמף ביים ליק־ווידירן דאָס קליינע געטאָ און „גורדוניה". מאָטעק זילבערבערג פאַרבינדט אַלע גרופּירונגען דורך רופן קאָנפערענצן, און אין רעזולטאַט דערפון אַנטשטייט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע „זשאָב" (זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָוואַ).

מאָטעק זילבערבערג איז געוואָרן דער טאָן־געבער און אָנפירער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, ארויסגעבנדיק באַפעלן אין אַלע ענינים. די אויפגאַבן זיינען געווען קאָלאָסאַלע, און מיט אַן אייזערנעם ווילן האָט ער אַלץ דורכגעפירט: פאַר־בינדונגען מיט די עקזיסטירנדע געטאָס און מיטן וואַרשעווער, פאַרבינדונגען מיט דער א. ל., פּראָדוקציע פון אַמוניציע, אָרגאַניזירט וואַלד־פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן און קאַמפּס־גרופּעס, די אַזוי־גערופענע „פינפטלעך"; באַוואָפנטע אַקציעס פון קלע־נערן און גרעסערן מאסשטאב, געבויט אונטערערדישע טונעלן, געמאַכט איבונגען מיט די מיטגלידער, ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט געווער; דורכגעפירט אַ צוואַנגס־באַשטייערונג פון דער פאַרמעגלעכער באַפעלקערונג אין קליינעם געטאָ, און אויב עס האָט זיך ווער קעגנגעשטעלט דעם שטייער־באַפעל, איז ער אַרעסטירט און איינ־געזעצט געוואָרן אין בונקער־אַרעסט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג. אַ חוץ דעם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט איז אויך געפירט געוואָרן אַ קאַמף קעגן די יידישע פּראָוואָקאַטאָרן און מוסרים.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז מאָטעק זילבער־בערג געשטאַנען העלדיש אויף דער וואַך מיט צוויי אויטאָמאַטן אין די הענט, שיסנדיק אָן אויפהער אין די נאַצי־טיראַנען. ער איז העלדיש געפאַלן מיט אַ בכבודיקן טויט אויף זיין קאַמפּס־פּלאַץ.

ער איז באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „מאָיטעק".

דער נאָמען מאָטעק זילבערבערג איז אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון קאַמף פאַר פרייהייט, איינשרייבנדיק זיך אין דער געשיכטע אַלס העלד און מאַרטירער פון טשענסטאָכאָווער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

# איציק וויטענבערג

## קאָמענדאַנט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג אין ווילנע

די אונטערגרונט־באַוועגונג אין ווילנער געטאָ האָט זיך גערופן „פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע".

דער קאָמענדאַנט אז געווען איציק וויטענבערג. ער איז געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1901 אין אַ פּראָלעטאַרישער פאַמיליע. פון די יינגסטע יאָרן אָן איז ער אַ פּראָלעטאַריער, פון פאַך אַ שטעפּער. ער איז טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַלס לאַנגיעריקער פאָרזיצער פון לעדער־פאַראיין, און געהערט צו אַ לינקער אָר־בעטער־אָרגאַניזאַציע.

נאָך לאַנגע יאָרן געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טעטיקייט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט קאַמף, קען ער נישט דולדן די נאַצי־טיראַנישע פאַרפאָלגונגען און גרויזאַמע, בעסטיאַלישע מעשים. זיין דעוויז און רוף איז: קאַמף, ווידערשטאַנד!

ווי אַ פּראַקטישער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער טוער הויבט ער אָן אָר־גאַניזירן די ערשטע קערנדלעך פון טרייע איבערגעגעבענע יונגעלעכע, מענער און פרויען, פאַר דער אידעע פון ווידערשטאַנד קעגן היטלעריזם.

זיין רוף באַקומט דעם ריכטיקן אָפּקלאַנג אין די הערצער און מוחות פון דער יוגנט וואָס ברויזט צום קאַמף. די ערשטע פאַרזייטע קערנדלעך פון געדאַנק „קאַמף" נעמען זיך אָן, און צעוואַקסן זיך אין אַ ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

אין פּראָלעטאַרישן ווילנע, ווי אין אַלע אַנדערע געטאָס, האָט די יוגנט געמיינ־זאַם געקעמפט, אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט און פּאָליטישער אָנשויונג.

איציק וויטענבערג האָט איינגעפירט אין דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אַ גייסטיקע האַרמאָניע, געמיינזאַמען קאַמפס־ווילן און מיליטערישע דיסציפּלין. זיין פּסעוודאָ־נים איז געווען „לעאָ".

די קאַמפס־איינהייטן האָבן זיך איינגעטיילט אין „פינפטלעך", גרופּעס און באַטאַליאָנען.

אין באַדינגונגען פון ווילקירלעכן טעראָר, שקלאַפעריי, רויב און מאַסן־מאָרד

מצד דער נאַצי־מאַכט, און דער דעמאָראַליזירנדער ווירקונג פון יידן־ראַט און געטאָ־פּאָליציי, האָט דאָך די פּאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון איציק וויטענבערגן פאַרצייכנט העראָאישע קאַמפס־בלעטער אין דער יידישער געשיכטע.

די טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אין דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע און איז באַשטאַנען אין קולטור און אויפקלערונגס־אַרבעט, אויסבילדן קעמפער, אַריינשמוגלען געווער אין געטאָ, פּראָדוצירן גראַנאַטן, אויספירן דיווערסיע־אַקציעס, אַנטנעמען צו פּאַראַליזירן די דייטשע אָנגריפס־קראַפט.

איציק וויטענבערג איז פאַרראַטן געוואָרן. דער הענקער פון ווילנער געטאָ, קיטל, האָט זיך דערוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג און דעם נאָמען פונם קאָמענדאַנט.

דער באָרן הויבט אָן ברענען אונטער די פיס. איציק וויטענבערג פאַרלירט זיך נישט. ווען די געסטאַפּאָ־לייט קומען אים אַרעסטירן איז ער איבערגעטאָן אַלס פרוי אין אַ לאַנג קלייד און אַ טיכל אויפן קאָפּ. ער גייט ווי קיינמאָל נאָרנישט אַוועק אין אַן אַנדער הויז און מען געפינט אים נישט.

דער יידן־מערדער קיטל ווענדעט אָן די נאַצי־מעטאָדן פון קאָלעקטיווער שטראָף און פאָרערט פון יידן־ראַט אַרויסצוגעבן איציק וויטענבערגן אַ לעבעדיקן, אויב נישט ווערט ראָס גאַנצע געטאָ פאַרניכטעט.

די ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן געטאָ און האָט אַ־לעמען עלעקטריזירט. די קאָמענדאַנטור פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג האָט כסדר אָפּגעהאַלטן זיצונגען. אַ טייל פון די דעמאָראַליזירטע געטאָ־איינוווינער, דערצויגן אין גייסט פון יידן־ראַט און געטאָ־פּאָליציי, וואָס האָבן זיך געריכטעט מיט „זאַט מאַכן דעם וואָלף״, דאָס הייסט נאָכגעבן די פאַרלאַנגען פון דער נאַצי־מאַכט, בכדי אויסצומיידן רעפּרעסיעס, האָט געשטורעמט: אַרויסגעבן איציק וויטענבערגן, ווייל צוליב אים קענען אומקומען 7.000 יידן.

ביי אַזאַ אַטמאָספערע און ביי יענע באַדינגונגען זיינען געווען צוויי אויסוועגן: 1) אָנהויבן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן דער נאַצי־מאַכט, און נאָכן קאַמף זאָלן זיך די קאַמפס־גרופּעס אַריינדרייסן אין די וועלדער און ווייטער פירן דעם קאַמף אַלס פּאַרטיזאַנער, אָדער 2) דער קאָמענדאַנט איציק וויטענבערג זאָל זיך פרייוויליק שטעלן צו דער „געסטאַפּאָ״.

ביידע ברירות זיינען געווען נישט קיין לייכטע.

דער ערשטער אויסוועג איז לכתחילה געווען אומרעאַל, ווייל ס'איז געווען צו ווייניק געווער צו באַוואָפענען אַפילו אַ טייל יידן פון געטאָ.

דער צווייטער אויסוועג איז פון מאָראַלישן און לאָגישן שטאַנדפּונקט געווען אין סתירה צום שכל הישר. ווי אַזוי קען מען אַ מענטשן, וואָס האָט אויפגעבויט און אָנגעפירט מיט דער אונטערגרונט־באַוועגונג, מקריב געווען זיך פאַרן גאַנצן

יידנטום, אַליין אויסליפערן אין די הענט פון סאַדיסטישע מערדער, וואָס זאָלן איס אויף אַ שענדלעכן און בעסטיאַלישן אופן אומברענגען.

איציק וויטענבערג האָט געוווסט, אַז ער איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער קרבן, ווייל דער ציל פון דער נאַצי־מאַכט איז אומברענגען דאָס גאַנצע יידנטום, און נאָר אַן באַוואָפנטער אויפשטאַנד האָט אַ זין און אַ ציל.

דער באַשלוס איז געפאַלן — איציק וויטענבערג שטעלט זיך פרייוויליק צו.

איציק וויטענבערג האָט זיך זיין טויט אַנדערש פאָרגעשטעלט: אין באַוואָפנטן קאַמף מיטן בלוטיקן שונא, און נישט אומבאַוואָפנט, אַ געפאַנגענער אין די הענט פון דער „געסטאַפּאָ", דערפאַר כאַפּט ער אַרויס דעם רעוואָלווער צו באַגיין זעלבסט־מאָרד. עס קלינגט אים אָבער אָפּ אין די אויערן דער ברוטאַלער פאַרלאַנג פון יידן־מערדער קיטל, — „איציק וויטענבערג אַ לעבעדיקער".

ער שטאַרקט זיינע נערוון, קאָנצענטרירט זיך און גיט אַרויס די לעצטע באַפעלן:

— נישט אַרויסלאָזן פון די הענט דאָס געווער. קאַמף, קאַמף, נקמה, נקמה. מיין פאַרטרעטער זאָל זיין אבא קאָוונער.

מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ איז דער קאָמענדאַנט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג, איציק וויטענבערג, געגאַנגען דעם לעצטן וועג, דעם וועג פון אַ העלדישן קרבן — צום טויט.

דאָס איז געווען דעם 10 יול 1943. אַ דאַטע אין וועלכער דאָס קעמפנדיקע ווילנע און דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרלוירן איינעם פון אירע געטרייסטע זין.

ווי צעווילדעוועטע חיות האָבן זיך די „געסטאַפּאָ"־לייט געוואָרפן אויף זייער קרבן, אויף וויטענבערגן. זיי האָבן אים געבונדן די הענט פון הינטן, אויסגעבראָכן די אויגן, דעם קערפּער צעשניטן און די גלידער צעבראָכן.

אַזוי האָט פאַרענדיקט דאָס לעבן דער קאָמענדאַנט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג אין ווילנע.

# הערשל שפּרינגער

## קאָמענדאַנט פון דער בענדינער אונטערגרונט-באַוועגונג

די נאַצי-מאַכט האָט די שטאָט בענדין מיט די אַרומיקע אָרטשאַפטן, ווי סאָס-
נאָוועצ, כאָזשאָוו און דאָמבראָווע, איינגעגלידערט אין דייטשן רייך. די דאָרטיקע יידן
האָבן זיך איינגעבילדעט, אַז זיי מיינט מען נישט, אַז מיט זיי וועט הס-ושלום גאָר-
נישט פּאַסירן, מען דאַרף די רייטשע גזירות אויספירן און דערמיט וועט אַלץ
פאַרביי.

די דאָזיקע מיינונגען האָבן געשטערט די אַנטוויקלונג פון אַן אונטערגרונט-
באַוועגונג, ווייל אין גאַנץ פּוילן, דעמאָלט געהייסן גענעראַל גובערניע, זיינען פאָר-
געקומען סעלעקציעס און אויסזידלונגען. אין די איינגעגלידערטע געביטן אין דייטש-
רייך, ראַקעגן, איז אויסער אַלגעמיינע רעפּרעסיעס פון צוואַנגס-אַרבעט, טראָגן
שאַנד-צייכנס, ווירטשאַפטלעכע באַגרענעצונגען און קאָנטריבוציעס געווען פאַרהעל-
טניסמעסיק רואיקער, ווי אין אַנדערע אָרטשאַפטן.

עס האָט דאָך געזיגט דער לאָגישער געראַנק פון שאַפן אַן אונטערגרונט-באַ-
וועגונג, און עס האָט זיך געבילדעט אַ קאָמענדאַנטור, וואָס האָט אָנגעהויבן פירן
אַ טעטיקייט אויפן מוסטער פון אַנדערע שטעט.

דער קאָמענדאַנט פון דער אונטערגרונט-באַוועגונג איז געווען הערשל שפּרינ-
גער, לערך 35 יאָר אַלט, געקומען פון לאָדזש. ער האָט אַרויסגעוויזן איניציאַטיוו,
אַקטיוויטעט און דאָס וויכטיקסטע — אָריענטאַציע און לאָגיש דענקען. הערשל
שפּרינגער האָט געהערט צו די פּועלי-ציון (פרייהייט) און איז טעטיק געווען אין
קיבוץ „דרור”.

אין דער אונטערגרונט-באַוועגונג האָט נישט געהאַט קיין באַדייטונג די פּאַר-
טיי-צוגעהעריקייט, נאָר איין זאַך — קאַמף קעגן די מערדער פון יידישן פאָלק. אויף
דעם פּונקט זיינען אַלע געווען פאַראייניקט.

די קאָמענדאַנטור איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע מיטגלידער: הערשל שפּרינגער,
פרומקע פּלאָטניצקאַ, געקומען פון וואַרשע, געהערט צו פּועלי-ציון (דרור), ברוך

גאַבּיק, (פּועלי־ציון־צ.ס.), צבי בראַנדעס (השומר־הצעיר), שלומה לערנער (נור־דוניה), יוסף קאַזשוך (הנוער הציוני), האַנקע באָרנשטיין (גורדוניה), און אַנדערע.
ענדע נאָוועמבער 1942 זיינען פון מרכז פון וואַרשע דעלעגירט געוואָרן עטלעכע מוער, וואָס זאָלן מיטהעלפן אין דער טעטיקייט. צווישן אַנדערע דעלעגירטע איז געווען דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן צבי ראָזענגוויין.

די אַלגעמיינע צאָל באַפעלקערונג אין בענדין האָט נעציילט ביי 60.000, דאַ־רונטער יידן ביי 25.000. צוערשט איז איינגעפירט געוואָרן אַ פּריי געטאָ און נאָך אויף עטלעכע גאַסן איז פאַר יידן געווען פאַרבאָטן צו גיין. שפּעטער זיינען די יידן איינגעזידלט געוואָרן אויפן געביט, וואָס האָט זיך גערופן קאַמיאָנקאַ. יידן זיינען גע־פירט געוואָרן אין געשלאָסענע רייען צו דער אַרבעט אין פאַרשיידענע פאַבריקן. עס איז אויך דאָרט געווען אַ הלוציעשע פערמע, ווו יידן האָבן געאַרבעט ביז צו דער לעצ־טער מינוט פון פאַרניכטן דאָס בענדינער יידנטום.

אין דער פערמע איז געווען דער צענטער פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג. אין די פאַבריקן, ווו עס האָבן געאַרבעט יידן זיינען געשאַפן געוואָרן קאַמפס־גרופּעס. בענדין האָט נאָך נעהאַט געטאָ־קעמפער, קיין פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן זיינען נישט געבילדעט געוואָרן.

די אונטערגרונט־באַוועגונג האָט אויפן מוסטער פון די קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס אין דער גענעראַל־גובערניע זיך באַשעפטיקט מיט פּראָדוצירן און איינקויפן געווער, אויסגעבילדעט די יוגנט צו באַנוצן זיך מיט געווער, געפירט אַן אויפקלערונגס־טעטיקייט, און געווען אין פאַרבינדונג מיטן וואַרשעווער געטאָ און מיט דער שווייץ.

אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע אָרטשאַפטן איז די אונטערגרונט־באַוועגונג אין בענדין געווען אין פרידלעכע באַציאונגען מיטן יידן־ראַט און געטאָ־פּאָליציי. אין אַנטשפּרעכנדן מאָמענט האָט זיך די אונטערגרונט־באַוועגונג אַנטוישט אין די יידנ־ראַטלער.

דער „החלוץ" אין דער שווייץ האָט געמאַכט פאַרשיידענע באַמיאונגען צו העלפן ראַטעווען די בענדינער יידן. זיי האָבן געשיקט געלט פאַר דער טעטיקייט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג און אַרויסגעשיקט אַרויספאָרונגס־פּאַפּירן פאַר פאַר־שיידענע חברים. צווישן אַנדערע האָבן באַקומען אַרויספאָרונגס־פּאַפּירן דער שליח פון „מרכז" צבי ראָזענגוויין, שמעון פּראָסט פון וואַרשע, און אהרן געפּנער פון לאָדזש, אַקטיווע מיטגלידער פון דער בענדינער אונטערגרונט־באַוועגונג, באַקאַנטע טוער פון „גורדוניה". אויפן גרונט פון די פּאַפּירן זיינען זיי דורך דער דייטשער מאַכט באַטראַכט געוואָרן אַלס אַמעריקאַנער בירגער, דערפאַר זיינען זיי אַ־רעסטירט געוואָרן און איבערגעשיקט אין אַן אינטערנירונגס־לאַגער פאַר אַמעריקאַ־נער בירגער איז לאַופען, אין דייטשלאַנד, אָבערבייערן.

עס זיינען אויך אָנגעקומען פּאַפּירן פאַר אַנדערע אַקטיווע קעמפער, אָבער זיי זיינען נישט אויסגענוצט געוואָרן צוליב אַ מסירה פון יידן־ראַט פּרעזעס מאָניעק מערין.

פון אינטערנירונגס־לאַגער אין לאַופען איז צבי ראָזענגוויין געווען אין אַ שריפט־



אַ גרופּע בענדינער פרייהייטס-קעמפער

לעבן קאָנטאַקט מיט בענדין, שווייץ, אונגאַרן, רומעניע, ארץ-ישראל און פאַרשיידע־נע אָרטשאַפטן אין פּוילן. פון דער קאָרעספּאָנדענץ דערוויסט מען זיך פאַרשיידענע פּרטים וועגן בענדין.

דעם 1 אויגוסט 1943 איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון בענדינער יידנטום און גלייכצייטיק דער ווידערשטאַנד פון דער אונטערגרונט-באַוועגונג.

הערשל שפּרינגער, דער קאָמענדאַנט האָט מיט געווער אין די הענט, העלדיש געקעמפט קעגן די נאַצי-רוצחים אומברענגענדיק עטלעכע ס.ס.-לייט. ער איז געפאַלן מיט אַן ערנהאַפטן טויט אויפן קאַמפּס-פּלאַץ.

נאָכן אויפשטאַנד איז געלונגען אַ קליינער צאָל יידן אַפּצוראַטעווען זיך, וועל־כע זיינען שפּעטער ביי פאַרשיידענע אומשטענדן אומגעקומען.

די פרוי פון קאָמענדאַנט, ליזע שפּרינגער, האָט פון אַ בונקער געשריבן אַ בריוו צו צבי ראָזענווין. דער בריוו איז דאַטירט פון 8 נאָוועמבער 1943 און צווישן אַנדערן שרייבט זי: „עס וואָלט זיך מיר געוואָלט מיט אייך זען, זיך טיילן מיטן טרויער, אַנטשולדיקט, אַז מיטן טרויער, ווייל פרייד איז אַזוי ווייניק, און איבער־הויפּט, צי וועלן מיר נאָך דערלעבן אַ פרייד, נאָך אַזעלכע פאַרלוסטן".

אין אַ בריוו פון דער שווייץ איז ליזע שפּרינגער אָנגעוויזן געוואָרן, זי זאָל זיך ווענדן נאָך הילף צו וולאַדעק בעם.

וולאַדעק בעם איז געווען דער פּרעזעס פון יידן-ראַט אין כאָזשאָוו און ווען זיין

שטאָט איז ליקווידירט געוואָרן איז ער געווען די צווייטע האַנט פון מעריז, דעם פּרעזעס פון יידן־ראַט אין בענדין.

וועגן דעם ענין האָט ליזע שפּרינגער ענדע 1943 געשריבן צו צבי ראָזענווייז, אַז וואָלאַדעק בעם האָט נישט נאָר קיין הילף ניט דערטיילט, נאָר ער האָט פּאַראורזאַכט, אַז הערשל שפּרינגער (איר מאַן, דער קאָמענדאַנט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג) פרומקע פּלאָטניצקאַ, צבי בראַנדעס און אַנדערע זיינען איבערגע־טראָגן צו רבקה גלאַנץ.

רבקה גלאַנץ איז געווען איינע פון די אַקטיווע געטאָ־קעמפּפערינס אין טשענ־סטאָכאָוו און ענדע יוני איז זי אין קאַמף אומגעקומען.

פון דעם בריוו דרינגט אַרויס, אַז דער יידנראַטלער וואָלאַדעק בעם האָט פּאַר־אורזאַכט דעם טויט פון די העלדישסטע קעמפער פון דער בענדינער יידי־שער אונטערגרונט־באַוועגונג.

אויך אין דער געשיכטע פון לעבן, קאַמף און אונטערגאַנג פון בענדינער יידנ־טום זיינען דאָ פאַרשיידענע בלעטער. עס קומט צום אויסדרוק, פּאַסיוויטעט, גלייכ־גילטיקייט, פּאַרקויפטקייט, אָבער אויך קאַמף, העלדנטאַט און העראָאיזם.

הערשל שפּרינגער, דער קאָמענדאַנט פון דער בענדינער אונטערגרונט־באַוועגונג, איז נישט נאָר געווען דער אויסדרוק פון קאַמף און העלדישקייט נאָר אויך דער אויספירער פון „תמות נפשי אם הנאצים".

# ביאַליסטאָקער פרייהייטס־קעמפער

דאָס יידישע ביאַליסטאָק האָט זייט דעם קריגס־אויסברוך, פון סעפּטעמבער 1939 ביז יוני 1941 געלעבט אונטער דער הערשאַפט פון דער סאָוויעטישער מאַכט. פאַר איס זיינען פרעמד געווען די טיראַנישע און סאַדיסטישע מעטאָדן פון דייטשן רעזשים אין די אָקופּירטע לענדער און הויפּטזעכלעך אין דער גענעראַל־גובערניע (פּוילן). איבער דער צייט האָבן די דייטשע תלינים אָנגענומען רוטין אין אויס־מאָרדן און פאַרניכטן די יידן.

דעם 22 יוני 1941, ווען די דייטשן האָבן געמאַכט דעם איבערפאַל אויף ראַטן־פאַרבאַנד און ווי היישעריקן זיך געוואָרפן אויף די געביטן פון דער צווייטער זייט בוג, הויבט זיך אָן דאָס טראַגישע בלעטל געשיכטע פאַר די דאָרט לעבנדע יידן. ווי נאָר די דייטשע היענעס זיינען אַריין קיין ביאַליסטאָק, האָבן זיי פּרייטיק דעם 27 יוני 1941 געמאַכט אַ שרעקלעכן חורבן. אונטערן אויסרייד, אַז יידן האָבן מיט־געאַרבעט מיט די סאָוויעטן, האָבן זיי געכאַפּט „פאַרדעכטיקע" אויף די גאַסן און זיי אַוועקגעפירט צום שול־הויף. לערך 800 יידן זיינען אַריינגעשפּאַרט געוואָרן אין דער שול. דאָס זיינען געווען דערוואַקסענע מענער און יונגע יינגלעך. די דייטשע סאַדיסטישע מערדער האָבן אונטערגעצונדן די שול און דערצו כסדר אַריינגעשאָסן. אויף די גאַסן זיינען פאָרגעקומען מערדערייען, וואָס האָבן נישט קיין גלייכן אין די געשיכטע פון דער מענטשהייט. די דייטשע וואַמפּירן האָבן דערשאָסן ווען זיי האָבן נאָר געטראָפן.

דער טראַגישער בילאַנס פון פרייטיקדיקן טאָג פון 27 יוני 1941 שטעלט מיט זיך פאָר: לערך 2.000 פאַרברענטע און דערשאָסענע יידן; פאַרברענט די סינאַגאָגע מיטן שול־הויף און 14 גאַסן, דאָס זיינען: באָזשניטשאַ, בזשאָזאָוואַ, אָרדינאַצקאַ, ווערסאַלסקאַ, שקאָלנאַ, כאַזאַנאָוויטשאַ, שליעדזיאָוואַ, ציעמנאַ, גלובאַ, מיאָדאָוואַ, סטאָליאַרסקאַ, זאַמאָיסקאַ, סופּראַסילסקאַ, סוכאַ און שטאַרק באַשעדיקט זיינען געוואָרן די גאַסן: רינעק קאָשציושקי, ריבני רינעק און לעגיאָנאָוואַ.

דער אויספירער פון שרעקלעכן, טראַגישן און מערדערישן בלוט־באָד, איז גע־ווען די „ווערמאַכט" אַליין.

יעדן טאָג זיינען פאָרגעקומען אַנדערע טראַגישע געשיכטעס אין אַ קלענערן אָדער גרעסערן מאסשטאב. עס זיינען אויך איינגעפירט געוואָרן אַלע פאַראָרדע־נונגען ווי אין דער גענעראַל־גובערניע. שאַנד־צייכן, צוואַנגס־אַרבעט, יודן־ראַט, קאָנ־טריבוציעס, און דעם ערשטן אויגוסט 1941 ווערן די יידן פאַרמאַכט אין געטאָ.

די יידישע יוגנט, אָן אוגטערשייד פון פאָליטישע שאַטירונגען און אנשויאונ־גען, עפנט די אויגן און דערזעט די טראַגישע ווירקלעכקייט.

די פרעדיקער פון וועלט־יושר און מאָראַל האָבן גאָרגישט געזען, אָדער נישט געוואָלט זען. וואָס עס קומט פאָר מיט די יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

די יוגנט, פאַראייגזאַמט, אָן שוץ און הילף, באַשליסט צו אָרגאַניזירן אַ ווי־דערשטאַנדס־באַוועגונג צו וועלכער עס געהערן: „השומר הצעיר“,„בונד“, „קאָמו־ניסטן“, „החלוץ“. „דרור“, „הנוער הציוני“, און סתם יידן מיט אַ ווילן צום קאַמף קעגן די מערדער פונם יידישן פאָלק.

אַנטקעגנאיבער די פּיאָנערן פון קאַמף האָבן זיך אויך געפונען איגם יידישן לעבן טונקעלע איגדיווידואומס, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז מיט הכנעה און אויס־פירן די דייטשע מאָרד־באַפעלן, וועלן זיי אויסמיידן די אָנקומענדע קאַטאַסטראָפע.

אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג זייגען געווען צוויי אידעאָלאָגישע ריכטונ־גען. אייגע האָט רעפּרעזענטירט דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף גיין אין די וועלדער און פירן פאַרטיזאַנער־קאַמפן, בכדי צו פאַראורזאַכן וואָס גרעסערע פאַרלוסטן דעם פיינט, און די צווייטע ריכטונג איז געווען ביי דער מיינונג, אַז מען דאַרף נישט איבערלאָזן דאָס געטאָ אויף הפקר און אָן שוץ.

פון ביאַליסטאָקער געטאָ זייגען פון צייט צו צייט אַרויס גרופּן, וואָס האָבן געבילדעט פאַרטיזאַנער־איינהייטן און געקעמפט קעגן די דייטשן. מיטן אָר־גאַניזירן די פאַרטיזאַנער־גרופּן האָט זיך באַשעפטיקט יהודית גאָוואָגראָדזקאַ.

אין דעצעמבער 1942 איז אַרויס פון געטאָ אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון מאַקסים. די גרופּע איז גלייך באַרימט געוואָרן מיט אירע קאַמפן. זי האָט צעקלאַפּט עטלעכע דייטשע זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטנס, פאַראורזאַכט זיי פאַרלוסטן אין מענטשן, און צוגענומען פיל געווער. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט די זעלבע גרופּע געפירט אַ העפטיקן קאַמף ביי דער ליפּאָווער בריק מיטן דייטשן פיינט. די פאַרטיזאַנער־גרופּע, קליין אין צאָל אין מיט אַ באַגרענעצטער צאָל אַמוניציע, האָט באַזיגט די גרויסע צאָל דייטשן, וואָס האָט געהאַט פיל גע־ווער. עס זייגען דעמאָלט געפאלן זעקס דייטשן טויט און פיר פאַרוווּנדעט. די אי־בעריקע דייטשן זיינען אין גרויס פּאַניק און שרעק, איבערלאָזנדיק דאָס געווער, אַנטלאָפן. אין דעם קאַמף איז דער קאָמענדאַנט פון דער פאַרטיזאַנער־גרופּע, דער העראָאישער קעמפער מאַקסים געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט.

זייער פיל עגלעכע אַקציעס זייגען אויסגעפירט געוואָרן אויסער דעם געטאָ דורך די יידישע פאַרטיזאַנער, און אויך דורך דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין געטאָ

י צ ה ק מ א ל מ ע ר, רערזועעגדיק אַ גרופּע ס.ס.=מעגער אין געטאָ, האָט ער זיך אויף זיי געוואָרפן מיט אַ פלאַש וויטריאָל. ביי אייגעם האָט ער אויסגעברעגט די אויגן און אַ צווייטן אָפּגעבריט. איין ס.ס.=מאַן איז אינגאַגצן צעטומלט געוואָרן און אָנגעהויבן שיסן, רערשיסגריק דערביי אַן אַגדערן ס.ס.=מאַן. דאָס איז געווען אויף קופּיעצקאַ גומער 29.

די ס.ס. האָבן מאַלמערן גישט געכאַפּט. פאַר אים האָבן באַצאָלט מיטן לעבן הוגדערט יירן; אָבער מיט רעם האָבן זיי זיך גאָך גיט באַגנוגגט. ס'איז גאָך געמאָלדן געוואָרן, אַז אויב דער אַטענטעטער וועט זיך גישט מעלדן אין פאַרלויף פון זעקס שעה וועלן רערשאָסן ווערן 5.000 יירן.

מאַלמער האָט דאָס לעבן פון ציבור נעשטעלט העכער ווי זיין אייגן לעבן, און האָט זיך פרייוויליק צונעשטעלט, הגם ער האָט נעקענט אַנטלויפן פון געטאָ דורך די אונטערערדישע היילן. די רייטשע מעררער האָבן אים שרעקלעך געפּייניקט און אים אויפגעהאגגען אין א טויער אויף קופּיעצקאַ גאַס.

ענלעכע פאַלן און אַטענטאַטן זייגען רורכגעפירט געוואָרן דורך איינצלנע יירן און אויך דורך גרופּעס.

די ווידערשטאַגדס=באַוועגונג אַרבעט עגערגיש ביים אַרייגשמוגלען געווער אין געטאָ. דאָס איז גישט געווען קיין לייכטע זאַך. איינמאָל זייגען אַנטרעקט געוואָרן צוויי יירישע יונגעלייט, וואָס האָבן געשמוגלט געווער. די יידן האָבן זיך געווערט קעגן די זשאַנדאַרן און איינעם פון זיי אַוועקגעלייגט טויט ביים הויכן סטאָטשעק. די צוויי יירן האָבן באַצאָלט מיט זייער יוגנט און קעמפעריש לעבן.

עס ווערט אין געטאָ אָרגאַניזירט אַן איינענע אַמוניציע=פּראָרוקציע אונטער דער אָנפירונג פון יירישע אינזשעגירן און כעמיקער. עס ווערט אויסגעאַרבעט קורץ און לאַנג געווער, גראַגאַטן, אויפרייס=מאַטעריאַל פון זויער=שטאָף, הויפּטזעכלעך מיט וויטריאָל. עלעקטרישע טאַשן=לעמפּלעך ווערן אָנגעפילט מיט וויטריאָל, פלעשער מיט אופרייס=שטאָפן, קאַסטעטן און לאַנגע שטאָלענע מעסערס. די הויפּט=אַמוניציע=וואַרשטאַטן זייגען געווען אונטער דער אָנפירונג פון אינזשיניער הענאָך פאַרבער אויף ציעפּלע נר. 8.

עס קומט אָן דער טראַגישער מאָמענט. די גאַכט פון 15 אויפן 16 אויגוסט 1943. צוויי בייגאַכט האָבן די ס.ס. נעריכט אַרומגעשטעלט דאָס געטאָ און אַריין אין די פאַבריקן. פאַר אַלעמען איז קלאָר געוואָרן די סיטואַציע. זעקס אינדערפרי זייגען אויסגעהאָנגען נעוואָרן פלאַקאַטן, אַז דאָס געטאָ ווערט עוואַקואירט קיין לובלין.

די אָנפירונג פון דער ווירערשטאַגדס=באַוועגונג האָט גלייך אָרגאַניזירט אַלע אירע מיטגלירער, פאַנאַגרערנעטיילט געווער און אַוועקגעשטעלט אויף די באַשטימטע קאַמפס=פונקטן.

צען אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט. דער סיגנאַל צום קאַמף זייגען געווען די רויך=וואָלקן פון די שרפה'ס. די העלדישע מיירלעך: מילקא ראַטנער,

באסיא קאַציאַלסקא, חיה, ביאַלא, פאַניא און אַנדערע האָבן אונטערגעצונדן הייזער און פאַבריקן. די מעכאַנישע וואַרשטאַטן און די וואַטע-פאַבריק זיינען די ערשטע געשטאַנען אין פלאַמען.

די ביאַליסטאָקער געטאָ-אויפשטענדלער האָבן מיט מאַשין און האַנט-ביקסן אָנגעהויבן צו באַשיסן די דייטשיש ס. ס.-פּאַטראָלן אין געטאָ. די פּאַטראָלן זיינען איננאַנצן צעמישט געוואָרן, און נאָך אַ קליינעם ווידערשטאַנד זיינען זיי אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק טויטע און פאַרוווּנדעטע.

דאָס בילד פון די ליגנדע דערשאָסענע ס. ס.-מענער און דאָס געווער, וואָס די אויפשטענדלער האָבן ביי זיי צוגענומען, האָט די יידישע קעמפער צוגעגעבן מוט און גלויבן אין קאַמף. די יוגנט צעשטערט דעם געטאָ-פּאַרקאַן. אָבער אַנטלויפן האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. באַלד קומען אָן העכער דריי טויזנט דייטשן אין דער באַגלייטונג פון ווייסרוסישע און אוקראַינישע דענענראַטן, אַלע שטאַרק באַוואָפנט.

די יידישע העלדישע קעמפער טרעטן נישט אָפּ פון קאַמפּס-פּלאַץ און קעמפן פאַרביסן. די אויפשטענדער שטויסן אָפּ די אַטאַקעס פון די ס. ס.-קאָלומנעס פון די גאַסן ציעפּלאַ און פּאָליעסקע.

די דייטשן ווערן אומגעדולדיק און פאַרביסן. זיי וואַרפן אין קאַמף טאַנקן, און איבערן געטאָ באַווייזן זיך אַעראָפּלאַנען, וואָס באַשיסן מיט מאַשין-ביקסן די יידישע פּאָזיציעס.

אַ געוויסע צאָל אויפשטענדלער איז געלונגען דעם 27 אויגוסט דורך אַן ערד-אונטערגראָבונג אַרויס פון געטאָ און זיך פאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער, פאָרזעצנדיק דאָרט דעם קאַמף קעגן די נאַצי-מערדער.

די בלאָקאַדע און די קאַמפן פון ביאַליסטאָקער געטאָ האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש. פון 15 אויגוסט ביזן 15 סעפּטעמבער 1943.

אַזוי האָט פאַרענדיקט איר קאַמף דאָס פּראָלעטאַרישע ביאַליסטאָק, אַריינשרייבנדיק א העראָאיש בלעטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע.

# יידן אין קאמף פאר א פרייַ פּוילן

משה שטיין, דער אבסאָלווענט פון דער פּילאָלאָגישער גימנאַזיע אין בעלכאַ־טאָוו, ביי לאָדזש. איז געבוירן דעם 10 יולי 1920. ער האָט זיך אויסגעבילדעט אַלס אַעראָפּלאַן־מעכאַניקער, און איז צוזאַמען מיט אנדערע זייגע יידישע חברים איינ־געגלידערט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי. משה שטיין האָט געענדיקט אַן אונטער־אָפיצערן־שולע און געוואָרן אונטער־אָפיצער (פּאָדכאָראָנזשי).

צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע יונגטלעכע האָט ער ווירדיק געקעמפט אין יאָר 1939 בײַם פאַרטיידיקן וואַרשע קעגן די היטלעריסטישע האָרדעס. וואָס האָבן איבערגעשטיגן, אין צאָל און טעכניק, די פּוילישע אַרמיי. ער ווערט גענומען אין געפאַנגענשאַפט און אַוועקגעפירט קיין גירגבערג, אין דער שטאָט, פון וואַנען עס שטאַמען די מערדערישע געזעצן קעגן יידישן פאָלק. אין פעברואר 1940 ווערט ער מיט אַ גאַנצן טראַנספּאָרט אַוועקגעשיקט קיין קראָקע (פּוילן). עס געלינגט אים צו אנטלויפן פון דער היטלעריסטישער באַוואַכונג און צו קומען אויף די רוסישע געביטן. די רוסישע מאַכט אינטערגירט אים אלס אומלעגאַלן איינוואַנדערער און פאַרשיקט אים קיין סאמארקאנד (מיטל־אַזיע). ענדע יאָר 1941, אין רעזולטאַט פון דעם אָפּמאַך פון גענעראַל סיקאָרסקי מיט דער סאָוויעטישער מאַכט וועגן פּוילי־שע קריגס־געפאַנגענע און פּוילישע בירגער, ווערט משה שטיין, צוזאַמען מיט אַנ־דערע, באַפרייט. אין אָגהויב 1942 ווערט ער מאָביליזירט אין אַנדערסעס אַרמיי אין מיטל־אַזיע אין דער שטאָט בוזוליקי, ביי טאַשקענט, ניט ווייט פון דער באַנ־סטאַציע קאָכמאַנסקאַיאַ, אַלס אָפיצער פון דריטן פּלוטאָן פון פינפטן פּולק, זעקסטע דיוויזיע.

צוליב דעם וואָס אַנדערסעס אַרמיי איז נישט פריי געווען פון אנטי־יידישע

שטרעמונגען, האָט זיך דער יידישער אונטער־אָפיצער, משה שטיין, געגעבן אַן אַרישן נאָמען: יוזעף פּיאָנטקאָווסקי.

אין יאַר 1943, ווען גענעראַל בערלינג האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער סאָוויעטישער מאַכט וועגן שאַפן אַ פּוילישע דיוויזיע, איז משה שטיין אַריינגע־טראָטן אין דער טאַדעאוש קאָשציושקאָ דיוויזיע.

ער הויבט אָן זיין דינסט אין שטאַב פון דער דיוויזיע אין דער ראַנגע פון אָפיצער פון ערשטן גראַד (כאָראָנזשי). אַלס אָפיצער נעמט ער אנטייל און פירט אָן מיט גרויסע שלאַכטן אויפן פראָנט הינטער סמאָלענסק, ביי לענינאָ. אין די שלאַכטן צייכנט ער זיך אויס מיט העלדישקייט און ווערט פאַרוואונדעט. אין שפּי־טאָל ווערט ער אָפּעריערט און די אַכטע און נײַנטע ריפּ פון דער רעכטער זייט ווערן ביי אים אַמפּוטירט. אין מערץ 1944 ווערט ער צוריק איינגעגלידערט אין דער אַרמיי, אין דער דריטער דיוויזיע. נאָכן איבערטרעטן די פּוילישע גרענעץ ווערט משה שטיין איבערגעשיקט אין דער פּוילישער אָפיצערן־שולע פאַר פוסגייער שפּעטער ווערט ער איבערגעטראָגן אין דער טעכנישער לופט־פליער־שולע, וועלכע ער ענדיקט אַלס אָפיצער (פּאָד־פּאָרוטשניק). ער ווערט צוגעטיילט צו דינסט אין גענעראַל־שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי. אין ניי־יאָר 1945 אַוואַנסירט ער צו דער ראַנגע פּאָרוטשניק. משה שטיין (פּיאָנטקאָווסקי יוזעף) צייכנט זיך אויס מיט זיינע מיליטערישע, אָרגאַניזאַטאָרישע און טעכנישע פעאיקייטן און אין רעזולטאַט פון זיינע לייסטונגען און פאַרדינסטן ווערט ער דעם 22 יולי 1945 באַשטימט אַלס קאַפּיטאַן. ער ווערט באַשטימט אַלס לעקטאָר פון דער טעכנישער שולע פאַר לופט־פליער־אָפיצערן.

משה שטיין האָט ערלעך און געוויסנהאַפט געקעמפט אין דער פּוילישער אַר־מיי. אין קאַמף פאַר באַפרייען פּוילן האָט ער אַוועקגעגעבן זיינע פעאיקייטן און געאַרבעט אויף אַלע מיליטערישע געביטן. ער האָט אויך זיין געזונט אַוועקגעגעבן, ער איז געוואָרן אַן אינוואַליד. דער פאַקט איז באַשטעטיקט דערמיט, אַז אין מאַי 1946 איז ער דעמאָביליזירט געוואָרן אויפן גרונט פון דער מיליטערישער מעדי־ציניש קאָמיסיע, און אויפן באַפעל פונם פּולקפירער פון דער טעכנישער לופט־פליער־שולע פאַר אָפיצערן.

אין דער זעלבער צייט, ווען משה שטיין, האָט העלדיש געקעמפט פאַר אַ פרייִ פּוילן, צוזאַמען מיט טויזנטער זיינע יידישע חברים, האָט דער יידישער ישוב אין פּוילן דורכגעמאַכט די שרעקלעכסטע און טראַגישסטע געשעענישן אין דער וועלט־

געשיכטע. פון די נאַציש, מערדערישע הענט זיינען געפאַלן זיינע עלטערן, צוויי ברידער, אברהם און מאָטעק, און די שוועסטער עווע.

פיל יידישע יוגנטלעכע פון פוילן האָבן נישט געוואָלט זיין אונטער דער נאַציישער אָקופּאַציע, דעריבער זיינען זיי אַוועק פון פוילן אויף די סאָוויעטישע געביטן. דאָרטן זיינען זיי אין יאָר 1941 מאָביליזירט געוואָרן. אין דער רויטער אַרמיי און געווינט אין אַלע פּאָרמאַציעס. אנטיילגענומען אין די שלאַכטן קעגן די דייטשן און זיך אויסגעצייכנט אין אַלע קאַמפן.

אין רעזולטאַט פון די פּאַרהאַנדלונגען פון וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ און גענעראַל בערלינג מיט דער סאָוויעטישער מאַכט, איז ענדע 1942 אנטשטאַנען די פּוילישע דיוויזיע אויפן נאָמען פון פּוילישן העלד טאַדעוש קאָשציושקאָ.

די פּוילישע בירגער פון דער סאָוויעטישער אַרמיי זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אין דער ניי־געבילדעטער פּוילישער דיוויזיע, בתוכם אלע פּוילישע יידן.



דאָס בילד ווייזט אונדז די דריי ברידער פּאָלער פון וואַרשע. די צוויי אין די אוניפאָרמען זיינען: עדוואַרד פּאָלער און יעקב פּאָלער, פון פאַך עלעקטראָמאָנטערן און מעכאַניקער. דאָס זיינען יידישע לופט־פליער, אונטעראָפיצערן פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, און זייט דער אַנטשטייאונג פון דער דיוויזיע טאַדעוש קאָשציושקאָ — אין דינסט פון דער פּוילישער אַרמיי. דער מיטלסטער, איגנאַץ פּאָלער, איז געבליבן אין פּוילן און מיטגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גהינום פון דער נאַציישער טיראַניע. ער איז געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אוישוויץ ביז זיינע ברידער האָבן אים באַפרייט.



דאָס בילד ווייזט אונדז צוויי יידישע פּאַרטיזאַנער. רעכטס איז משה גאָראָוויטש, שטאַמט פון פּראַגע ביי וואַרשע; לינקס — אהרן קראַקאָווסקי פון מינסק־מאַזאָ־וויעצק, לערך 30 קילאָמעטער הינטער וואַרשע.

* * *

יידן האָבן ווירדיק געקעמפט, געהאָלפן פאַרטרייבן די דייטשן און באַפרייען פּוילן. די יידישע קעמפער האָבן געמיינט, אַז נאָכן באַפרייען פּוילן, וועט די קליינע צאָל איבערגעבליבענע יידן געפינען רו, אַרבעט און ברויט אין זייער אַלטן געבורטס־לאַנד. אַלס דאַנק פאַר די לייסטונגען פון די יידישע גבורים, האָבן פּוילישע פאַר־ברעכער, וואָס זיינען אין די נאַצי־צייטן געווען דינער פונם היטלעריסטישן רעזשים, געמאַכט מאָרד און רויב אָנפאַלן אויף יידן!

Wstrząśnięci do głębi nową ohydną zbrodnią faszystowskich zbirów, zawiadamiamy o tragicznej śmierci naszych drogich towarzyszy, członków Religijnego Ośrodka Produktywizacji Młodzieży Żydowskiej „Mizrachi" w Łodzi

**B. P.**

**ABRAMA PERLA** ur. w r. 1920 w Kuźnicy

**SZMULA RICHBARDA** ur. w r. 1925 w Zduńskiej Woli

**CHILA FRYDMANA** ur. w r. 1919 w Rykach

**FELI STAROWINSKIEJ** ur. w r. 1925 w Radomsku

którzy przeżywszy 6-letnią katorgę obozów hitlerowskich padli od kul reakcyjnych bandytów w chwili gdy zdawało się im, że wieloletnie marzenie o wolnej i niepodległej ojczyźnie - Palestynie przyoblekać się już zaczyna - szaty rzeczywistości

Padli na posterunku wytężonej pracy syjonistycznej dnia 28. 2. 46 pod Piotrkowem, udając się w sprawach służbowych do Krakowa.
Cześć drogiej pamięci młodych towarzyszy, którym okrutny los nie pozwolił na realizację ich najświętszych ideałów

**Pogrzeb odbędzie się w niedzielę, dn. 3 marca o godz. 12-ej z domu kibucu „Mizrachi" Południowa 20.**

**CENTRALNY SEKRETARIAT**
Religijnych Punktów Produktywizacji Młodzieży Żydowskiej „Mizrachi" w „Ichudzie" w Polsce.

**SEKRETARIAT** Punktów Produktywizacji „Mizrachi" w Łodzi

די קלעפּסידרע איז אין דער פּוילישער שפּראַך, און איר אינהאַלט איז, אַז פאַשיסטישע פאַרברעכער האָבן דעם 28־טן פעברואַר 1946 ביי פּיאָטרקאָוו דערמאָרדעט פיר „מזרחי"־מיטגלידער פון פּראָדוקטיוויזאַציע־אַמט פאַר דער רעליגיעזער יידישער יוגנט אין לאָדזש. דאָס זיינען:

אברהם פּערל
שמואל ריכבארד
יחיאל פרידמאַן
פֿעלע סטאַראָווינסקאַ.

די פיר אומגעבראַכטע זיינען געווען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און איבערגעלעבט די שוידערלעכסטע טראַגעדיעס."

* * *

דער יידישער וועטערינאַר־דאָקטאָר ישראל גאַלער, געבוירן דעם 20 אָקטאָבער 1897 אין קראָקע (פּוילן), איז מיט זיין גאַנצער פאַמיליע: אַ פרוי מיט צוויי קינדער, דער זון דוד און דאָס 13־יאָריקע טעכטערל רענאַ, פאַרשלעפּט געוואָרן דעם 5 אויגוסט 1943 אין טרויעריק־באַקאַנטן קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגן־בעלזן.

דאָרט זייַנען זיי צעשיידט געוואָרן און דורכגעמאַכט די שווידערלעכסטע און גרוי־זאַמסטע איבערלעבונגען. מאָראַלישע און פיזישע ליידן, הונגער, נויט און קעלט האָבן באַגלייט זייער געפּייניקט לעבן. ענדלעך , אין דער העלפט פון יאָר 1945 האָט די נאַצי־מאַכט געליטן אַ־ר פאַרדינטע, צעשמעטערנדע מפּלה. אין די פאַרוויס־טאַרשירנדע אַליאירטע אַרמייען האָבן זיך באַפּייליקט יידישע העלדן, וואָס האָבן אויפן מזבח פון פעלקער־פרייהייט פיל לעבנס אַוועקגעגעבן. נאָך דער אַנטגילטיקער באַפרייאונג פון די נאַצי־פּייניקער איז ד״ר ישראל גאַלער געפאָרן קיין פּוילן אין זיין געבורטס שטאָט זיך צו טרעפן מיט זיין פאַמיליע, פריינט און באַקאַנטע. דער גליקלעכער צופאַל איז געווען, אַז ער האָט זיך נעטראָפן מיט זיין פרוי און קינ־דערלעך. אינם באַפרייטן פּוילן האָט זיך ד״ר גאַלער אַנטוישט. אין דעצעמבער 1945 טרעט ער אריין מיט זיין פאַמיליע אין קיבוץ „גורדוניה״ און שטעלט זיך אין דינסט פון דער צענטראַלע פאַר פּראָדוקטיוויזאַציע־פּונקטן אין פּוילן. ער שטרעבט מיט זיין פאַמיליע און מיט זיינע פאָלקס־ברידער און שוועסטער עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל אַלס פּראָדוקטיווע מענטשן. דעם 2 מאַי איז אַ לאַסט־אויטאָ מיט 26 מיטגלידער פון קיבוץ „גורדוניה״ געפאָרן קיין קראָסציענקאָ אין קרייז נאָווי־טאַרג. א האַלבן קילאָמעטער פאַר דער שטאָט קראָסציענקאָ איז דער לאַסט־אויטאָ באַפאַלן געוואָרן דורך 8 פּערזאָן אין פּוילישע מיליטערישע אוני־פאָרמען, דערביי איז איינער געווען אַן אָפיצער (פּאָרוטשניק) און האָט דערקלערט, אַז קיינער זאָל נישט קיין מורא האָבן, ווייל דאָס איז נאָר אַ קאָנטראָלע פון דער זיכערהייטס־מאַכט. דער רעזולטאַט פון דער „קאָנטראָלע״ איז געווען, אַז די גרופּע פּוילישע, בעסטיאַלישע מערדער האָבן געעפנט אַ שיסעריי און 13 פּערזאָן זייַנען דערשאָסן געוואָרן. ד״ר גאַלער איז פאַרוואונדעט געוואָרן און געבליבן אַן אינוואַליד, (די לינקע האַנט איז ביי אים פּאַראַליזירט). זיין זון דוד איז דערמאָרדעט געוואָרן, און די טאָכטער רענאַ פאַרוואונדעט אין ביידע פיס. צווישן די דערמאָרדעטע געפינט זיך דער העלדישער, יידישער פראָנט־קעמפער, דער 26־יעריקער יעקב פינקעלשטיין, וואָס האָט געקעמפט אויף אַלע פראָנטן, פון לענינגראַד ביז בערלין, און איז געווען אויסגעצייכנט מיט פיל אָרדערס. צווישן די דערמאָרדעטע זיינען אויך געווען: דער פּאַרטיזאַנער אייזיק ביניונסקי און ישראל פלאַם, וואָס איז געפאָרן קיין פּוילן ברענגען זיינע עלטערן קיין בייערן.

די צענטראַלע פון פּראָדוקטיוויזאַציע־פּונקטן „גורדוניה״ אין פּוילן האָט אַרויסגעגעבן אַ קלעפּסידרע פון פאָלגנדן אינהאַלט: „אויפגעטרייסלט ביז אין טיפסטן,

גיבן מיר באַקאַנט וועגן טראַגישן טויט פון אונדזערע חברים, וואָס זיינען געפאַלן פון די פאַרברעכערישע הענט פון נ. ס. ז. דעם 2 מאַי 1946.

יעקב פינקעלשטיין
ישראל פלאַם
רחל שאַפּירא
ליובע שאַפּירא
אייזיק ביניונסקי
אברהם וויגאָדאַ
יוסף גליוויצקי
דבורה וויגאָדאַ
רחל ביניונסקאַ
יוסף גאַלער
רחל האָלאַנד
טעמע האָלאַנד
שלאָסער

צענטראַלע פון פּראָדוקטיוויזאַציע־פּונקטן
„גורדוניה" אין פּוילן."

דאָס איז דער טראַגישער אמת פונם יידישן לעבן אין פּוילן. דאָס איז די באַלוינונג פאַר די יידן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר באַפרייען פּוילן פונם נאַצישן יאָך.



# משה גרין

דאָס מאָביליזאציע=צעטל צו דערפילן דעם בירגערלעכן חוב האָט משה גרין געמאכט פאר א פוילישן מיליטער=מאן, אָבער דער ווילן צו צעשטערן דעם היטלעריסטישן רעזשים פון רויב, מאָרד און טיראניע האָט אים געמאכט פאר א פריי=הייטס=קעמפער.

נאָך דעם ווי פוילן האָט פארשפילט דעם קריג צו דייטשלאנד האָט משה גרין זיך צוריקגעקערט אין זיין וווין=אָרט ווארשע, וווּ ער האָט געהאט א שיך=געשעפט אויף דער טווארדע גאס.

די נייע קריגס=פאָרמען, וואָס האָבן אויסגעאיבט זייער ווירקונג אויפן געזעלשאפטלעכן לעבן, און די אטמאָספערע, וואָס די דייטשע אָקופּאציע=מאכט האָט איינגעפירט, האָט אוממעגלעך געמאכט פאר אים — אלס געוועזענער קאוואלעריסט פון 12=טן קרעמעניצער אולאַנען=פּאָלק — צו לעבן אין ווארשעווער געטאָ, און ער אנטלויפט דעם ערשטן יאַנואַר 1942 אין דער ריכטונג פון זיין געבורטס=אָרט אין לובלינער קרייז. ער קומט אָן אין דער קליינער אָרטשאפט סעראַקאָמלאַ ביי לוקאָוו, לובלינער קרייז. ער האלט זיך דאָרט אויף 6 חדשים און אָרגאניזירט א גרעסערע

פּאַרטיזאַנער־גרופּע. עס קומט אָן די טראַגישע צייט — די יידן־פאַרניכטונג אין סעראַקאָמלאַ. דאָס שטעטעלע ווערט ארומגערינגלט דורך נאַצישע מערדער און זייערע דינער. עס געלינגט אים דאָך מיט געווער אין האַנט דורכצורייסן דעם נאַצישן קאָרדאָן, און ער קומט אָן מיט זיינע מענטשן אין וואַלד אריין. ער אָרגאַניזירט א גרעסערע צאָל יונגע יידישע קאַמפּסלוסטיקע מענער פון יאַראָמאָוו, און זיין אָפּטיילונג באַקומט דעם נאָמען פּאַרטיזאַנער־גרופּע „קאַלינין".

ער שטעלט זיך גלייך אין פאַרבינדונג מיטן רוסישן מאַיאָר סעראַפין, וועלכער איז אַנטלאָפן פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. סעראַפין האָט צוגעשטעלט דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע „קאַלינין" געווער און פאַכמענישע אָנווייזונגען.

משה גרין איז באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען „מאָניעק" און אלס קאָמענדאַנט פון דער קאַלינין־גרופּע האָט ער געאַרבעט פלייסיק און ערנסט, בכדי צו דערפילן די גענומענע אויף זיך פליכטן.

די „קאַלינין"־גרופּע האָט זיך באַשעפטיקט מיט:

1. אויפרייסן דייטשע טראַנספּאָרטן מיט אַמוניציע אָדער מיליטער, דורך אונטערלייגן מינעס אונטער די רעלסן.
2. אַנגריפס־קאַמפן מיט די דייטשן אויף די וועגן.
3. אויסראָטן קאָנפידענטן און פּראָוואָקאַטאָרן.
4. קאָנטינגענטן־סאַבאָטאַזש, דורך צונעמען די באַשטימטע פּראָדוקטן פון די פּויערים און פאַנאַנדערטיילן זיי צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג.
5. פאַרניכטן מאַשינען, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר דער דייטשער ווירטשאַפט.
6. אויפרייסן בריקן.
7. פאַרניכטן דייטשע באַפעלן און פאַראָרדענונגען.

די אַקציעס זיינען פאָרגעקומען אָרגאַניזירט און פּלאַנמעסיק. אין יעדן אָרט זיינען געווען פּאַרטרויאונגס־מענער, וועלכע האָבן צוגעשטעלט גענויע אינפאָרמאַציעס.

אין פעברואַר 1944 האָט „מאָניעק" באַקומען די ידיעה, אַז עס דאַרף דורכפאָרן א צוג מיט אַמוניציע און מיליטער צום זשיטאָמירער אוקראַאינישן פראָנט. גלייך איז אָרגאַניזירט געוואָרן די אַקציע. נישט ווייט פון דעם שטעטעלע אָקזשעי איז אונטערגעגראָבן געוואָרן די באַן־ליניע און אונטערגעלייגט געוואָרן אַן אַכטפונטיקע מינע. דער צוגעבונדענער שטריק צו דער מינע האָט דערגרייכט אין וואַלד אַריין. די נאַכט איז געווען א העלע, דער אַרומיקער האָריזאָנט ווייס פון שניי. מאָניעק מיט זיינע חברים שטייען אויפן קאַמפּס־פּלאַץ גרייט צו דער אַקציע. מען איז אומגערוהיק, עס פאַלט א פייכטער שניי. אַלע ווערן דורכגעפייכט און דורכגעפרוירן, אָבער קיינער לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם, ווייל זיי דאַרפן א הייליקע אויפגאַבע דערפילן פון נקמה נעמען פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, דורך פּאַ־

ראַליזירן און פאַרניכטן די דייטשע קאַמפּס-פעאיקייט. ענדלעך 7 אָווגוסט איז דער צוג אַנגעפאָרן. בײַם פערטן וואַגאָן האָבן די פאַרטיזאַנער אַ צי געטאָן די שטריק און די מינע האָט אויפגעריסן. דער צוג איז געפלויגן אין דער לופטן. די אַמוניציע פון צוג האָט עקספּלאָדירט. 400 דייטשן זײַנען גלײַך געפאַלן טויט און די איבע-ריקע פאַרוווּנדעט. די יידישע „קאַלינין"-פּאַרטיזאַנער זײַנען אַרויס פון דער אַק-ציע אָן פאַרלוסטן. שטאַלין און מוט האָט זיי באַהעריטט און פאַר פרייד האָבן זיי זיך צעקושט.

מאַניעק האָט באַקומען די ידיעה, אַז זײַן שוועסטער פון סעראַקאָמלאַ, מלכה גרין, 28 יאָר אַלט, מיט איר קינד לייבעלע, אַ ייִנגעלע פון 3 יאָר, האָבן אויסגע-מיטן דעם טויט בעת דער אַקציע און זײַנען אַנטלאָפן צום פּוילישן לאַנדווירט איגנאַצי פּאָניאַטאָווסקי. דאָס האָט באַמערקט, דער פּוילישער אויסוואָרף, פּראָוואָ-קאַטאָר און שפּיצל, באָלעק שווירעד. ער איז איר נאָכגעלאָפן, בײַ איד צוגערויבט אַלע ווערטפּולע הפצים און דאָס געלט און דאַן געמאָלדן דער „געסטאַפּאָ". אין רעזולטאַט דערפון איז זי מיטן קינד דערשאָסן געוואָרן. דאָס זעלבע האָט ער גע-מאַכט מיט פיל יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. צוליב אים זײַנען פיל אומ-געבראַכט געוואָרן. פון איין בווידעס-באַהעלטעניש זײַנען 18 יידן דערשאָסן געוואָרן. די טאַטן פונעם רעגענעראַט זײַנען באַשטעטיקט דורך מאַסגעבנדע עדות און נעמ-לעך: דורך דער פּוילישער פרוי באָלקאָוואַ פּיעטשאַק און דורכן לאַנדווירט איגנאַצי פּאָניאַטאָווסקי. דער באַשלוס איז געפאַלן: אַראָפּרוימען דעם פּראָוואָקאַטאָר. אין חודש יוני 1943 איז מאַניעק אַליין אַרײַן אין דער וווינונג פונעם פּראָוואָקאַטאָר און מיט רעוואָלווער-שאָסן אָפּגעווייניטן דעם פאַרברעכער, וואָס האָט פיל יידישע לעבנס אומגעבראַכט.

די פּאַרטיזאַנער-גרופּע „קאַלינין" איז געווען פאַרבונדן מיט מאָסקווע און איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון די סאָוויעטישע ריווערסאַנטן-קרעפטן. דער הויפּט-שטאַב פון די קרעפטן האָט זיך געפונען אין די וואָלאָדאַווער וועלדער און אַנגעפירט געוואָרן דורך די רוסישע גענעראַלן קאָלפּאַק און פיאָטדאָוו. זיי האָבן דירעקט פון מאָסקווע באַקומען באַוואָפענונג, שפּייז און מעדיקאַמענטן, אַלץ דורך דער לופט. יערער אינסטרוקטאָר פון אַ פּאַרטיזאַנער-גרופּע האָט יערע וואָך באַלייגט אַ ראַ-פּאָרט, באַקומען אינסטרוקציעס און מיטלען. אַלע באַפעלן זײַנען שטרענג אויס-געפירט געוואָרן הונדערט פּראָצענטיק.

די פּאַרטיזאַנער-גרופּע „קאַלינין" האָט זיך אויסגעצייכנט אין זייער פיל אַק-ציעס: פאַרהאַלטן אומצאָליקע דייטשע אויטאָס אויף די וועגן, צוגענומען דאָס געווער און מונדירן. ווען די דייטשן פלעגן שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, זײַנען די אויטאָס פּוליטשענדיק צעשטערט און פאַרברענט געוואָרן און זיי אַליין — דער-שאָסן געוואָרן.

אין אַפּריל 1944 זײַנען די „קאַלינין"-פּאַרטיזאַנער צוזאַמען מיט רוסישע פּאַרטיזאַנער, וואָס זײַנען אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט און געקומען פון רעסאַנטן,

אין א צאָל פון 120 פּערזאָן, אַריין אין דער שטאָט לוקאָוו אויף אַן אַקציע. די שטאָט האָט נעציטערט. די דייטשן זיינען אנטלאָפן, די פּוילישע פּאָליציי האָט זיך אויס־באהאלטן, דאָס נעלט פון דער באנק און פּאָסט איז צוגענומען געוואָרן, אנטוואָפנט די וואך פון דער תפיסה און באפרייט אלע ארעסטירטע, מערסטנטייל פּאָליטישע. אויף דער ווארשאווסקע 28 ביי דער טראאוגוטאַ אינם פּאָליציי־באַצירק איז פאָר־געקומען א העפטיקער קאמף. נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן זיך אונטערגעגעבן, זיינען אריין 2 פּארטיזאנער אין דער פּאָליציי־געביידע דורכזוכן דאָס הויז. פאר־שטעקטע דייטשן האָבן דאן צו זיי געשאָסן און זיי זיינען אין העלדישן קאמף געפאלן. דאָס זיינען: משה מרדכי מאָרדקאָוויטש פון קאָצק, 26 יאָר אלט, און סאשא, א רוסישער פּארטיזאנער, וואָס איז נעקומען דורך א דעסאנט און שטאמט פון קאַווקאז.

אויף דעם אקט האָבן די „קאלינינסטן" נעענטפערט מיט מינירן דאָס הויז און אין א פּאָר מינוט שפּעטער איז פונם הויז געוואָרן א צעשטערטע חורבה. 17 מוגדירטע דייטשן זיינען דערשאָסן געוואָרן און 22 געגומען געוואָרן אין נעפאנ־גענשאפט. עס זיינען אויך גענומען געוואָרן אין נעפאנגענשאפט 3 פּוילישע פּאָ־ליציאנטן. די פּארטיזאנער האָבן אָפּעריִרט מיט קורץ געווער און גראנאטן.

אין מאי 1944 האָט איינער פון מאָניעקס פּארטרויאונגס־מענער ראַפּאָרטירט, אַז אין וואַלד קזשיוודא ביי אדאמאָוו האָבן די דייטשן דערשאָסן יידן. עס איז גלייך מיט א גרופּע אהינגעגאנגען, און נאָך א קורצער אויספאָרשונג פעסטגעשטעלט, אז דאָרט איז געווען א בונקער פון 50 יידן, מערסטנטייל זקנים, פרויען און קינדער. די דייטשן האָבן אריינגעוואָרפן גראנאטן אינם בונקער, און די יידן זיינען אויס־געמישט געוואָרן מיט דער ערד. אויף א לאנגן שטח פון וואלד האָבן זיך געוואלגערט הענט, פיס און אנדערע קערפּער־טיילן.

די אויפרעגונג פון די פּארטיזאנער „קאלינין" איז געווען זייער שטארק און גלייך האָט מאָניעק אָרגאניזירט זיינע יידישע חברים אין א צאָל פון 180 פּערזאָן, און די זעלבע נאכט אריין קיין אדאמאָוו ביי לוקאָוו. די יידישע פּארטיזאנער האָבן געקעמפט קעגן די פארברעכער, וואָס האָבן דערמאָרדעט זייערע שוועסטער און ברידער. העלדיש האָבן זיי פּארטיידיקט דעם כבוד פונם יידישן פאָלק מיט געווער אין האנט. זיי האָבן געשאָסן מיט גראנאטניקעס. צוליב דעם שארפן ווידערשטאנד פון די דייטשן האָבן די פּארטיזאנער אונטערגעצונדן די שטאָט. די דייטשן זיינען פּהדנותדיק אנטלאָפן פון דער שטאָט. עס זיינען געפאלן 30 דייטשן טויט און 6 זיינען גענומען געוואָרן אין געפאנגענשאפט. 20 פּראָצענט הייזער פון דער שטאָט זיינען צעשטערט געוואָרן.

יאָ, די „קאַלינינסטן", די יידישע פּארטיזאַנער, האָבן מיטגעהאָלפן צום פּאַר־ניכטן דעם נאציאָנאַל־סאָציאליסטישן רעזשים אין אייראָפּע דורך זייער דיווערסיע־ארבעט, און איצט העלפן זיי מיט קאָנסטרוקטיווער ארבעט אויפבויען די יידישע מדינה, צו קענען זיכערן דעם יידישן פאָלק אַ רואיק לעבן אין זייער לאַנד.

---



# בנימין ראַצלאַוו

אין סעפּטעמבער 1939 זיינען די דייטשן אַריינגעקומען אין שטעטעלע סאָקאָלע, קרייז וויסאָקע מאַזאָוויעצקע. דאָס ערשטע פאַרברעכערישע שטיקל אַרבעט זייערס, איז געווען אונטערצונדן דאָס שטעטעלע. די דערשראָקענע איינוווינער האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן פון די ברענענדע הייזער. די דייטשע רוצחים האָבן נאָכגעשאָסן די אַנטלויפנדע מענטשן און דערביי זיינען 15 יידן געפאַלן טויט און איין דריטל הייזער פון דער שטאָט זיינען פאַרברענט געוואָרן.

נאָך עלף טעג ווילקירלעכן הערשן און אויספּלינדערן סאָקאָלע זיינען די דייטשן אַוועק, ווייל דער גאַנצער געביט איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די סאָוויעטן.

ווען די סאָוויעטן זיינען אריינגעקומען, האָבן די יידן פריי אָפּגעאָטעמט פון דער פאַרסמטער אַטמאָספערע פון עלפטאָגיקער דייטשער הערשאַפט.

יידן האָבן גלייך פאַרנומען אנטשפּרעכנדע אמטן אין ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

לאנג האָט די אידיליע אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט נישט געדויערט.
דעם 26 יוני 1941 האָבן די דייטשע הענקער, אין רעזולטאַט פון איבערפאַל אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, אריינגעריסן זיך ווידער אין דעם זעלבן שטעטעלע סאָקאָלע. די ערשטע זיינען ארעסטירט געוואָרן 10 פערזאָן אין פאַרדאַכט פון קאָמוניסטישער טעטיקייט. דאָס זיינען געווען: בנימין ראצלאוו, ווירטשאַפטס־לייטער פון דער שטאָט, ראצלאוו האָט פארוואלטעט מיט דער מיל און מיט דער שטאָטישער עלעקטראָסטאַנציע; חיים שמעון לאַפּטשינסקי, וויצע פּאָרזיצנדער פון שטאָט־ראַט און רעדאַקטאָר פון דער פּוילישער צייטונג „איסקראַ", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין לאַפּי; דוד קאָטיק, ביבליאָטעקאַר פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק; הערש שעדלינסקי, קאַסירער פון „מאָפּר" און אנדערע, וואָס האָבן פארנומען ענלעכע געזעלשאַפטלעכע אמטן. אכט פערזאָן פון די צען האָבן זיך דורך א צופאַל ארויסגעדרייט פון די דייטשע הענט און צוויי: בנימין ראצלאוו און חיים שמעון לאַפּטשינסקי, זיינען פארמשפט געוואָרן צום טויט. די פאַראורטיילטע האָבן נישט געוואַרט אויף קיין ניסים, נאָר זיינען גלייך פארשוונדן פון דער תפיסה און אוועק קיין ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק האָבן זיי זיך נישט געפילט זיכער. פּאָלאַקן, פאַשיסטישע דינער און דייטשע אונטערלעקער, וואָס האָבן זיי געקענט, האָבן זיי אנגעהויבן טעראָריזירן. דער באָדן האָט אנגעהויבן ברענען אונטער די פיס. זיי פארלאָזן די שטאָט און קומען אָן קיין סופּראַסל, 15 קילאָמעטער פון ביאַליסטאָק. דאָרט האָבן זיי געארבעט א האלב יאָר אין א טאַרטאַק. בנימין ראצלאוו און חיים שמעון לאַפּטשינסקי פילן זיך מאָראַליש געטראָפן פון טראָגן שאַנד־צייכנס. די ערשטע פיר הדשים האָבן פארפליכטעט ווייסע אָרעמבענדער מיט א בלויען „מגן־דוד", און שפּעטער — די געלע לאַטעס: איינע אויף דער לינקער ברוסט און די צווייטע אויף דער רעכטער זייט פון רוקן. זיי מעלדן זיך דערי‌בער פרייוויליק צו ארבעטן אין וואלד, ווייל דאָרט האָט נישט פארפליכטעט צו טראָגן די געלע לאַטעס.

ביסלעכווייז האָבן זיי זיך אנגעהויבן באַקענען מיט דער אומגעבונג, מיט די וועלדער, און מיט די סופּראַסלער און קילישינער ווי סטעס, וואָס האָבן זיך געצויגן ביי 80 ביז 100 קילאָמעטער, דערגרייכנדיק ביז וואָלקאָוויסק, זאַבלודאָוואַ, סאָקאָלקאַ, סוויסלאָטש און אנדערע.

דעם 28 יולי 1942 האָבן זיי זיך צופעליק באַקענט מיט דריי סאָוויעטישע קריגס־געפאנגענע, וואָס זיינען צוגעטיילט צו ארבעט ביי פויערים, און זיינען פון זיי אנטלאָפן. ראצלאוו און לאַפּטשינסקי האָבן זיך באפריינדעט מיט די דריי סאָוויעטישע אויסגעשולטע מיליטער־לייט. זייערע נעמען זיינען: סאשא, איפּטאַש און ארקאדי.

דורך דעם דאָרט פליסנדן טייך זעלווא זיינען אָנגעקומען אַנטלאָפענע יידן פון געביט, וואָס איז דורך די דייטשן אנגערופן געוואָרן אָסטלאנד, און געבראַכט די טראַגישע ידיעות, פון די דייטשע מערדערייען און יידן־פארניכטונגען.

ראצלאוו, לאפּטשינסקי און די דריי רוסן הויבן אָן אן ענערגישע פאַרבערײ־
טונגס־ארבעט צום וואלד־לעבן. עס ווערן געמאכט אייניקע קארטעס זיך צו אָריענ־
טירן אין דער אומגעבונג און עס ווערן ווערבירט מענטשן. די ערשטע זיינען צו־
געשטאנען פון דער שטאָט סופּראַסל: פיין דיירוס און לייבל פּודלאָווסקי, געקומענע
פון לאָדזש געוווינט צוויי יאָר אין סופּראַסל הינרע קאָן מיט אירע צוויי ברירער,
משה און חיים קאָן פון זרונסקאַ וואָלא, עליאש בוימאַין, פּרוי בוימאין און פּאוועל
קאָזיעין.

די גרופּע איז געוואקסן פון טאָג צו טאָג, ביז זי האָט דערגרייכט די צאָל פון
150 פּערזאָן. די אויפגאַבן און אַרבעטן זיינע פאַרטיילט געוואָרן לויט די פעאי־
קייטן. אין די דריי ווינטער הרשים האָבן די פּארטיזאנער געוווינט אין וואלד־הייל
(זעמליאַנקעס) און אין די איבעריקע הרשים גאַנץ איינפאַך אין וואַלד.

דאָס ערשטע געווער האָבן די פּארטיזאנער זיך פארשאפט פאר געלט. גע־
קויפט ביי וואלד־וועכטער און ביי פּויערים. דאָס איבעריקע געווער דעראָבערט דורך
קאמף מיט די דייטשן.

די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָט זיך דערוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון דער
פּארטיזאנער־גרופּע און האָט ארויסגעשיקט א ספּעציעלע עקספּעדיציע פון דייטשע
זשאַנדאַרן, פּוילישע פּאָליציי און וואלד־וועכטער אין א צאָל פון 60 פּערזאָן.

דעם 22 נאָוועמבער 1942 איז פאָרגעקומען א גרויסע שלאכט צווישן די פּאר־
טיזאַנער און דעם פיינט. האַלב צוועלף פארמיטאָק האָט דער פיינט אָנגעהויבן
אטאקירן פון דער זייט פון דאָרף טרעשטשאָנאָי. די פּארטיזאנער האָבן פארנומען
גינסטיקע פּאָזיציעס אין דער בערגיקער געגנט. די קאמפן האָבן געדויערט ביז אין
אָוונט. ווען עס איז טונקל געוואָרן, האָבן זיך די דייטשן אין פּאניק צוריקגעצויגן.
פון דער דייטשער זייט זיינען געפאלן: איין פּוילישער פּאָליציאנט, צוויי וואלד־
וועכטער און עטלעכע זשאַנדאַרן זיינען פארוווּנדעט געוואָרן. די פּארטיזאנער
האָבן דעראָבערט ווערטפולן און נויטווענדיק געווער: איין עסטרייכישע ביקס,
איין סקאָדא־אויטאָמאט, איין דייטשע ביקס און צוויי רוסישע ביקסן. אין די
שלאכטן האָבן די פּארטיזאנער אויך געהאט פארלוסטן. אין הערואישן קאמף איז
מיט אַ העלדישן טויט געפאַלן מיכאל, אַ קרינקער ייד אין עלטער פון 36 יאָר,
אין אַ צווייטער הבר מיכאלס, אויך אַ קרינקער ייד, איז פאַרוווּנדעט געוואָרן.

איינס אזייגער ביינאכט האָבן זיך די פּארטיזאנער איבערגעטראָגן פונם וואלד
נעבן דאָרף טרעשטשאָנאָי אין אן אנדערן, צוליב קאָנספּיראטיווע טעמים. די פּאר־
טיזאנער זיינען זייער אָפט געקומען אין ביאליסטאָקער געטאָ און ווערבירט מענטשן,
קאמפּסלוסטיקע יונגע יידן מיט געווער.

איין מאָל ביי אזא וויזיט אין געטאָ האָבן די פּארטיזאנער אָפּגערוימט צוויי
יידישע דעגענעראטן (מוסרים) יורקאָווסקי און זעלמאנאָוויטש, וועלכע האָבן פאר־
אורזאכט פיל קרבנות אין געטאָ אין רעזולטאט פון זייערע מסירות.

דעם 27 פעברואַר 1943, ווען פיר פּאַרטיזאַנער: ראַצלאַוו בנימין, ד״ר דאַטנער און נאָך צוויי חברים, זיינען אריבער דעם פּאַרקאַן פון געטאָ, זיינען זיי באַמערקט געוואָרן דורך צוויי דייטשן, זיי האָבן געשריגן „האַלט!״ די פּאַרטיזאַנער האָבן גע־ענטפערט מיט פייער. איינער פון די דייטשן איז גלייך געפאַלן טויט אויפן אָרט, און דער צווייטער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. די יידישע פרייהייטס־קעמפער זיינען גלייך אַוועק צו זייער ציל, צום וואַלד.

די דייטשע מאַכט, ווייזט אויס, האָט אַנגענומען די פּאַרטיזאַנער פאַר פּאָלאַקן און האָט צוליב דעם דערשאָסן 200 פּאָלאַקן.

די יידישע פּאַרטיזאַנער פון די סופּראַסלער וועלדער האָבן באַקומען אַ האַרטע שולע פון ווירדיקן קאַמף און געזעלשאַפטלעכע פאַרשטענדעניש.

פיל פון זיי פאַרנעמען היינט אַנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע אַמטן. ראַצלאַוו בנימין געפינט זיך היינט אין בייערן אין דער שטאָט אַנסבאַך, און איז פּאַראַוואַל־טונגס־מיטגליד פון דער יידישער געמיינדע. ד״ר דאַטנער איז איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן, אינם ביאַ־ליסטאָקער קרייז, און האָט אַרויסגעגעבן אַ בראָשור וועגן ביאַליסטאָקער געטאָ. פּאַוועל קאָזיעץ איז קאָמענדאַנט פון דער וואָיעוואָדישער מיליץ אין לאָדזש. בוימאַץ איז וויצע־קאָמענדאַנט פון דער וואָיעוואָדישער מיליץ אין ביאַליסטאָק. זיין ברודער, שלום, איז דירעקטאָר פון דער מלוכהשער פאַבריק „שייבלער״ אין לאָדזש, און זיין פרוי רעגינאַ קאָזיעץ אַרבעט אין ווידערגוטמאַכונגס־ווערק.

אין דער צייט פון דער טיראַנישער היטלערישער הערשאַפט האָבן די פּאַר־טיזאַנער פון די סופּראַסלער וועלדער געפירט אַ מעטיקייט פון צעשטערן און פאַר־ניכטן דעם שונא, און איצט אַרבעטן זיי אויפן געביט פון ווידעראויפבוי און ווידער־גוטמאַכונג.



# יעוועל הפין

ווען עס איז געקומען דער נאצי־איבערפאל אויף פוילן אין יאָר 1939 איז יעוועל הפין — געבוירן דעם 5 יוני 1911 אין וואָראָנאָווע, נעבן ווילנע, פון פאך א שניידער — מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער ארמיי און צוגעטיילט געוואָרן צום 5 פולק פוסגייער־לעגיאָנען.

ער האָט אנטייל גענומען אין די קאמפן אויפן מזרח־פּרייסישן פראָנט און ביים פארטיידיקן ווארשע. דעם 28 סעפּטעמבער 1939 איז ער גענומען געוואָרן אין דייטשער געפאנגענשאפט און צוזאמען מיט אנדערע קריגס־געפאנגענע איז ער עוואקואירט געוואָרן קיין דייטשלאנד. אין מערץ 1941 איז ער צוזאמען מיט א טראנספּאָרט פון 1500 געבראַכט געוואָרן קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ, ווו ער איז אינטער־נירט געוואָרן אין א לאגער. אָפּזייענדיק 6 וואָכן אינם דאָזיקן לאגער, איז ער פון דאָרט אנטלאָפן. ער מאכט דורך א וואנדער־וועג איבער פארשיידענע לאגערן, ווו די אוקראַינישע דעגענעראַטן, געקליידעט אין שוואַרצע אוניפאָרמען, באַציען זיך סאדיסטיש צו די יידן. ווען די היטלעריסטן האָבן געמאכט דעם איבערפאל אויף ראטנפארבאנד איז הפין אוועק אין זיין געבורטס־שטעטל וואָראָנאָוו. אויך דאָרט איז נישט מעגלעך געווען רואיק צו לעבן, ווייל דעם 11 מאי 1941 איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־שחיטה אויף יידן אין וואָראָנאָוו. ער אַנטלויפט ווידער צוזאַמען מיט זיינע צוויי ברידער בערל און פייוול.

אין לידע איז אויך דאָס לעבן בימער, אָבער עס איז פאַר אים דערשינען א נייער האָריזאָנט, נייע מענטשן און נייע מעגלעכקייטן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער אוועקגענומען, פון זיין ארבעטס־פּלאַץ אַן אויטאָמאַט און א פּולעמיאָט פון 12 קילאָ, און זיי איבערגעפירט אין געטאָ. ער אָרגאַניזירט 40 באוואָפנטע יידן, וועלכע זיינען אוועק אין דער נאַליבאָקער פּושטשע, 150 קילאָמעטער פון לידע. ער קומט מיט זיין גרופּע צו א פּארטיזאנער־אָטריאַד, צו דעם קאָמענדאנט בעזלודאָוו. די נייע פּאַרטיזאַנער־גרופּע האָט געוואָלט זיין אין אַ יידישער סביבה און איז אַוועק צום „קאַלינין"־אָטריאַד, שטעלנדיק זיך צו דער דיספּאָזיציע פונם יידישן פּאַר־טיזאנער־קאָמענדאנט טוביה ביעלסקי, וועלכער איז געווען אונטערגעאָרדנט דעם

בריגאַדע־קאָמענדאַנט שעניצקי. דער אָטריאַד איז געווען איינגעטיילט אין 4 אַקציע־גרופּעס: 1) ספּעציאַליסטן צום ארונטערלאָזן באַנען, 2) צום פאַרניכטן דייטשע פּאָסטנס, 3) צעשטערער פון טעלעפאָנישע און טעלעגראַפישע פאַרבינדונגען, און 4) ספּעציאַליסטן אויפצורייסן בריקן. צו די אַלגעמיינע אַקציעס, אויסגערעכנטע אין די 4 פּונקטן, זיינען געווען נאָך אַנדערע אַקציעס, און נעמלעך, פאַרהאַלטן אוי־טאָס אויף די שאָסעען, פאַרכאַפּן אַמוניציע, אוניפאָרמען און לעבנסמיטל. די פּאַר־טיזאַנער זיינען אויך געווען געצוווּנגען צו פירן אַ קאַמף מיט די פּראָ־דייטשע פּוי־ערים, וואָס זיינען געווען אין דינסט פון דער געסטאַפּאָ. צוליב די מסירות פון די פּויערים זיינען אומגעקומען 120 פּאַרטיזאַנער. דער „קאַלינין”־אָטריאַד האָט צוליב דעם אומבּרחמנותדיק באַקעמפט די דערפער, וואָס זיינען געווען אין דינסט פון די דייטשן, פאַרניכטנדיק זיי דורך אונטערצינדן. די „קאַלינין”־פּאַרטיזאַנער האָבן אויך איבערגענומען דעם שוץ איבער 300 פרויען, 200 קינדער און 20 עלטערע רעליגיעזע יידן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער 68 יאָריקער וואָראָנאָווער חזן־שוחט הערש קאָנאָפּקין מיט זיין פרוי און 4 קינדער.

דאָס לעבן אין וואַלד אין די אוממענטשלעכע באַדינגונגען האָט פאַראורזאַכט עפּידעמיעס און אַנדערע קראַנקהייטן. די 3 פּאַרטיזאַנער דאָקטוירים איסלער, הירש און יאַקובאָוויטש האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן היילן די קראַנקע. די פּאַרטיזאַנער האָבן דורך פאַרשיידענע מיטלען ארויסבאַקומען פון די אַפּטייקן די נויטיקע מע־דיקאַמענטן. עס איז מער ווי מערקווירדיק, אַז דער וואָראָנאָווער חזן־שוחט האָט אין אַ זעמליאַנקע אין וואַלד, איינגעאָרדנט אַ שול צום דאַווענען, געשאָכטן פלייש אויף כשר, געבאַקן מצות און דערטיילט חופּה וקדושין כדת משה וישראל. ער האָט אויך דורכגעפירט אַ ברית־מילה איבער אַ ניי־געבוירן קינד.

פון דער מערדערישער היטלעריסטישער שווערד זיינען געפאַלן די נאָענטסטע פון הפּצם משפּחה: זיין מוטער פייגע און 3 שוועסטער מיט 4 ברידער.

דער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „קאַלינין” האָט געקעמפט אויף אַלע געביטן פון דיווערסיע ביים צעשטערן די אַנגריפס־קראַפט פון די דייטשן. צו זייער אָפטע צוזאַמענשטויסן איז געקומען, ווען צעקלאַפּטע דייטשע גרופּעס האָבן זיך צוריק־געצויגן פון די רוסישע פראָנטן. די פּאַרטיזאַנער האָבן נישט דורכגעלאָזט די דייטשן דורך די וועלדער און מיט קראַפט צוגענומען פון זיי דאָס געווער. ביי אַזאַ קאַמף מיט אַ גרעסערער גרופּע דייטשן, אין יולי 1944, זיינען געפאַלן 14 פּאַרטיזאַנער, צ. א. גוטלעווסקי (אַ ליפּניקער פון לידער פּאָוויאַט), גאָרדאָן, אַ שטאַב־מיטגליד, פון פאַך אַ פריזיער פון וואַסילישאָק, ביי לידע, מודריק, אַ בוי־אַרבעטער פון וואַ־סילישאָק און אַנדערע. דער קאָמענדאַנט טוביה ביעלסקי האָט העלדיש געקעמפט און אויף זיין רוף זיינען אויך אַנדערע אָטריאַדן געקומען צו הילף. אַלע דייטשן אין דער צאָל פון 70 פּערזאָן, זיינען געפאַלן אין קאַמף.

דער „קאַלינין”־אָטריאַד איז געווען דער אויסדרוק פון העלדישקייט און אַ דאַנק אים זיינען די 300 פרויען, קינדער און זקנים געבליבן לעבן.

---



# משה פינקעלשטיין

ווען די דייטשע אַרמיי האָט געמאַכט איר טייוולאָנישן מאַרש אויף פּוילן און געווען נאָענט פון לאָדזש, איז דער דאָרטיקער „באָראָכאָוו"־קיבוץ עוואַקואירט געוואָרן קיין וואַרשע, אינם לאָקאַל פון מרכז־ההלוץ אויף דזיעלנאַ נר. 34.

פון טאָג צו טאָג האָט זיך געלאָזט פילן דער באַרבאַרישער טעראָר פון די גערמאַנישע אָקופּאַנטן, און דאָס יידישע לעבן איז צוליב דעם געוואָרן הפקר.

אין אַזאַ אַטמאָספער האָט משה פינקעלשטיין, געבוירן אין קעלץ דעם 17 סעפּטעמבער 1922, נישט געקענט לעבן. זיין ברוויזנד האַרץ האָט דיקטירט דעם מוח ער זאָל אַוועק ווייט, ווייט, דאָרט ווו די ברוטאַלע, אכזריותדיקע דייטשע שטיוול האָבן נישט דערגרייכט.

אין נאָוועמבער 1939 פאַרלאָזט ער דעם באָראָכאָוו־קיבוץ אין וואַרשע, און לאָזט זיך אין וועג אין זיין געבורטס־שטאָט קעלץ, און פון דאָרט קיין כעלם, נישט ווייט פון בוג. דער בוג האָט באַקומען אַ מאַיעסטעטישן אויסזען און השיבות צוליב זיין פּאָליטישער באַדייטונג, ווייל ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די נאַטירלעכע גרענעץ פון דער גענעראַל־גובערניע מיטן ראַטנפאַרבאַנד.

דער הלוין מ״ה פינקעלשטיין שמוגלט זיך אַדורך איבערן בוג, און קומט אָן קיין קאָ־וועל. פון דאָרט וואַנדערט ער קיין לוצק און קומט שפּעטער אָן קיין באַראַנאָוויטש.

גלייך, אין יאָר 1940, ווערט ער אַרעסטירט, ווייל ער איז נישט געווען רע־גיסטרירט ביי דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט און נישט געהאַט קיין פּאַס. ער מעל־דעט זיך פרייוויליק אין דער רויטער אַרמיי און ווערט באַפרייט פון אַרעסט.

ער ווערט אויסגעשולט אין דער פאָרמאַציע פון פּאַטראָל־סאַפּיאָרן, וואָס האָבן די אויפגאַבע צו לייגן מינעס אויף די באַשטימטע סטראַטעגישע פּונקטן, און אומ־שעדלעך מאַכן די, וואָס דער שונא האָט פאַרלייגט. משה פינקעלשטיין ווערט צו־געטיילט צום לענינגראַדער פראָנט. ער נעמט אנטייל אין פיל שלאַכטן און צייכנט זיך אויס אין די קאַמפן. ביי די שלאַכטן פון נאָוואָגראַד־פּסקאָוו ווערט ער אויס־געצייכנט און באַקומט דעם „רום אָרדער". פאַר די קאַמפן ביי דער דייטשער פאַנטער־ליניע אין קורלאַנד ווערט ער אין ריגע אויסגעצייכנט מיטן מעדאַל „פאַר געוואַגטקייט". ער צייכנט זיך אויס צום דריטן מאָל אין די שלאַכטן און באַ־קומט דעם אָרדער „רויטער שטערן".

זיין קאַמפס־וועג איז אָבער ניט געווען באַצירט נאָר מיט בלומען און אויס־צייכענונגען, עס זיינען געווען אויך גרויע, האַרטע און אומעטיקע ליידנס־טעג.

ביי דער עסטאָנישער גרענעץ ווערט ער פאַרוואונדעט אין שטערן און קורץ פאַר קריגס־ענדע, דעם ערשטן אַפּריל 1945, איז אים ביי ליבאַווע אָפּגעריסן גע־געוואָרן אַ האַלבער רעכטער פוס און ער ווערט אַן אינוואַליד. נאָך דער ענדע פון קריג קומט ער קיין פּוילן, זוכן זיין פאַמיליע — אָבער אומזיסט. פון זיינע על־טערן, זעקס ברידער און צוויי שוועסטער, זיינען נאָר געבליבן דריי ברידער, וועל־כע האָבן געדינט אין דער רויטער אַרמיי. איינער געפינט זיך איצט אין דייטש־לאַנד אין קיבוץ „השומר־הצעיר".

משה פינקעלשטיין האָט אין פּוילן דורכגעלעבט פאַרביטערונג און אַנטוישונג. פאַרביטערט איז ער געוואָרן צוליב דעם, וואָס פּוילן איז געוואָרן דער היסטאָרישער קבר פון אייראָפּעאישן יידנטום צוליב די אויפגעבויטע דאָרט דורך די דייטשן גאַז־קאַמערן און פאַרניכטונגס־לאַגערן, ווי טרעבלינקע, מאַידאַנעק, אוישוויץ, בעלזעץ, כעלמנאָ און איבערהויפּט זיינען אַלע וועגן און שטעגן — קברים פון אומ־באַקאַנטע און באַקאַנטע יידישע לעבנס.

אַנטוישט איז ער געוואָרן, וואָס די פּוילישע אונטערערדישע, מיליטערישע קרעפטן, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין אַ סימבאָל פון קאַמף פאַר פרייהייט און פעלקער־פאַרברידערונג, זיינען אין דער גרעסטער טייל איינפאַכע רויבער, פאַרברע־כער און די יורשים פון באַנקראָטירטן פאַשיסטישן געראַנק און פרעריקער פון יידן־האַס.

משה פינקעלשטיין פאַרלאָזט צוליב דעם פּוילן און קומט קיין בייערן, בכדי פון דאַנען אָנצוקומען קיין א״י.





# וויליאם ב. פערל

דער 22 יעריקער יידישער קאפּראל, וויליאם ב. פּערל האָט געדינט אין אמעריקאנישן לופט-פלאָט.

מיטן פולן באוווסטזיין, אז ער קעמפט קעגן נאציזם, קעגן די מערדער פון זיינע פאָלקס-ברידער און שוועסטער און קעגן די פארברעכער פון דער מענטשהייט, האָט ער טריי און ערלעך אויסגעפירט די פרייוויליק אויף זיך גענומענע פליכטן. דעם 10-טן נאָוועמבער 1944 איז ער מיט א העלדן-טויט געפאלן אין קאמף איבערן פאציפיק.

אין אנערקענונג פאר זיין העלדישקייט איז ער נאָכן טויט אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן „זילבערנעם-שטערן”.

די הויפּט-קוואַרטיר פון דער אַמעריקאַנישער לופט-פלאָט-קאָמאנדא האָט איבערגעשיקט צו זיין פאָטער בערנארד אַ. פּערל צוויי בריוו, אין וועלכן עס ווערט באצייכנט די העלדישקייט פון זיין זון.

דער ווערטלעכער טעקסט פון די דאָקומענטן איז פאָלגנדער:

„הויפּט-קוואַרטיר פון דער לופט-קאָמאנדאָ פון פאציפיק, פ. שטאטן ארמיי, אפּאָ 925. 20 יולי 1946.

ה׳ בערנארד אַ. פּערל, 812 העמאָנד בילדינג, דעטראָיט 26, מישיגען.
טייערער ה׳ פּערל!

דאָ זיינען בייגעלייגט 2 קאָפּיעס פון אלגעמיינעם באפעל נומער 411. ארויס־געגעבן דעם 13.5־1946 דורך דער לופט־קאָמאנדאָ פון פּאציפיק, פּ. שטאטן־ארמיי. לויט וועלכן אייער זון וויליאם ווערט באלוינט מיטן „זילבערנעם שטערן" (נאָך זיין טויט).

ווי עס איז אייך ווארשיינלעך באקאנט, ווערט מען מיטן „זילבערנעם שטערן" באלוינט פאר גוואגטקייט אין קאמף מיטן שונא, און דאָס איז די פּערטע, לויט דער ריי, העכסטע באלוינונג, וועלכע עס קען באקומען א מיליטער־מאן. איך שטעל זיך פאָר, אז דער דאָזיקער אנערקענונגס־צייכן פאַרן דינסט, וואָס וויליאם האָט דערטיילט זיין פאָלק, איז ווייט נישט קיין גענוגנדע רעקאָמפּעסאציע פארן העכסטן מסירת נפש, וואָס ער האָט ארויסגעוויזן, אָבער דאָס געפיל, אז ער האָט גוטוויליק מקריב געווען זיין לעבן, כדי צו ראטעווען אנדערע — דארף דינען אלס גרויסע טרייסט פאר אייך.

די קאָפּיע פונם דאָזיקן אלגעמיינעם באפעל ווערט ארויסגעשיקט דורך די מיליטערישע אָפּטיילונגען צום גענ.־אדיוטאנט, וואשינגטאָן, ד. ס., וועלכער וועט אננעמען די געהעריקע שריט, כדי פאָרמעל צו פּרעזענטירן די דאָזיקע באלוינונג.

מיט אַכטונג ענגים ס. ווייטהעד, גענ.־לויט. פון דער אַ. ס. ־ אַרמיי.

דער קאפּראל פּערל האָט דורכגעפירט מערערע אדויספליען קעגן שונא. אין דרום־מערב־טייל פון פּאציפיק אלס ראדיאָ־אָפּעראטאָר. דעם 10.9־1944, בעת ער האָט דערפילט ד׳ פליכטן פון ראדיאָ־אָפּעראטאָר אין אדויספלי איבער ניי־גווינעע, איז זיין אַעראָפּלאַן דירעקט געטראָפן געוואָרן פון שונאס פייער. בשעת דער פּילאָט האָט מאנעווירט מיטן עראָפּלאַן, בכדי צו לאנדן אויפן ים, און אנדערע מיט־גלידער פון דער מאנשאפט האָבן זיך געגרייט תיכף אים צו פארלאָזן, איז דער קאפּראל פּערל געבליבן ביים ראדיאָ, ארויסשיקנדיק רעטונגס־סיגנאלן. אין דער קורצער צייט פון 60 סעקונדן ד. ה. פון דער צייט ווען דער עראָפּלאַן איז געטראָפן געוואָרן ביז זיין אהאָפּפאלן אין ים, האָט דער קאפּראל פּערל ארויסגעשיקט זיינע ס. אָ. ס. ־ רופן צו אַנדערע נאָענטע אַעראָפּלאַנען און צו אַן אויסטראַלישער באַזע.

דער קאפּראל פּערל איז אין פולשטענדיקער ניט באַאכטונג פון זיין לעבן גע־בליבן ביים ראדיאָ, פאָרזעצנדיק דאָס ארויסשיקן סיגנאלן וועגן רעטונג, ביז דער אַעראָפּלאַן איז אַריינגעפאלן אין ים. אין רעזולטאַט פון העלדישן מאט פון קאפּראל פּערל, ווו ער האָט פרייוויליק געבראכט א קרבן זיין אייגן יונג לעבן, איז די אי־בעריקע מאנשאפט עטלעכע שעה שפּעטער אָפּגעראטעוועט געוואָרן דורך רעטונגס־טראַטוועס. די מאַט פון קאפּראל פּערל ווארפט א הערלעך ליכט אויף זיין פּערזאָן און אויף די באַוואָפנטע כוחות פון דער אַ. ס.־ארמיי.

---

# יידישע פרויען
## אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג

אין רער פאַרניכטונגס־עפּאָכע פון דער היטלעריסטישער טיראַניע אין אייראָפּע האָבן פרויען געשפּילט אַ וויכטיקע און אַקטיווע ראָלע אין רער אונטערגדונט־באַוועגונג.

אויף אַלע געביטן איז די פרוי געווען טעטיק צוגלייך מיט די מענער, און רערצו אויסגעפירט ספּעציעלע פונקציעס, וואָס מענער זיינען נישט געווען אימשטאַנר דאָס צו טאָן.

פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אַלס דוימערקעס אין די פאַרשיידענע ביוראָען פון רער נאַצי־מאַכט, האָבן אַרויסגענומען פאַרשיידענע בלאַנקעטן אויסצושטעלן דאָקומענטן צו קענען זיך באַוועגן אין דער אַרישער געגנט, אָפּגעשטעמפּלט זיי מיט די ריכטיקע סטעמפּלען, צו וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ צוטריט. אונטערגעהערט פאַרשיידענע געשפּרעכן און געליפערט דאָקומענטן, וואָס האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַרייטונג פאַר רער אונטערגרונט־באַוועגונג, און אויך געקומען אויף די שפּורן פון פּראָוואָקאַטאָרן און מוסרים.

אין די געטאָס האָבן זיך פרויען באַטייליקט מיט קולטורעלער אויפקלערונגס־אַרבעט, געהערט אין געהיים ראַדיאָ־זענרונגען, רערדאַגירט אויפרופן, געשריבן אויף שרייבמאַשינקעס און איבערגעררוקט אויף העקטאָגראַפן. אַרומגעפאָרן אַלס אַריערינס איבער פאַרשיירענע געטאָס, אַלין אינסטרוקטאָרינס, אָרגאַניזירט קאַמפּס־גרופּעס, רערטיילט אָנווייזונגען, איבערגעגעבן באַפעלן, דאָקומענטן, פאַלשע קענקאַרטן, געהיימע ליטעראַטור און אַמוניציע.

פרויען האָבן זיך אויך באַשעפטיקט ביים פּראָדוצירן אַמוניציע און אין די אויפשטאַנרן אַקטיוו געקעמפט מיט געווער אין די הענט.

אין רי וועלדער אַלס פּאַרטיזאַנערינס האָבן רי פרויען אויסער די אַלגעמיינע אויפגאַבן פון אויספירן דעם פיינט, באַטייליקט זיך אין באַוואָפנטע אַקציעס, רערפילט ספּעציעלע פליכטן פון פאַרפלעגן, באַקליידן רי פּארטיזאַנער, ווי אויך אויספירן סאַניטאַרן דינסט פון היילן און פלעגן רי קראַנקע און פאַרוווּנרעטע.

אַלס העלד־שסטע פרוי ראַרף באַטראַכט ווערן חנה סענעש, וועלכע איז פריי־וויליק פון ארץ־ישראל, אַלס פּאַראַשוטיסטין, געקומען קיין אונגאַרן אָנצופירן מיט דער אונטערגרונט־באַוועגונג, אָפּפערנדיק איר לעבן אין באַפרייאונגס־קאַמף.

אין אַלע געטאָס און פּאַרטיזאַנער־אָטריאַרן האָבן זיך פרויען אויסגעצייכנט נישט נאָר בלויז אַלס אויספירערינס פון אָרגאַניזאַציאָנעלע באַשלוסן, נאָר אויך אַלס קאַמפס־אָנפירערינס.

דאָס ערשטע אָרט אין קאַמף האָט פאַרנומען רער אויפשטאַנד אין וואַרשע.

אין וואַרשעווער אויפשטאַנד האָבן זיך אויסגעצייכנט די העלדישע פרויען: צביה לובעטקין, הנה'ציע פלאטניצקא, לאה פערלשטיין, שרה גראנאטשטיין, טעמע שניירערמאַן, צמרת וואַכענהייזער, מרים היינסדאָרף, מירע פיכרער, שרה שלוסבאָווסקאַ, טאָשע אַלטמאַן און פיל אַנרערע.

דאָס זעלבע איז געווען אין אַנדערע געטאָס. אין ווילנע זיינען די נעמען פון ליזע מאַגון און וויטקע קעמפּנער דערגאַנגען צו סימבאָלן. זיי האָבן אָרגאַניזירט קאַמפס־גרופּעס אין די געטאָס און אין די וועלדער, געשמוגלט געווער, אַרומגעפאָרן אַלס אַריערינס אין פאַרשיידענע געטאָס אָרגאַניזירן די יירן צום קאַמף. נאָכן אומקומען פון ליזע מאַגון איז דער קאַמפס־פּאַראָל אין ווילנע געווען „ליזע רופט".

אין ביאַליסטאָק האָבן זיך אויסגעצייכנט חייקע גראָסמאַן, חנה זשעלאַזנאָגוראַ און אַנרערע. אין טאָג פון אויפשטאַנד אין געטאָ האָבן אַ גאַנצע רייע פרויען אונטערנעצונדן פאַבריקן און הייזער.

אין וואָלין האָבן אָנגעפירט און געקעמפט אין רער אונטערגרונט־באַוועגונג שיינרל שוואַרץ, לאה פיש, רחל פוינלמאַן און אָנרערע.

אין טשענסטאָכאָוו איז די גייסטיקע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנפירערין געווען רבקה גלאַניץ. ראָס זעלבע איז געווען אין קראָקע. ראָרט האָט זיך אויסגעצייכנט גוסטאַ ראַווידזאָן.

אין בענרין פרומקע פלאַטניצקאַ, אין אָשוויענטשים בעלאַ מרוזיץ, חוה פאָלמאַן און לאָנקע קאָזיבראָדזקאַ.

די העלדישקייטן און אָרגאַניזאַציאָנעלער טאַלאַנט, וואָס די פרויען פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג האָבן באַוויזן, רופט אַרויס באַוווּנדערונג און אַכטונג.

# רבקה גלאַנץ

רבקה גלאַנץ איז געבוירן אין יאָר 1917 אין אַ קליין שטעטל פון דער קעלצער וואָיעוואָדסטווע. זי רייסט זיך אַרויס פון איר קליינשטעטלדיקער סביבה, אָנשליסנדיק זיך אין דער חלוצישער יוגנט־באַוועגונג „פרייהייט". זי ווערט דערצויגן און דערציט אויך אַנדערע אין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן גייסט. פאַרלירנדיק אירע עלטערן פֿאָרט זי אויף „הכשרה", צוגרייטן זיך צו עליה קיין ארץ־ישראל. זי ווערט שנעל באַקאַנט מיט אירע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און איבערגעבנהייט פאַר דער באַוועגונג און דערפאַר ווערט זי אָפּגעהאַלטן פון פאָרן, בכדי אָנצופירן מיט דער קיבוצים־באַוועגונג אין פוילן. פינף יאָר האָט רבקה גלאַנץ אָנגעפירט מיט „הכשרה"־פּונקטן, זייענדיק אַ לענגערע צייט טעטיק אין לאָדזשער קיבוץ „באָראָכאָוו", ביזן קריגס־אויסברוך. זי באַזעצט זיך אין וואַרשע, מיטאַרבעטנדיק אַקטיוו מיט צביה לובעטקין, פרומקע פּלאָטניצקע און אַנדערע. האָבנדיק אַן אַרישן אויסזען ווערט איר אָנפאַרטרויט די פונקציע פון אַ קוריער. זי פאָרט אַרום איבער שטעט און שטעטלעך; וועקט, מוטיקט און אָרגאַניזירט די חלוצישע באַוועגונג, מיטפירנדיק מיט זיך אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען אין דער קריגס־צייט. אויף אירע רייזעס איבערלעבט זי טראַגישע מאָמענטן, צוליב די כסדרדיקע רעוויזיעס, אָבער אַדאַנק איר שנעלער אָריענטאַציע געלינגט איר שטענדיק אַרויסצודרייען זיך פון די געפערלעכע סיטואַציעס.

אין יאָר 1941 האָט דער אַרבעטער־ראַט אָרגאַניזירט קיבוצים אין טשענסטאָכאָוו. דער מרכז „החלוץ" דעלעגירט פון וואַרשע רבקה גלאַנץ אָנצופירן מיטן קיבוץ „דרור". אָנקומענדיק קיין טשענסטאָכאָוו ווערט זי די טאָנגעבערין פון דער טעטיקייט אין קיבוץ, דערוועקנדיק צו זיך די וואַרעמסטע סימפּאַטיעס מצד אַלע מיטגלידער, צוליב איר חברישער באַנעמונג, פּשוטער האַלטונג און באַזונדערס צוליב איר איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר די אינטערעסן פון קיבוץ. זי שטעלט זיך אויך אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיטן אַרבעטער־ראַט, אין וועלכן זי זעט דעם גרויסן געזעלשאַפטלעכן אַרבעטער־כוח און איינציקן מיטהעלפער צו לייזן די טאָג־טעגלעכע

פּראָבלעמען פון קיבוץ. אויפן פאָרשלאָג פון דער אָנפירונג פון אַרבעטער־ראַט ווערט זי אַ שטענדיקע מיטאַרבעטערין פון סעקרעטאַריאַט.

מיטן אָנפאַנג פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע קעגן יידן, באַקומט רבקה גלאַנץ אַ באַפעל פון מרכז „החלוץ" צו אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. זי רופט אַ גאַנצע רייע זיצונגען פון די אַקטיווע טוער פון דער „ליגע" אין לאָקאַל פון קיבוץ אויף פּשעמיסלאָווא 2, אויף וועלכע זי לייענט פאָר די באַריכטן פון צביה לובעטקין וועגן די יידן־פאַרניכטונגען און דעם רוף צו ווידערשטאַנד.

די אַלע באַריכטן האָבן אויף אַלעמען געמאַכט אַ דערדריקנדן איינדרוק, אָבער די ברייטע מאַסן האָבן גישט געגלויבט אין די ידיעות וועגן די אויסראָטונגען, און צוליבן פעלן פון געווער זיינען די פּלענער אין די צייטן פון גרויסן געטאָ גישט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן. אין דער צייט פון אַקציעס, ווען ס'האָט געהערשט אַ גרויזאַמער הונגער, באַשעפטיקט זיך רבקה גלאַנץ מיט פאַרשאַפן לעבנסמיטל פאַרן קיבוץ. אין דער צייט פון דער אויסזידלונגס־אַקציע אויף פּשעמיסלאָווא גאַס, ווערט אויך רבקה גלאַנץ אַוועקגעפירט צום טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע. אַ דאַנק די מסירת־נפשדיקע באַמיאונגען פון בערנאַרד קורלאַנד געליגגט איר אַרויסצונעמען זי פון וואַגאָן.

נאָך דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ באַנייט זי די אַרבעט. מיט אַ גרופּע איבערגעבליבענע מיטגלידער, אָרגאַניזירט זי דעם קיבוץ אין הויז אויף גאַרנצאַרסקאַ 72, וואָס ווערט דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, ווירקנדיק אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג פון קליינעם געטאָ. אין דער שפּיץ פון קיבוץ שטייט רבקה גלאַנץ, וואָס רופט אַרויס צו זיך די גרעסטע ליבשאַפט, באַוווּנדערונג און צוטרוי. ווען זי באַווייזט זיך אויף די שמאָלע געסלעך פון קליי־נעם געטאָ, ווייזן אַלע אויף איר אָן: „אָט דאָס איז רבקה גלאַנץ". זי האָט שטענדיק געטראָגן אַ ווייסע בלוזע, לעדערנע קורטקע, הויכע ברוינע שטיוול, זייענדיק אַ מוס־טער פון רייגקייט און באַשיידענער עלעגאַנץ. זי האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן איינ־פלוס אויף אירע מיטאַרבעטער אין די ערגסטע און פאַרצווייפלטסטע מאָמענטן, צוליב איר שטענדיקער גלייכגעוויכט און רואיקער האַלטונג. איר ליבער שמייכל האָט אַלעמען באַווירקט, הגם טיף אין האַרצן האָט זי געווייטיקט און געבלוטיקט צוליבן טראַגיזם פון יידישן פאָלק, ברוגזנדיק נאָך גקמה. דערפאַר האָט זי טאָג און נאַכט געאַרבעט בכדי צוצוגרייטן דעם אַנטגילטיקן קאַמף מיטן שונא, מיט דער נאַצי־מאַכט.

זי פירט גלייכצייטיק אויס די אינסטרוקציעס פון מרכז פון וואַרשע אין פאַרט אַרום אַלס „אַריערין", פירנדיק געווער פון טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ צו דער אונטערגרונט־באַוועגונג אין בענדין.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ, איז זי צוזאַמען מיט אַ גאַנצער רייע חברים געפאַלן אין קאַמף.

רבקה גלאַנץ איז איינע פון די העלדישסטע טעכטער, וואָס דאָס יידישע פאָלק און די חלוצישע באַוועגונג האָט פון זיך אַרויסגעגעבן.



# לאָלע ראַק

לאָלע ראַק איז געבוירן אין וואַרשע דעם 15 פעברואַר 1918 אין אַ פּראָלעטאַרישע פאַמיליע. דער פאָטער זלמן, פון פאַך אַ שלאָסער, האָט געמוזט קעמפן כדי צו דערנערן זיין פרוי און די 7 קינדערלעך, 5 טעכטער און 2 זין. פון די פריסטע קינדער-יאָרן אָן האָט לאָלע אין זיך איינגעזאַפּט די לידער, וואָס טאַטע-מאַמע האָבן געזונגען „פאַר דער פרייהייט מוז מען קעמפן ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט" און „קיינער וועט אונדז ניט באַפרייען, נאָר מיר מיט אונדזער אייגענעם כלי-זין". שווערע קינדער-יאָרן האָט לאָלע דורכגעמאַכט. נאָכן ענדיקן די שולע האָט זי גלייך דערלערנט דאָס פאַך פון קליידער-שניידערין אין דער פאַך-שולע „אָדט" אין וואַרשע. ווי נאָר די דייטשע היענעס זיינען אַריין קיין וואַרשע, איז לאָלע מיט אירע צוויי שוועסטער: פעלע און הייקע מיט איר ברודער ישראל-יצחק אַוועק אויף די רוסישע געביטן קיין נאָוואָגראָדעק. די צוויי שוועסטער האָבן פאָרטגעזעצט זייער לערע אין אַ גימנאַזיע און לאָלע האָט, ווי שטענדיק, געאַרבעט ביים פאַך, דערביי האָט זי אויך אַ גליקלעכן אופן זיך געטראָפן מיט איר מאַן אַרקע דערקאָוויטש. אין אַפּריל 1941 ווערט אַרקע מאָביליזירט אין דער סאָוויעטישער אַרמיי און אַלס מעכאַניקער ווערט ער צוגעטיילט צום לופט-פלאָט. ביים דייטשן איבערפאַל אויף די סאָוויעטישע געביטן איז ער געפאַלן אין קאַמף. אויך זיין ברודער איז געפאַלן

ביי די גרויסע שלאַכטן אין סטאַלינגראַד. די דייטשן, אַריינרייסנדיק זיך אין חודש יולי 1941 קיין נאָוואָגראָדעק האָבן גענומען 50 יידן פון דער אינטעליגענץ און דערשאָסן. ווי האָגל האָבן זיך אַ שאָט געטאָן רעפּרעסיעס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג; צוואַנגס-אַרבעט, פאַרשיקונגען, דאָס שאַפן אַ יידן-ראַט, אַקציעס פון אויסמאָרדן זקנים, קינדער און אומפּאַרהייראַטע פרויען. די אַרבעטנדיקע האָבן באַקומען אַרבעטס-שיינען און די, וועלכע האָבן נישט געאַרבעט, האָבן נישט געהאַט קיין שום דאָקומענט, און זיינען נישט זיכער געווען מיטן טאָג צוליב די סעלעקציעס. צווישן די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס-באַשייניקונג, האָט זיך געפונען לאָלע ראַק. די יידן האָבן אָנגעהויבן מאַסנווייז לויפן אין וואַלד און שאַפן פּאַרטיזאַנער-אָפּטיילונגען. די ערשטע גרופּן פּאַרטיזאַנער האָבן נישט געהאַט קיין ספּעציעלע פאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער אָנפירערשאַפטן, דעריבער זיינען זיי אין מערסטנטייל אומגעקומען.

מיט דער צייט האָבן זיך געשאַפן צוויי יידישע גרופּן אונטער דער אָנפירונג פונעם יידישן קאָמאַנדיר טוביה ביעלסקי פון לידע. דאָס טעטיקייט-געביט איז געווען באַראַנאָוויטשע-לידע, און די צענטראַלע האָט זיך געפונען אין דער נאַליבאָקער פּושטשע. די צוויי יידישע אָטריאַדן האָבן געציילט צו 1500 פּערזאָן, צוזאַמען איז געווען 3000 פּערזאָן. עס איז אויך באַקאַנט געווען דער פּאַרטיזאַנער-קאָמענדאַנט זאָרין, אַ סאָוויעטישער ייד פון מינסק. צווישן די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויך געפונען לאָלע און אירע צוויי שוועסטער פעלע און הייקע, און פעלעס מאַן לייב אַבראַמאָוויטש.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פאַרשאַפט געווער: 1) פון געטאָ, צוגענומענע פון די דייטשן, 2) פון פּויערים און וואַלד-וועכטער, 3) דעראָבערט דורך קאַמף מיט די דייטשן, 4) פון אויסגראָבן באַהאַלטענע אַרסענאַלן מיט געווער, וואָס זיינען אָנגעוויזן געוואָרן דורך די פּויערים. זיי האָבן דורכגעפירט דערפאָלגרייכע אַקציעס פון אויפרייסן ציגן דורך אונטערלייגן מינעס אונטער די רעלסן, אויפרייסן בריקן און צעשטערן טעלעגראַפישע און טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען. דאָס באַווירטשאַפטן און פאַרפלעגן די גרויסע צאָל פּאַרטיזאַנער איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך. עס קלינגט מער ווי אַ פאַנטאַזיע, אַז ביי די אומנאַטירלעכע באַדינגונגען האָט דער פּאַרטיזאַנער אינזש. כמיעלניצקי פון וואַרשע אָרגאַניזירט אַ גאַנצע נעץ פון אונטערנעמונגען; אַ מיל, בעקעריי, ווורשט-פאַבריק, גאַרבעריי, שניידעריי און שוסטעריי-וואַרשטאַטן, און אויך אַ וואַרשטאַט פון רימער-אַרבעטן. נישט איינמאָל זיינען געווען קריטישע מאָמענטן ביי די פּאַרטיזאַנער, צוליב די אָפטע גרויסע אָבלאַוועס. אין אויגוסט 1943 האָט אַ גרויסע צאָל דייטשן אויסגעפירט אַן אָבלאַווע. עס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ געוואַלטיקער און העפטיקער קאַמף. די דייטשן האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן און צוריקגעצויגן זיך. פון די פּאַרטיזאַנער זיינען דעמאָלט געפאַלן דריי העלדישע קעמפער.

ווען די דייטשן זיינען צעקלאַפּט געוואָרן אויפן סטאַלינגראַדער פראָנט און זיינען צוריקגעלאָפן, האָט אַ צעקלאַפּטע דייטשע דיוויזיע געוואָלט זיך דורכרייסן דורך דער פּאַרטיזאַנער-פּושטשע. די פּאַרטיזאַנער-וואַכן האָבן געעפנט אַ שיסעריי, דאָך האָבן זיך אַ פּאָר הונדערט דייטשן דערנענטערט צום וואַלד און אָנגע-

הויבן וואַרפן מיט גראַנאַטן. די פּאַרטיזאַנער האָבן גלייך רעאַגירט. און עס זיינען צוהילף געקומען אַלע אַרומיקע אָטריאַדן. נאָך אַ לענגערער שלאַכט זיינען געפאַלן 45 דייטשן און די איבעריקע זיינען אין פּאַניק אַנטלאָפן. אין דער שלאַכט זיינען פון קאָמענדאַנט טוביה ביעלסקים אָטריאַד געפאַלן 10 העלדישע חברים און צווישן זיי אָסטאַשינסקי, שומאַנסקי און גוטעלעווסקי.

לאָלע ראַק האָט נישט נאָר דורכגעמאַכט אַ שווער קינדער־לעבן, נאָר אויך אין דער קריגס־צייט מיטגעמאַכט און מיטגעלעבט טראַגישע און העלדישע מאָמענטן. אין דעצעמבער 1943, ווען דער גאַנצער וואַלד און די געגנט איז געווען אַרומגעהילט אין אַ בלענדנדער ווייסקייט פון שניי, איז אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער אַוועק אויף אַן אַקציע צו באַזאָרגן לעבנסמיטל פון אַ שכנותדיקן גוט. לאָלע ראַק איז געווען מיטבאַטייליקט אין דער אַקציע און אין הסכּם מיטן באַפעל איז זי געבליבן שטיין אין עק וואַלד אויף וואַך. אונטערן מאַנטל האָט זי נעטראָגן אַ רימען, אַרומגעשטעקט מיט האַנט־גראַנאַטן.

ווען די גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער איז אַריין אין גוט, איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה. דער דייטשער קאָמיסאַר איז צופעליק נישט געווען. די רינדערשאַפט איז זיך טיילווייז צעלאָפן און טיילווייז זיך פאַרשטעקט. לויטן אויסגעאַרבעטן פּלאַן האָבן די פּאַרטיזאַנער אויסגעפירט די אַקציע און צוריקגעקערט זיך צום וואַלד מיט לעבנסמיטל. אין דער זעלבער צייט האָט די אַנטלאָפענע דינערשאַפט אַלאַרמירט די דייטשע זשאַנדאַרמעריע און פּוילישע פּאָליציי. ווי נאָר די פּאַרטיזאַנער זיינען צוגעקומען צום וואַלד זיינען אָנגעפאָרן אויפן שאָסיי 2 אויטאָס מיט זשאַנדאַרמעריע און אָנגעהויבן שיסן. לאָלע ראַק האָט נישט געוואַרט אויף קיין באַפעל און אָנגעהויבן באַוואַרפן די אָנגרייפער מיט גראַנאַטן. אַ גראַנאַט האָט געטראָפן אין בענזין־טאַנק פון אַן אויטאָ און סאיז גלייך אויסגעבראָכן אַ שׂרפה. די פלאַמען פון ברענענדיקן אויטאָ האָבן געשאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פאַר די פּאַרטיזאַנער צו אַטאַקירן דעם שונא. נאָך אַ העפטיקער קעגנזייטיקער שלאַכט האָבן זיך די זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי צוריקגעצויגן, איבערלאָזנדיק דעם ברענענדיקן אויטאָ און 5 טויטע; לאָלע ראַק מיט אירע חברים זיינען אַרויס פון דער אַקציע אָן פאַרלוסטן, גייסטיק געשטאַרקט און דערמוטיקט צו ווייטערדיקע שלאַכטן און קאַמפן.

די נאַצי־רוצחים האָבן אומגעבראַכט אירע עלטערן, דעם ברודער דוד און די שוועסטער העניע אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע. איר שוועסטער פראַנקע מיטן שוואָגער פאַלעק פעלד זיינען געפאַלן אין קאַמף אין דער צייט פונם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, פּסח־צייט 1943.

פון איר גאַנצער פאַמיליע איז לעבן געבליבן אַ ברודער ישראל־יצחק און געפינט זיך אין לאָדזש (פּוילן), די שוועסטער פעלע געפינט זיך אין איטאַליע און אויך די שוועסטער חייקע האָט זיך אָפּגעראַטעוועט. זי אַליין, לאָלע ראַק, וועמענס לעבן איז פון וויגעלע ביזן היינטיקן טאָג אַ נעראַנגל פון פּיין, ליידן, קאַמף און העלדישער אויסדויער, געפינט זיך היינט אין בייערן, דייטשלאַנד

# גוסטאַ דאַווידסאָן־דרענגער

זי איז נעבוירן אין קראָקע אין יאָר 1920, אַלס טאָכטער פון מאיר און אסתר דאַווידסאָן. דער פּאָטער, אַ שטרענג רעליגיעזער ייד, אַ גערער חסיד און די מוטער אַ פרומע יידענע, האָבן איר דערצויגן אין רעליגיעזן גייסט.

די קליינע גוסטאַ האָט געהאַט אַ ברויזנדע נאַטור און געשטרעבט צו וועלטלעכער בילדונג. נאָכן ענדיקן די נימנאַזיע ווידמעט זי זיך דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און איז טעטיק אין דער יוננט=אָרגאַניזאַציע „עקיבא". דערביי האָט זי פלייסיק געלערנט שפּראַכן, באַהערשנדיק פולשטענדיק אין וואָרט און שריפט: יידיש, העברעאיש, פּויליש, פראַנצויזיש, אַראַביש און ענגליש.

גוסטאַ ווערט שנעל באַקאַנט מיט אירע טעאָרעטישע און שפּראַכלעכע קענטעניש, אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, און ווערט די נייסטיקע אָנפירערין פון דער אָרגאַניזאַציע.

ווי נאָר די דייטשן האָבן זיך באַזעצט אין קראָקע, איז די שטאָט נעוואָרן די רעזידענץ פון פּוילן, די רעמאָלט אַזוי=נערופענע נענעראַל=נובערניע. נלייך האָבן זיך אָנגעהויבן די יידן=פאַרפאָלגונגען.

ערב יום=כפּור 1939 איז גוסטא דאַווידסאָן צוזאַמען מיט שמשון דרעננער אַרעסטירט נעוואָרן אַלס ערובניקעס, און אַוועקגעשיקט נעוואָרן אין קאָנצענטראַציע=לאַגער אין טראָפּאַו. נאָך 4 חדשים איז זיי נעלוננען אַרויסבאַקומען זיך פונם לאַנער=געפענגעניש.

גוסטאַ האָט חתונה געהאַט מיט שמשון דרענגער, וועלכער איז אויך געווען אַ לינגוויסט, (שפּראַכן=קענער) און טעטיק געווען אין דער אָרנאַניזאַציע„עקיבא".

ביידע האָבן צוזאַמען אָרגאַניזירט די אונטערגרונט=באַוועגונג.

דאָס ערשטע און מערקווירדיקסטע וואָס זיי האָבן אָרגאַניזירט, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע צייטן, און נעמלעך: לאַנדווירטשאַפטלעכע קורסן, לעגאַליזירט דורך דער „געסטאַפּאָ". אלע אָנטיילנעמער האָבן אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט ביי פּויערים און אין אָוונט האָבן זיי געלערנט אַגריקולטור.

אין דער ווירקלעכקייט זיינען די קורסן געווען אַ דעק=מאַנטל פאַר דער אונטערגרונט=באַוועגונג. אויפן טיש זיינען נעלעגן באָטאַנישע און נעאָגראַפישע לערנביכער און אין דער אמתן זיינען געהאַלטן געוואָרן אַנטי=היטלעריסטישע פּאָרטראַגן, און די צוהערער זיינען געווען קאַנדידאַטן פאַר דער אומלעגאַלער באַוועגונג.

די שולע, פּאַקטיש די קראָקעווער אונטערגרונט־באַוועגונג, איז געווען אין פֿאַר־בינדונג מיט וואַרשע, קעלץ, זשעשוּוו, ראָזוואַדוּוו, באָכניאַ און מיט אַנדערע אָרטשאַפטן.

גוסטאַ איז זייער אָפט געפאָרן אַלס אינסטרוקטאָרין קיין קעלץ אין אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע אָנגעלעגנהייטן פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג. איר פּסיידאָנים איז געווען יוסטינע.

די שולע איז אין דער צייט פון די אויסזידלונגען אויפגעלייזט געוואָרן.

אין די צייטן פון דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, ווען מאַסן טראַנספּאָרטן זיינען געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע צום פאַרגאַזן און פאַרברענען, האָט אַפּאַ־טיע און אנטוישונג באַהערשט דאָס קראָקאָווער יידנטום. עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געצווייפלט, אויב נאָכן קריג וועט לכל הפּחות בלייבן איין ייד, וואָס זאָל זיין אַ לעבעדיקער עדות פון די שרעקלעכע און שאַנדהאַפטע גרוילטאַטן פון די דייטשן. אַנדערע רעליגיעזע יידן האָבן געהאָפט, אַז די דייטשן וועלן פון גאָטס האַנט באַקומען זייער מפּלה און באַצאָלונג.

גוסטאַ (יוסטינע דאַווידסאָן־דרענגער), הגם אַ טאָכטער פון אַ גערער חסיד, וועלכע האָט באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציאונג, האָט געקעמפט קעגן די שטרעמונגען, און פּראָפּאַגירט די אידעע פון אַקטיוון ווידערשטאַנד און אַקטיוון קאַמף.

יוסטינע און איר מאַן, וואָס האָט צוערשט געהאַט דעם פּסיידאָנים מאַרעק און שפּעטער וויקטאָר, האָבן געהאַט פאַלשע קענקאַרטן אַלס אַריער (פּאָלאַקן). זי האָט געדונגען אַ צימער נישט ווייט פון קראָקע, וווּ עס איז געפירט געוואָרן די גאַנצע טעטיקייט פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג. וויקטאָר (איר מאַן) איז אַרומ־געפאָרן אַלס לייטער פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג, געבראַכט באַריכטן און מאַ־טעריאַלן, און זי האָט אַליין געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשינקע. אויף אַזאַ אופן זיינען געשיקט געוואָרן אינסטרוקציעס און באַפעלן.

ביים אויספירן אַן אַקציע אין וויעליטשקע, אין די זאַלץ־גראָבנס ביי קראָקע איז יוסטינע אַרעסטירט און איינגעזעצט געוואָרן אין תּפיסה מאָנטע־לופּיך.

אין דער תּפיסה האָט זי ביז דעם לעצטן מאָמענט פון איר לעבן געשריבן אירע זכרונות אויף שטיקלעך פּאַפּיר, און באַהאַלטן זיי אין אויוון.

נאָך איר אומקומען האָבן יידן גערוימט די תּפיסה און געפונען דעם מאַנו־סקריפּט, וועלכער האָט זיך דערהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג, און אויפן ערשטן גרויסן נירנבערגער פּראָצעס פון אינטערנאַציאָנאַלן מיליטער־געריכט איז דאָס געווען אַ באַלאַסטונגס־מאַטעריאַל קעגן דער נאַצי־מאַכט.

פון אַ ר צאַלרייכער פאַמיליע: עלטערן, 3 שוועסטער, 3 ברידער און מאַן, זיינען ביים לעבן געבליבן 3 ברידער. 2 ברידער אלימלך און יחזקאל זיינען געווען אין ארץ־ישראל, אויסמיידנדיק די נאַצי־שווערד, און דער דריטער ברודער, דוד האָט דורכגעמאַכט אַלע פּייניקונגען אונטער דער נאַצי־הערשאַפט, און געפינט זיך היינט אין דייטשלאַנד. די גאַנצע איבעריקע פאַמיליע און איר מאַן זיינען אומגעקומען.

צווייטער טייל

# נאָוועלן און דערציילונגען

## זאַמבקאָווסקאַ 19

נישט ווייט פון דער פּראַגער בריק, אונטער וועלכער עס פליסט די ווייסל, וואָס טיילט אָפּ וואַרשע פון פּראַגע, געפינט זיך די זאַמבקאָווסקאַ־גאַס מיט איר מערק־ווירדיק הויז נר. 19.

דאָס הויז איז באַקאַנט געווען אין דער גאַנצער אומגעגנט אלס „פיינמעסערס קאַוויאַרניע״. פאַרוואָס דאָס הויז האָט באַקומען אַזאַ נאָמען, האָבן די אַלטע לאָקאַ־טאָרן דערציילט רירנדע געשיכטעס וועגן דעם הויזווירט פיינמעסער.

אין דעם הויז האָבן פון קדמונים אָן געוווינט די גרעסטע אָרעמעלייט, וואָס האָבן געאַרבעט שווער און ביטער צו פאַרדינען אויפן טאָג־טעגלעכן ברויט, און שטענדיק האָט זיי געפעלט אַ טאָג צו דער וואָך אין הלכות פּרנסה, גאַנץ איינפאַך. ס'איז נישט געווען קיין לעפל וואַרעמס אָפּצוקאָכן, וועגן דירה־געלט צאָלן איז שוין אָפּ־גערעדט.

דער הויזווירט פיינמעסער האָט אָבער געמוזט באַצאָלן שטייערן, פאַר וואַסער, באַ־לויכטונג און אויסהאַלטן אַ הויז־וועכטער, און אַליין אויך לעבן. ער פלעגט אַרומגיין אין די וווינונגען, איינקאַסירן דירה־געלט. אין יערער שטוב, ווו ער פלעגט אַריינ־קומען פלעגט ער אַנטרעפן אַן אַנדערע צרה. דאָ ליגט קראַנק אַ קינד און דער רע־צעפּט, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן, ליגט אויפן טיש, ווייל ס'איז נישטאָ קיין געלט אויסצוקויפן די רפואה. דער מייסטער פונם קינדס פאָטער האָט נאָך נישט אויסגעצאָלט די שכירות פאַר דער לעצטער וואָך. וואָס טוט דער הויזווירט פיינמע־סער? ער נעמט דעם רעצעפּט, גייט אַליין אוועק אין דער אַפּטייק, באַשטעלט די רפואה, וואַרט ביז זי ווערט פאַרטיק, קויפט נאָך עפּעס איין אויפן באַזאַר אָפּצוקאָכן פאַרן קינד און ברענגט דאָס אַריין אין שטוב. ער אַנטשולדיקט זיך דערביי פאַר דער אָרעמער לאָקאַטאָרין, זי זאָל הס־ושלום נישט מיינען, אַז ער איז געקומען וועגן דירה־געלט, און זי זאָל זיך פאָרלויפיק איבערהויפּט נישט קימערן וועגן דעם. צוערשט זאָל זי ראַטעווען דאָס קינד, און זען פאַרוואָס איר מאַן לאָזט זיך אַזוי עקספּלאָאַטירן,

אז אפילו די פּאָר שווער־פּארהאָרעוועטע גילדן זאָל ער נישט באקומען אויסגעצאָלט אין דער צייט. ער זיפצט אָפּ, ווייל עס איז דאָך אין ווידערשפּרוך מיט דער הייליקער תורה.

ער גייט אריין אין א צווייטער שטוב, ווידער אן אנדערע צרה. קינדער ווייגען, בעטן ביי דער מאמען עפּעס צו עסן. דער טאטע איז א דאך־בלעכער און זיין ארבעט באשטייט אין מאכן דעכער אויף נייע הייזער, מערסטנטייל אין אנדערע אָרטשאפטן. פּאָרט ער אוועק און ארבעט דאָרט אזוי לאנג ביז דער דאך ווערט פארטיק. די הויז־ווירטן קומען פון צייט צו צייט א בליק טאָן אויף דער ארבעט און פארגעסן גאָר אין דעם, אז דער אָרעמער בלעכער דארף יערע וואָך אהיימשיקן א פּאָר זלאָטעס אויף פּרנסה, און דעריבער מוז מען הונגערן ביז די הויזווירטן וועלן באצאָלן.

פיינמעסער, הערנדיק די געשיכטע בלייבט גערירט, ווי אזוי קען מען אוועקגיין פון א שטוב און לאָזן א פרוי מיט קינדערלעך הונגערן? ער הייסט דער פרוי מיט־גיין מיט זיך און גייט מיט איר אַריין אין שפּייז־קלייטל, פּאַרן טויער, צום לאָמע־לאָזער, ער זאָל געבן דער פרוי שפּייז־ארטיקלען, וואָס זי דארף האָבן, אויף קרעדיט, אויפן חשבון פון דירה־געלט, וואָס ער דאַרף אים צאָלן. די פרוי דערקלערט אין אי־בעראַשונג: הער הויזווירט, באמת איך האָב נישט קיין ווערטער אייך צו דאַנקען.

פיינמעסער ענטפערט אויף דעם: פאָרלויפיק האָט איר מיר ניט וואָס צו דאנ־קען, ווייל ערשטנס בין איך ניט קיין הויזווירט, נאָר א משרת ביים הויז, און צווייטנס, אויב איך מאך אייך א געפעליקייט, אין מיין אויפפאסונג, א גמילת־חסד, איז דאָס א געבאָט פון רבונו של עולם און פון מיין זייט א פליכט.

דער לאָמער לאָזער איז אויסערלעך זייער צופרידן און גערירט פון הויזווירטס מעשים, אָבער אינערלעך איז ער אין כעס, ער וועט צוליב דעם ניט קענען ארויס־דרייען זיך פון צאָלן דירה־געלט.

אז א קינד פלעגט קראנק זיין אויף פּאָקן, מאָזלען, אָדער ריפטעריע, און ס'האָט געדאַרפט ליגן אין דער וואַרעם, פלעגט פיינמעסער אין נעהיים, זיין ווייב זאָל ניט וויסן, „ארויסגגבענען" פארטאָג פון זיין אייגענעם קעלער צוויי עמער קוילן מיט האָלץ, און אוועקטראָגן אין שטוב פון זיינע אָרעמע לאָקאַטאָרן, ווו דאָס קראנקע קינד איז געלעגן.

די שטערבלעכקייט אין דאָזיקן הויז איז געווען אן אָפטע דערשיינונג. פיינמע־סער פלעגט באשפּייזן די גאנצע פאמיליע, וואָס איז געזעסן „שבעה", אריינשיקנדיק פּראָדוקטן, וועלכע ער האָט גענומען פון צווייטן שפּייז־קלייטל ביי איטשע „פּאס־קאזש", וואָס איז געווען אין זעלבן הויז, אויך אויפן חשבון פון דירה־געלט.

ניט איינמאָל האָט פיינמעסער, אריינקומענדיק אין שטוב פון זיינס א לאָקאַ־טאָר, און זעענדיק ווי ער ליגט א קראנקער, איינגעהייצט דעם אויוון, געבראכט מילך און ברויט און באדינט דעם קראנקן.

פיינמעסער איז געווען א ייד אין די מיטעלע יאָרן, כל ימיו געלערנט, געווען פרום און ערלעך. און איבער זיינע מעגלעכקייטן געטאָן טובות. אין „שטיבל" איז

ער געווען גבאי, שבתים געדאווענט מוסף, און ימים־טובים און נוראים — שחרית. זיינע גוטמוטיקע אויגן, דאָס לענגלעכע פנים, דער הויכער פאדטראכטער שטערן און דאָס שפּיציקע בערדל, האָבן כאראקטעריזירט זיין גוטהארציקייט, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיינע מעשים. זיין ווייב האָט שמענדיק צו אים געהאט טענות, הלמאי ער פאדדרייט זיך דעם קאָפּ מיט א הגיז: פאדקויף עס איינמאָל פאר אלע־מאָל, וועסטו האָבן מנוחה, און פאדן געלט וועלן מיר פארזיכערן א צוקונפט אונ־דזערע קינדער.

אלץ יאָ, אָבער דאָס נישט. אזוי לאנג ווי איך לעב, וועט דאָס הויז נישט פאר־קויפט ווערן, א גאנץ לעבן געארבעט אויף תורה, מצוות און מעשים טובים און איצט פארקויפן דאָס הויז עס זאָל אדיינפאלן אין די הענט פון א רשע, רחמנא לצלן, וואָס זאָל פיניקן די לאָקאטאָרן, דאָס וועסטו ביי מיר נישט פועלן — אזוי פלעגט טענהן פיינמעסער.

— און פרנסה? — האָט זיין ווייב אויסגעשטאַמלט.

— דער רבונו של עולם איז מפרנס אַלע לעבעדיקע ברואים, וועט ער אונדז אויך נישט פארלאָזן.

די פאקטישע פרנסה־געבער אין פיינמעסערס שטוב זיינען געווען די דריי קינ־דער: צוויי טעכטער און איין זון. די עלטסטע טאָכטער איז געווען לערערין אין א „בית־יעקב"־שולע, די צווייטע האָט געארבעט אין שדעשעוועסקים באנק פאדן איי־זערנעם טויער, און דער זון — אין א רעדאקציע.

אזוי איז דאָס לעבן געלאָפן לאנגע יאָרן ביז א קראנקהייט האָט פיינמעסערן צוגעשמידט צום בעט, און צוגענומען אים פון דער וועלט.

מער ווי אלע האָבן נאָך אים געטרויערט זיינע לאָקאטאָרן פון הויז זאַמבקאָווי־סקא 19, וואָס איז געדופן געוואָרן „פיינמעסער—קאַוויארניע".

ווי נאָך די שלושים זיינען פארביי האָט די פיינמעסערדאָווע אנגעהויבן זוכן קונים צו פאַרקויפן דאָס הויז. צופעליק האָט עס געקויפט אַן אַנשטענדיקער מענטש, וועל־כער איז לאנגע יאָרן געווען א וואָיאַזשאָר, פארדינט א סך געלט און וועלנדיק פאר־זיכערן זיינע טעכטער מיט א נדן האָט ער איינגעהאנדלט די „פיינמעסער־קאַוויאר־ניע". מיטן הויז האָט אנגעהויבן צו פארוואַלטן זיין טאָכטער, א סטודענטין, וואָס האָט שטודירט עקאָנאָמיע. זי איז געקומען צוערשט באקוקן דאָס הויז, באטראכטנ־דיק עס פון אלע זייטן. דריי גרויסע הויפן, אין וועלכע מען קען נאָך פיל בויען און אויפשטעלן גרויסע געביידעס. דער פראָנט פון דער לינקער זייט איז ניט פארבויט מיט א הילצערנעם פּארקן, פון רעכטס אַן איינשטאָקיקע געביידע, אין וועלכער עס זיינען דאָ אין פּאדטער דריי געוועלבער. פון לינקס און רעכטס שפּייז־געוועלבער און אין דערמיט א קוסטער־געוועלב. ביי די געוועלבער זיינען גלייכצייטיק דאָ וווינונגען, און אויפן ערשטן שטאָק וווינט א קאשע־מאכער. ווייטער קומט א לייזיקער פּלאַץ און דאן א גרויסער קווארדאט־בלאָק פון פיר־שטאָקיקע געביידעס, אין וועלכע עס וווינען מינדעסטנס 600—700 מענטשן. דער צווייטער הויף איז ניט פארבויט, עס

זיינען דאָרט דאָ שטאַלן פאַר פערד, א שמידעריי און צוויי ניט קאַנאַליזירטע אַבאָרטן. אין דריטן הויף זיינען אויך שטאַלן פאַר פערד. אין די לעצטע צוויי הויפן שטייען פלייש-פורגאָנעס, פלאַטפאָרמעס און דראָזשקעס.

יוסטינאַ, די נייע הויז-פאַרוואַלטערין, האָט דאָס אַלין באַטראַכט און פאָרויסגעזען זייער שיינע פערספּעקטיוון פון פאַנאַנדערבויען די גרויסע פלעצער, פאַרשטענדלעך, פון די הכנסות, וואָס דאָס הויז וועט אַריינברענגען.

זי באַשליסט צו באַזוכן די וווינונגען. אַריינקומענדיק אין דער ערשטער, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן מיט א קיך. דערזעט זי די טראַגישעווירקלעכקייט, וואָס רופט זיך „פיינמעסערס-קאַוואַרניע". אין קיך וווינט די אַלמנה גרינבלאַט מיט פינף קינדערלעך, דריי מעכטער און צוויי זין, און ס׳שטייען נאָר צוויי בעטן. דאָס אַריינגיין איז נישט אַזוי לייכט, ווייל ס׳איז ניטאָ וווּ זיך אַוועקצושטעלן. א מיידעלע ליגט אין א נישט-איבערגעצויגן בעט, דאָס בעטגעוואַנט איז אין רויטן, און פעדערן פליען, ווי שניי אין א ווינטערדיקן טאָג. ביים בעט שטייט א באַליע און עטלעכע שטיקלעך וועש ווערן געוואַשן.

די ערשטע פראַגע וואָס די נייע אַדמיניסטראַטאָרין, יוסטינאַ קאָפּציאַק, פרעגט זיך, איז, פאַרוואָס ליגט דאָס מיידעלע אין בעט? דער ענטפער איז א קורצער — איך האָב נישט וואָס אָנצוטאָן, די שיכלעך זיינען ביים שוסטער, קיין געלט אויסצוקויפן די שיכלעך איז נישטאָ.

— פון וואָס לעבט איר?

— דער עלטסטער זון, יאַנקל, איז א גאַסן-הענדלער.

— מיט וואָס האַנדלט ער?

— מיט וואָס עס קומט נאָר אונטער, אַמאָל מיט צוקערלעך, מאַנדלעך, אַמאָל מיט שנורעוואַדלעס, און אויך מיט אַנדערע זאַכן.

אויב פון אַזאַ האַנדל איז דאָ פּרנסה פאַר זעקס נפשות האָט שוין יוסטינאַ ניט געפרעגט, ווייל זי האָט געזען, אַז די קיך איז ליידיק, עס קאָכט זיך גאָרנישט אויף מיטאָג, עס איז נישטאָ קיין שאַנק, קיין מלבושים, גאָרנישט, איז צו וואָס שטיין זאָלן אויף די ווענט.

זי גייט אַריין אין צימערל, דאָ וווינט א פאַמיליע מיטן נאָמען צוקערמאַן. דאָס שטיבעלע איז שמאָל און קליין און דאָ לעבט א פּאָר-פאָלק מיט צוויי קינדער. ער, א קריגס-אינוואַליד, איצט נאָך אַן אָפּעראַציע, ליגט אין בעט. ביים בעט, אויף א שטול, שטייען מעדיקאַמענטן. איין קינד איז אַלט דריי יאָר, דאָס אַנדערע א קליין עופה׳לע — א 6 חדשים, און האַלט אין איין וויינען, ווייל דער מאַמעס דאַרע ברוסטן האָבן גאָרנישט קיין מילך צו דערנערן דאָס שוועלבעלע.

נישט וויל׳ניק שטעלט זי אַ פראַגע, פון וואָס לעבט איר? זי באַדויערט, וואָס זי האָט געשטעלט די פראַגע, זי זעט דאָך די אָרעמקייט. עס קומט דער ענטפער:

— איך בין אַ קריגס-אינוואַליד, האָב איך א קאָנצעסיע אויף אַ פּאַפּיראָסן-בודקע

כ'האָב פארדוגגען די בודקע און באקום א זלאָטע מיט פופציק גראָשן א טאָג.

מער האָט יוסטינע גאָרנישט געפרעגט. זי איז אריין אין צווייטן צימער, און צו איר פארווונדערונג רערזען: דער קלײנער שפּיגל אויף דער וואנט פארדעקט מיט א שווארצן טוך. אן אלטע פרוי מיט א זון זיצן אויף קלײנע בענקעלעך, און א יונגע פרוי שיילט קארטאָפל.

אויפן אנבליק פון יוסטינעס ארײנקומען האָבן זיך די טרויעריקע אויגן פון די אומעטיקע געזיכטער צעוויינט, און די אלטע פרוי ווייזט אָן מיט דער האנט אויף דער צייטונג, וואָס ליגט אויפן צעבראָכענעם קאָמאָר, „נעמט, לייענט כאָטש וועגן אונזער אומגליק".

יוסטינא נעמט די צייטונג און לייענט א רעפּאָרטאזש, אונטערן טיטל „ווי אזוי א פּראָלעטאריער האָט פארענדיקט זיין לעבן".

„אויף זאָמבקאָווסקא 19 ((פּיינמעסערס־קאוויארניע), אויף א פּערטן שטאָק האָט געוווינט דער אַלטער 73־יעריקער, ראַך־בלעכער, יאָסל בלומענצווייג. לאנגע צענרליקער יאָרן האָט ער געארבעט אויף די דעכער, זומער פארברענט געוואָרן פון די היצן, ווינטער געפרוירן געוואָרן פון די פרעסט, אבי צו פארדינען אויף ברויט פאר זיך, פאר זיין פרוי, וואָס איז אין זעלבן עלטער, און פאר זיין בני־בית.

ראָנערשטיק 3 אַזייגער בייטאָג, שטייענדיק אויף א דאך אין רעמבערטאָוו, אַרבעטנדיק מיט זיינע אויסגעהאָרעוועטע הענט מיט מאָזאָליעס, האָט זיך זיין אַל־טער ראַדער קערפּער א וואַקל געטאָן און דאָס אומגליק האָט פּאַסירט. דער אַלטער פּראָלעטאַריער איז אַראָפּגעפאַלן פון דאך און באַצאָלט מיט זיין לעבן."

ניין, ווייטער קען זי נישט לייענען. די פיס וואַקלען זיך אונטער איר, ווי אַזוי קען מען אַרויסגיין? זי פרעגט זיך שוין מער גאָרנישט, ס'איז שוין גענוג צו דעם עלנט און נויט. זי פרעגט זיך נאָר, אויב זי קען מיטנעמען די צייטונג.

אויפן דריטן שטאָק וווינט דער לערער, וואָס האָט דעם רעפּאָרטאַזש אָנגע־שריבן, — זאָגט איר די פרוי — ער האָט עטלעכע צייטונגען געבראַכט, וועט ער אייך איין צייטונג געבן, מיר האָבן ניט מער ווי דעם איינציקן עקזעמפּלאַר.

יוסטינא גייט ארויס פון דער פארטרויערטער שטוב און גייט שוין נישט ווייטער אין די אנדערע, זי ווייסט שוין איצט, אַז זי האָט נישט קיין אנונג, וואָס פאַר אַ קאַמף עס פירן די מענטשן פאַר אַ שטיקל ברויט. זי וויל נאָר רערן מיטן לערער, וואָס וווינט אין אַזאַ מערקווירדיקן הויז און שרייבט אַזעלכע טראַגיישע רעפּאָרטאַזשן, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם שוידערלעכן אמת פון „פּיינמעסערס — קאַוויאַרניע — קעניגרייך."

אייניקע מינוטן שפּעטער איז דער לערער געשטאַנען מיט יוסטינען אויפן הויף און גערערט. ער דערציילט איר גענוי מערקווירדיקע איינצלהייטן וועגן לעבן פון די איינוווינער פון דעם הויז, וואָס בילדעט פאַר זיך אַן אייגענע שטאַט. זייער געשפּרעך ווערט איבערגעריסן דורך אַ סיגנאַל פון אַ פאָרנדן אויטאָ פון דער

קראַנקן־קאַסע, וואָס האָט געבראַכט אַ פּאַרוואונדעטן אַרבעטער, מיט וועלכן עס האָט פּאַסירט אַ פּאָרפּאַל ביי דער אַרבעט. אין שפּיטאָל איז נישטאָ קיין אָרט, האָט מען אים געבראַכט אין זיין וווינונג, אהיים. צוויי סאַניטאַרן טראָגן אים אַריין אין זיין קעלער־שטיבעלע, אין וועלכן ער פאַרנעמט נאָר אַ ווינקעלע.

נאָכן אַוועקפאָרן פונם אויטאָ קומט גלייך אַ צווייטער. עס שטייגט אויס אַ דאָקטאָר, וואָס איז געקומען צו א פרוי, וועלכע האָט באַקומען אַן אַטאַק אויף דער לעבער. פון פרי ביז נאַכט איז אַ כסדרדיקע באַוועגונג אין הויף. עס פאָרן וועגענער, דאָראָזשקעס, צום שמידער, צו די פערד־הענדלער און פורמאַנעס, וואָס האָבן זייערע שטאַלן אויפן צווייטן און דריטן הויף און פירן אַריין און אַרויס זייערע פערד.

יעדן טאָג קומען פאַרשיידענע הויף־שפּילער, אַקראָבאַטן, קאַטאַריניאַזשעס און זינגערס גיבן קאָנצערטן.

הונדערטער קינדערלעך און דערוואַקסענע, וואָס זיינען נייגיריק עפּעס צו זען און הערן, שטייען אין אַ גרויס ראָד אויפן הויף, און אַנדערע קוקן אַראָפּ פון די פענצטער.

אין „פיינמעסערס קאַוויאַרניע” איז ביי קיין איין לאָקאַטאָר נישטאָ קיין דאַריאָ, צו גיין אין אַ טעאַטער אָדער אין קינאָ קען זיך קיינער נישט דערלויבן, דערפאַר האָבן די גאַסטראָלאָרן אַ גרויסן דערפאָלג.

עס האַלטן אין איין קומען די „חסדלעך” (אַזוי האָט מען גערופן אין וואַר־שע די גאַסן־הענדלער, וואָס האָבן פאַרקויפט די ביליקסטע און ערגסטע סחורות, פירנדיק דעם האַנדל אויף האַנט־וועגעלעך), און רופן אויס די סחורות, וואָס זיי האָבן צו פאַרקויפן. עס קומען אויך בייגל־הענדלער און פאַרקויפן 5 בייגל פאַר צען גראָשן, אַ צווייער אַ שטיק, אויך לאָדע־פאַרקויפערס וואַרטן נישט די קינ־דערלעך זאָלן צו זיי קומען, נאָר קומען אין הויף זוכן קונים צווישן די קליינע חברה פון הויז. זיי ווייסן, אַז פינפער גראָשנס וועלן די קינדער נישט קענען אויס־וויינען ביי די טאַטעס, דערפאַר פאַרקויפן זיי קליינע פּאָרציעס צו צוויי גראָשן אַ שטיק.

די באַלעבאָסטעס פון הויף זיינען קאָנסומענטן פון אַ ספּעציעלער קאַטעגאָריע. זיי קויפן נישט אין קיין קלייטן, ווייל דאָרט איז צו טייער, נאָר אין באַזאַר, דאָרטן באַקומען זיי די ביליקסטע, און אויך די געמיינסטע, נאַרונגס־מיטלען. פליייש — נאָר קעפּ, פיס, לונגען, וואַמפּן, לעבער און אַנדערע אָפּפאַלן פאַר 60 גראָשן אַ קילאָ, ווען דער פּרייז פון א קילאָ גוט פלייש איז אַ זלאָטע מיט 50 גראָשן. די אויבסט־הורטאָווניקעס אין באַזאַר פאַרקויפן די אַ ביסל צוגעפוילטע אויבסט פאַר אַ שפּאָט ביליקן פּרייז, ווייל ווען נישט מוזן זיי דאָס אַוועקוואַרפן אויף דער פאַר־אָרדענונג פון דיער סאַניטאַר־מאַכט. אַן איינוווינער פון „פיינמעסערס קאַוויאַרניע” קויפט נישט קיין נאָרמאַל ברויט, אָדער ס'איז געפּלאַצט, אָדער אַ ביסל צוגעברענט, ווייל עס איז מיט 2—3 גראָשן ביליקער. אויך הערינג איז דאָ אַ ספּעציעלער

סאָרט צו 8 גראָשן אַ שטיק. אמת, גלייך אַזוי דאָס צו עסן איז נישט מעגלעך, ווייל זיי זיינען האַרט און שטאַרק געזאַלצן, אָבער די באַלעבאָסטעס ווייסן שוין ווי אַזוי דאָס צוצוגרייטן, מען ווייקט זיי צוערשט, די מילך ווערט אַרויסגענומען, דורכגעהאַקט מיט ציבעלעס, און אַזוי ווערט דאָס געגעסן.

דאָס געקויפטע קאָפּ־פליייש מוז מען אויך וויסן, ווי אַזוי צו קאָכן. מען זאָל נישט פילן דעם שטינקנדן ריח, ווערט דאָס צוערשט אויסגעבריט אין קאָכעדיק וואַסער.

און נאָך אַלעם ביים גאַנצן שפּאָרעוודיקן לעבן, איז קיין פּרנסה נישטאָ.

די ייִנגסטע קינדער מוזן צוהעלפן אין דער פּרנסה, 10—11־יעריקע ייִנגלעך האָבן זייערע ספּעציעלע באַשעפטיקונגען. ערב פּורים טראָגן שלח־מנות פון די צוקערניעס און גרעסערע אויבסט־געשעפטן. פאַר פּסח אַרבעטן זיי אין די מצה־בעקעריען. מיידלעך אַלס וועלגערינס אָדער פּאַקערינס, ייִנגלעך אַלס דערלאַנגער צום אויוון, מיירע־טרעגער, און אויך אַלס טרעגער, וואָס טראָגן אַהיים די איינגעקויפטע מצות. ערב פּסח פון פאַרטאָג אָן, לויפן אַרום די חבֿרה איבער די הויפן פון דער שטאָט און שרייען „חמץ צום פאַרברענען". זיי באַקומען פון יעדער באַלעבאָסטע אַ פּאָר גראָשן און שפּעטער פאַרברענען זיי דעם חמץ אין צווייטן הויף, אויפן פּלאַץ.

ייִנגערע קינדער 8—9־יעריקע, וואָס קענען נאָך נישט אַרבעטן אויף אַזעלכע „שטעלעס". און קענען קוים ביז צען ציילן, הויבן אָן צו האַנדלען. הענגען אויף זיך אָן אַ קעסטעלע מיט אַ שטריקל אויף דער ברוסט און פאַרקויפן גראָשנדיקע סחורות, אַבי צו פאַרדינען אַ מטבע.

אַזוי רייענדיק מאַכט דער לערער אויפמערקזאַם יוסטינען אויף אַ מערקווירדיקן איינוווינער, אַט איז ער דער זייגערמאַכער גערמאַן. ער לויפט באַשטימט זוכן ערגעץ אַ הלוואה'לע. דער לערער רופט אים צו און עס ווערט געפירט אַ שמועס.

— וואָס הערט זיך עפּעס גערמאַן? ער גייט לאַנגזאַם צו, גריסט העפלעך און ווייסט נאָך נישט, אַז יוסטינע איז די נייע הויזווירטין. ער דערציילט, וואָס עס דריקט אים אויפן האַרצן, ער האַלט אין איין אַרבעטן, טאָג און נאַכט, און ווען די זייגערלעך ווערן פאַרטיק, קומען נישט די קליענטן אויסקויפן. א טייל זיינען איינצווישן אַרבעטסלאָז געוואָרן, אַנדערע קראַנק געוואָרן, אָדער ס'איז אַן אַנדערע צרה געשען אין דער פאַמיליע. אַלץ מוז איך אויסשטיין — באַקלאָגט זיך דער זייגערמאַכער. זייט דער הויזווירט פיינמעסער איז געשטאָרבן איז מיר ביטער די וועלט.

— פאַרוואָס? שטעלט יוסטינע אַ פראַגע.

— ווען דער ווירט פיינמעסער האָט געלעבט פלעג איך אויסשטעלן אַ וועקסעלע אויף דריי חדשים אויף אַ 50 זלאָטעס און ער האָט מיר דאָס זשירירט. פלעג איך דאָס וועקסעלע דיסקאָנטירן אין דער קרעדיט־קאַסע, און זיך געקענט אַ ביסל „דרייען" מיט דער הלוואה.

אומגעריכט באַוויזט זיך די פרוי פון זייגערמאַכער, און דערזעענדיק אים שטיין און ריידן מיטן לערער און יוסטינען, האָט זי געמאַכט אַ ויצעקו: וואָס? דו שטייסט גאָר און רעדסט וועגן פּאָליטיק, אַ טאַטע ביסטו? אַ גזלן! דאָס קינד ליגט פאַר־שמאַכט, מיט פאַרטריקנטע ליפּן, נאָך גאָרניט נעהאַט היינט אין מײַלעכל, און דיך אַרט ניט. דער זייגערמאַכער פאַרשעמט זיך, ווערט רויט, און גייט אַוועק פאַר־זעצן אין אַ שפּיין־קלייבל אַ זיינערל, בכדי איינצוקויפן אַ ביסל פּראָדוקטן.

מיט לאַנגזאַמע טריט גייט אַ פאַרטראַכטער ר׳ לייבעלע מלמד. די לעצטע צייט איז זיין באָרד שטאַרק ווייס געוואָרן. איז דען אַ וווּנדער, אַז קוים דערלעבט צו דערציען אַ טאָכטער פון 17 יאָר איז זי קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און גע־שטאָרבן. די גאַנצע פאַמיליע איז צונעגומען געוואָרן אויף צוויי וואָכן אויף קאַ־ראַנטין, און די שטוב איז געוואָרן דעזינפעקציאָנירט און פאַרהתמעט.

אינצווישן זיינען אַלע זיינע תלמידים אַוועק צו אַנדערע מלמדים, און ער איז געבליבן אָן פּרנסה. זיין ווייב באַשעפטיקט זיך מיט האַנדל. זי נעמט אויפגעזעצט (אויף קרעדיט) ביי די געגדזלער נענדז, און טראָגט דאָס ארום אין די רייכע הייזער, צו די מאַדאַמע: אין די פּרינציפּאַלע גאַסן אין וואַרשע, אויף קרוטשע, ווילטשע און אַנדערע גאַכן. און פון דעם ציט זי פּרנסה. זי קען ניט אַליין שלעפּן די נענדז, נעמט זי זיך צוהילף אירע צוויי זין, איינער אַ צען־יעריקער און דער צווייטער צוועלף.

עס שטייט אויפן הויף דער בעטל־מאַכער און פאַרריכט אייזערנע בעטלעך. ער איז אַ קינסטלער אין פאַך, פון צעבראָכענע פאַרזשאַווערטע אייזנס שטעלט ער אויף איבערן טאָג אַ בעטל, מאָלט עס איבער, און עס ווערט אַ גוט אָנשטענ־דיק בעטל. די אַלטע צעבראָכענע אייזנס קויפט ער איין אין די נעשעפטן פון אַלט אייזנוואַרג, און די פאַרטיקע בעטלעך גיט ער אָפּ אין באַזאַר צום פאַרקויפן. אָבער ביז ער באַקומט אַ פּאָר גילדן פון סוחר אין באַזאַר, קריכן די אויגן אַרויס פון קאָפּ. דערפאַר מוז ער זיך מאַטערן מיט דער פּרנסה. אין די ענגע, דושנע צי־מערלעך זיינען דאָ א פּאָר הונדערט פאַבריקלעך, דאָס זיינען כאַלופּניקעס, וואָס נעמען אַהיים אַרבעט פון נעשעפטן און אַרבעטן פאַר א שפּאָט ביליקן פּרייז. פרויען נייען וועש, מאַכן פּאַפּירענע בייטעלעך, צערעוועס, שטריקן און אַרבעטן אויס פאַרשיידענע זאַכן.

מענער מאַכן לעדערנע דאַמען־טאַשן, אַרבעטן אויס פּולאָווערס און סוועטערס אויף טריקאָטאַזש־מאַשינדלעך, מען אַרבעט אויס פּאַסטע צו שיך און אַנדערע אַרבעטן.

אָבער פּרנסה איז נישטאָ. יעדער מאַטערט זיך. נאָכן אַוועקגעבן די פאַרטיקע סחורה אין די נעשעפטן, הייסן די סוחרים קומען אין פאַרשיידענע טערמינען אָפּצונעמען דאָס געלט פאַר דער אַרבעט, און צום סוף שטעלן זיי אויס אַ וועק־סעלע אויף אַ פּאָר חדשים. אין באַשטימטן טערמין ווערט דאָס וועקסעלע נאָר־נישט באַצאָלט, דאַן מוישט דער סוחר דאָס וועקסעלע אויף אַן אַנדערס, ווידער

אויף א פּאָר חדשים. און ווען דער כאַלוּפּניק מענהט, אז ער האָט נישט פון וואָס צו לעבן, שפּרינגט אויף דער סוחר מיט הוצפּה: וואָס עס געפעלט אייך נישט?, דאַנקט גאָט, וואָס איך גיב אייך אַרבעט.

עס פאָרט אַריין אין הויף אַ שוואַרצער וואָגן, אַ לויה, דאָס איז דאָ אַ זייער אָפּטע דערשיינונג, עס ווערט אין אַן אויגנבליק אַ טויטע שטילקייט, עס דערהערן זיך געוויינען פון צווייטן שטאָק, וווּ דאָס מת ליגט. דער בעטל-מאַכער הערט אויף צו אַרבעטן, אויך דער שמידער לעגט אַוועק דעם שווערן האַמער, און צוזאַמען מיט זיינע געזעלן קומט ער אַריין אין ערשטן בעטן הויף בעטן מחילה ביים מת און באַגלייטן אַ שטיקל וועג. ביי יעדער לויה זיינען אַלע לאָקאַטאָרן סאָלידאַריש געשטימט, גייען נאָך דעם ארון מיט אַראָפּגעלאָזטע, טרויעריקע קעפּ.

דער לערער וויל נאָך יוסטינען דערציילן וועגן רב אשכנזי, אַ זון פון קאָלאָ-ביעלער רבי׳ן, וואָס וווינט אויפן ערשטן שטאָק, וועגן נאַכעלע דער גבאיטע, וועגן ווייסן אפרים, און פון נאָך פאַרשיידענע מערקווירדיקע טיפּן, אָבער סאיז שוין געגוג.

יוסטינע קען שוין מער נישט צוזען און צוהערן דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין דעם אייגנאַרטיקן וועלטל, וואָס רופט זיך „פיינמעסערס קאַוויאַרניע״.

אַ מידע, צעבראָכענע גייט זי אַהיים, די נערוון זיינען ביי איר צעשרויפט פון אויפרעגונג, דענערווירונג און די אויגן פול מיט טרערן. זי איז בייז אויף אַלע-מען, אויף דער גאַנצער וועלט, אויך אויף דעם באַשעפער פון דער וועלט, פאַרוואָס ער פייניקט אַזוי און שטראָפט די איינוווינער פון „פיינמעסערס קאַוויאַרניע״, און פאַרוואָס ווערן די אָרעמע מענטשן אַזוי עקספּלאָאַטירט פּו זייערע אַרבעטסגעבער. זי איז אויך בייז אויפן טאַטן, צו וואָס האָט ער געקויפט דאָס הויז. געלעבט אַזוי פיל יאָרן רואיק, און באַשיידן, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו קויפן אַ הויז און משוגע צו ווערן פון די צרות. ניין, שרייט זי אויס, דאָס הויז מוז צוריק פאַר-קויפט ווערן.

דער פאָטער האָט מיט יוסטינען זיך נישט געקריגט, ניין. ער האָט דאָס הויז געקויפט פאַר איר און יאַדזיען אַלס נדן. דאָס הויז איז דאָך געקויפט געוואָרן אַלס אַ מציאה און מען קען עס פאַרקויפן מיט גאָר אַ גרויסן געווין. נישט איז נישט, וועל איך צוריק פאַרקויפן.

מעקלערס האָבן אָנגעהויבן קומען און ברענגען קונים, און דאָס הויז איז מיט מזל פאַרקנסט געוואָרן צו עקיבא גאָלדמאַן, א דיקער ייד מיט אַ פּאָר גראָבע ליפּן, זיינע אויגן האָבן אויסגעזען ווי אַ פּאָר נימ-צייטיקע גרינע פלוימען, די באַקן פון געזיכט — ווי פעטע דורכגעפּרעגלטע שניצלען. ער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק צוריקגעקומען פון בוענאָס-איירעס און מיטגעבראַכט א גרעסערע סומע געלט, און ווי מענטשן האָבן געשמועסט נישט פון בכבודיקע געשעפטן. געוווינט האָט ער אין וואַרשע אויף פּאַוויע נר. 10.

עקיבא גאָלדמאַן איז געוואָרן דער הויז־באַזיצער פון „פּיינמעסערס קאָוואָר־ניע" און די לאָקאַטאָרן איז נישט געווען מקנא צו זיין פון זייער נייעם אפּיטראָפּוס.

דער נייער הויזווירט האָט צונויפגעשטעלט רשימות פון די לאָקאַטאָרן און זייערע חובות, און אַרומגעגאַנגען אין די שטיבער, עפּענענדיק אַ מויל אַלעמען איינצושלינגען. „ביי מיר מוז מען צאָלן דירה־געלט, אויב נישט מאָ ווינט אַ נומער ווייטער". די לאָקאַטאָרן האָבן זיך דערשראָקן פאַר די דיבורים, אָבער ווייטער נישט געצאָלט, נישט געהאַט קיין געלט. ער האָט אַלעמען אָנגעקלאָגט אין געריכט אויף עקסמיסיעס, און דערווייל איז דאָס וואַסער אָפּגעשטעלט געוואָרן.

דאָס אָפּשטעלן דעם צופלוס פון וואַסער איז געשען דורכן מאַגיסטראַט, און דאָס איז געווען מער ווי אַ קאַטאַסטראָפע. די לאָקאַטאָרן האָבן נישט געהאַט קיין עמערס און די דערבייאיקע הייזער האָבן די הויזווירטן און די הויז־וועכטער נישט אַריינ־געלאָזט נעמען קיין וואַסער. עס האָט געדראָט אַ קאַטאַסטראָפע, אַן עפּידעמיע. די אַרבעטער, אַוועקגייענדיק אינדערפרי האָבן זיך נישט געקענט וואַשן, מען האָט ניט געקענט אָפּקאָכן אַ ביסל געקעכטס, וועגן באָדן די קליינע קינדערלעך און אויסוואַשן אַ ביסל וועש איז שוין אָפּגערעדט.

דער מאַגיסטראַט האָט אין אַ דערבייאיקער גאַס געעפנט אַ קראַן, און אין לאַנגע רייען האָט מען געמוזט שטיין נאָך וואַסער און דערצו באַצאָלן אַ גראָשן פאַר יעדער אָנגעפילטער כלי.

עטלעכע לאָקאַטאָרן האָבן יאָ געצאָלט דירה־געלט, דאָס זיינען געווען צוויי קצבים און דער מעבל־סטאָליאַר סאַפּירשטיין. זיי האָבן געטענה׳ט צום הויזווירט גאָלדמאַן, ער זאָל רחמנות האָבן אויף די לאָקאַטאָרן און דאָס וואַסער עפענען. עס האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס, מיט דער גרעסטער רציחה האָט ער געשריגן: „דירה־געלט צאָלן, אויב נישט פאַשאָל־וואָן ק׳מישאָרטו, איך דאַרף נישט קיין לאָ־קאַטאָרן קבצנים."

די פּראָצעסן האָבן זיך אָנגעהויבן, און אומזיסט האָבן די לאָקאַטאָרן געבעטן אין געריכט רחמנות. דאָס געריכט האָט צוגעפּסקנט דעם הויזווירט פאַנטאַסטישע סומעס דירה־געלט פאַר לאַנגע יאָרן, געריכטס־קאָסטן און עקסמיסיעס. די לאָקאַ־טאָרן האָבן גערופן דעם ווירט צו דין־תורה צום פּראַגער רב הרב זילבערשטיין, און אויך דער רב האָט אים צוגעפּסקנט. דירה־געלט מוז מען צאָלן — דאָס איז געווען דעם רב׳ס ענטפער. אויך דער וואַרשעווער ראַבינאַט אויף גזשיבאָווסקאַ 26 האָט דאָס זעלבע צוגעפּסקנט.

די פאַרביטערונג פון די לאָקאַטאָרן איז געווען אויסערגעווייגלעך. דער ווירט גאָלדמאַן איז געשטאַנען ביים טויער און אַריינגעקוקט אין די קיישלעך, וואָס די באַלעבאָסטעס האָבן געקויפט און געשריגן: „אַז מען האָט נישט פרעסט מען נישט, צוערשט באַצאָלט מען דירה־געלט".

אין אַ רעגנדיקן טאָג פון חודש אב איז פאָרגעקומען די ערשטע עקסמיסיע,

אַ ביסל אָרעמע בעבעכעס זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן הויף מיט אַ פרוי און פיר קינדערלעך. דער מאַן איז געווען ביי דער אַרבעט. דעם טאָג איז דער ווירט נישט געקומען אין הויז. דערפאַר איז אַ גרופּע לאָקאַטאָרן אַוועק צום ווירט גאָלדמאַן אַריינגעוואָרפן צו אים שטיינער און געמאַכט אַ סקאַנדאַל, דערפירנדיק צו אַ געשלעג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט די לאָקאַטאָרן איינגעזעצט אין תפיסה. ברוך צאַבאַן, איינער פון די שטאַרקסטע אין פּראַגע, פאַר וועמען אַלע האָבן מורא געהאַט פאַר זיין פיזישן כוח, איז געקומען, אויפגעבראָכן די טיר און צוריק אַריינגעזעצט אין צימערל די עקסמיסירטע פאַמיליע. די לאָקאַטאָרן האָבן אָבער געזען, אַז דער קאַמף איז אַ פאַרשפּילטער, די פּאָליציי, דאָס געריכט, דער רבֿ און אויך דער ראַבינאַט זיינען אויף דער זייט פון הויזווירט. מיט די לעצטע גראָשנס האָט מען אָנגעהויבן צאָלן דירה־געלט. דער ווירט האָט אָנגעהויבן נעמען די וועקסעלעך, וואָס די אַרבעטסגעבער האָבן געצאָלט, און וויי און ווינד איז געווען צו אַזאַ מייסטער אָדער סוחר, וואָס האָט נישט באַצאָלט אַזאַ וועקסעלע. דער ווירט האָט גלייך אָנגעגעבן אין געריכט, געמאַכט אַ סעקוועסטער אויף דער סחורה און באַשטימט אַ ליציטאַציע. דער אויסשטעלער האָט געמוזט פאַרן וועקסל באַצאָלן כפל־כפליים מיט פּראָצענטער, געריכטס־ און עקזעקוציע־קאָסטן.

דער הויזווירט האָט אַלעמען געזאָגט „דו“, אָן אונטערשייד, יונג אָדער אַלט. אויפן ערשטן שטאָק האָט געוווינט הרב אשכנזי, וועלכער האָט יומם ולילה געלערנט ווי אַן אַסקעט. האַלב צוועלף בייטאָג פלעגט ער עסן אַ טרוקן שטיקל ברויט מיט אַ שטיקל הערינג אָדער ציבעלע, און ביינאַכט אַ ביסל געקעכטס. צו אים איז גאָלדמאַן אַריין מיט פאָלגנדע ווערטער:

— גאָטס קאַזאַק, דו ווילסט אויך נישט צאָלן קיין דירה־געלט?

אַזאַ בזיון האָבן דעם רבס אָרעמע חסידים נישט געקענט צוהערן, און האָבן דעם הויזווירט געבעטן ער זאָל גיין צום קאָלאָביעלער רבין אויף פּאַוויע נר. 4, דאָס איז דעם רבס פּאָטער.

גאָלדמאַן האָט זיך נישט געפּוילט, אגב האָט ער געוווינט אויף דער זעלבער גאַס, און אַוועק צום רבין. דאָרט האָט ער געעפנט אַ מויל, אַז אַלעמען איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דער סוף איז געווען, אַז יעדן חודש האָט דעם רבינס גבאי אַריינגעטראָגן דעם ווירט אין שטוב דאָס דירה־געלט פאַרן לויפנדן חודש אין אַ קאָנטע אויפן חוב.

דער אָרעמסטער לאָקאַטאָר האָט געהונגערט און דירה־געלט געמוזט צאָלן, אויב נישט איז די עקסמיסיע געווען גרייט אויסצופירן, ווייל דער ווירט האָט אויף אַלע לאָקאַטאָרן געהאַט פּאַרטיקע אורטיילן.

אין דער לינקער געביידע אויפן פערטן שטאָק איז געווען אַן אַרבעטער לאָקאַל, וואָס האָט זיך גערופן „אַרבעטער־ווינקל“. אויך די פאַרוואַלטונג האָט נישט געצאָלט קיין דירה־געלט. דאָ האָט שוין דער הויזווירט קיין ספּעציעלע צערעמאָניעס נישט

געמאַכט און אָנגעקלאָגט אין געריכט אויף אן עקסמיסיע. צו זיין פאַרוואונדערונג איז דאָס געווען אַ האַרטע נוס איינצובייסן. צום פּראָצעס איז געקומען דער סעקרעטאַר מיט א שריפט אין דער האַנט, אין וועלכער עס איז געווען געשריבן: „אַזוי ווי איך האָב דעם לאָקאַל נישט געדונגען, ניט אונטערגעשריבן קיין קאָנטראַקט, בין איך פאַר קיין שום זאַך ניט פאַראַנטוואָרטלעך און איך בעט די תביעה אָפּצוואַרפן".

דעם הויזווירט גאָלדמאַן איז דאָס בלוט געקומען אין פּנים פאַר רציחה, אָבער אויף די פראַגן פון ריכטער האָט ער געמוזט ענטפערן, אַז דער סעקרעטאַר האָט טאַקע ניט געדונגען דעם לאָקאַל, און ניט אונטערגעשריבן קיין קאָנטראַקט. דער פּראָצעס איז טאַקע אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

ווי אַ באַגאָסענער מיט אַן עמער קאַלט וואַסער איז גאָלדמאַן אַרויס פון גע־ריכט־זאַל. אויף אַזאַ דורכפאַל האָט ער זיך נישט געריכט. מיט כעס און פאַרבי־טערונג פלעגט ער צוקוקן ווי יעדן אָוונט קומען יוגנטלעכע, מיידלעך און יינגלעך אין „אַרבעטער־ווינקל" לייענען צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט, טוישן ביכער און דער ביבליאָטעק. די מיטגלידער פון דראַמאַטישן קרייז מאַכן רעפּעטיציעס, און יעדן שבת צונאַכטס שפּילן זיי אויף קאָנצערטן. די מיטגלידער פון ספּאָרט־קלוב שפּילן אויף אַ גרויסן טיש פּינג־פּאָנג. יעדן פרייטיק צונאַכטס קומען פאָר צאָלרייך באַ־זוכטע פאָרלעזונגען, און יעדן אָוונט איז דער לאָקאַל פול. אויך א בופעט איז דאָ, אָבער דירה־געלט ווילן זיי נישט צאָלן.

לאַנגע חדשים האָט זיך עקיבא גאָלדמאַן פּראָצעסירט מיט דער פאַרוואַלטונג פון „אַרבעטער־ווינקל" און מיט כוח גאָרנישט געקענט פועלן, ביז ער האָט רעזיג־נירט פון וועלן עקסמיסירן. אויף אַ פרידלעכן אופן איז ער דורכגעקומען און באַקו־מען דירה־געלט.

גאָר לייכט איז אים געווען מיט דער שול (בית־התפילה), וואָס איז געווען אין פאַרטער, אין טויער פון צווייטן הויף. דער גבאי איז געווען אַ פאַרמעגלעכער ייד, אַן אייגנטימער פון אַ ברעטער־סקלאַד, און נישט וועלנדיק דערלאָזן צו אַ בזיון, אַז דער ווירט זאָל אַרויסוואַרפן די תשמישי־קודש אויף דער גאַס, האָט ער געצאָלט דירה־געלט.

יעדן חודש אלול פלעגט נאָכלעס די גבאימטע אָרגאַניזירן אַ גרופּע לאָקאַטאָרן, יונגע און אַלטע און אַוועקגיין מיט זיי אויף קבר־אבות, צו די פאַרשטאָרבענע לאָ־קאַטאָרן, אויך צום רב אשכנזי, וואָס איז אין צווישנצייט געשטאָרבן און פאַר אַלעם זיין אויפן קבר פון אַמאָליקן הויז־ווירט פיינמעסער און אויך ביי גרויסע גוטע יידן, ווי שמואל זבימקאָווער און אַנדערע.

ביים קבר פון הויזווירט פיינמעסער האָט נאָכלעס די גבאימטע איינגעריסן וועלטן און אַרויסגעוויזן איר גאַנצן טאַלענט, אָנהויבנדיק מיט פאָלגנדע ווערטער: ר' פיינמעסער, גוט פרי צו אייך, גוט פרי צו אייך אייער הייליקע נשמה זאָל לייכטן

אין גן־עדן, איר זענט דאָך געווען א צדיק, א מלאך צו אייערע לאָקאַטאָרן, איר זאָלט אין זיי נישט פאַרגעסן און ווייטער פאַר זיי זיין אַ מליץ יושר, איר זאָלט לויפן און בעטן, אַז זיי זאָלן זיין געזונט, האָבן פּרנסה און דער היינטיקער הויזווירט זאָל נישט זיין קיין רשע". די יידענעס פלעגן זיך דערביי צעכליפּען אין הייסע טרערן, יעדער האָט געזאָגט אין דער שטיל אַ תּפילה.

פון וויינען, שרייען און בעטן אַ גאַנצן טאָג, פלעגן אַלע צוריקקומען הייזעריקע, אָבער גאַבעלע די גבאיטע האָט שוין געזאָרגט, אַז אַלע זאָלן צוריק געזונט ווערן, באַזאָרגנדיק יעדן איינעם טאָג־טעגלעך אַ ביסל הייסע מילך מיט פּוטער. די אונטער־וואַקסנדע יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן רייסן צו אַ נייַ לעבן, ארויסרייסן פון זיך די פּעסט פון כסדרדיקן דחקות, הונגער און נויט, פאַרלאָזנדיק אַלס צען—עלף־יעריקע קינדער די חדרים, תּלמוד־תּורות און שולן, גייענדיק צו אַן אַרבעט, און נישט זיין אָנגעוויזן אויף די אָרעמע טאַטע־מאַמע.

דעם פאַרדינסט פלעגן זיי אינגאַנצן אַוועקגעבן אין שטוב צו לינדערן די נויט. פאַר די 30 גראָשן וואָס זיי פלעגן יעדן טאָג מיטנעמען אויף טראַמווייען פלעגט מען נישט פאָרן, נאָר קויפן זיך אַ שטיקל ברויט מיט אַ פּאָר עפּעלעך, אָדער אַריינ־גיין צום בלינדן ישראל ביים באַזאַר קויפן פון ביליקן געבעקס, וואָס האָט געקאָסט 10 גראָשן אַ שטיקל, אַ צוויי שטיקלעך שטרודל, אָדער האָניג־קוכן, שטילנדיק דעם הונגער.

די קליינע חברה האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אין די פאַראיינען, לייענען דאָרט פאַרשיידענע צייטונגען, קומען אויף קרייזן, אָנטיילנעמען אין אַקאַדעמיעס און אויך אין ערשטן־מאַי־דעמאָנסטראַציעס.

די באַשעפטיקונגען פון די אונטערוואַקסנדע זיינען, מערסטנטייל, געווען סעזאָן־אַרבעטן. אין צייטן פון אַרבעטסלאָזיקייט איז ווידער געווען שלעכט, ווידער הונגער, דאגות פון צאָלן דירה־געלט דעם בייזן שרייענדן הויזווירט, און מען מוז דאָך אַמאָל פאַרריכטן די שיך און אויך אָנטאָן אַ שטיקל מלבוש.

צוליב דעם אַלעם איז געווען אַ גרויסער אָנבאָט פון אַרבעטס־הענט אין די גרויסע פאַבריקן, ווו מען אַרבעט אַ גאַנץ יאָר. די לאָזונג איז דעמאָלט געווען: „קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט". נאָך שווערע באַמיאונגען איז געלונגען אַ גרופּע איינוווינער פון „פיינמעסערס קאַוויאַרניע" זיך אַריינצוקריגן אין די גרויסע פאַב־ריקן פון „סידאָל", „פּע־פּע־גע" און „ריגאוואר". דאָס זיינען אַלץ געווען אַקציע־געזעלשאַפטן אין וועלכע יידן זיינען געווען די הויפּט־באַלעבאַטים, דאָך איז געווען זייער שווער אָנצוקומען צו דער אַרבעט, צוליבן תּירוץ פון הילול שבת.

די איינוווינער פון זאַמבקאָווסקאַ 19, וואָס האָבן געאַרבעט אין די גרויסע פאַבריקן, זיינען מיט דער צייט געוואָרן פולשטענדיק אַנדערע מענטשן. אָנגעהויבן צו טראַכטן און פאַרשטיין די וועלט אין גאַנץ אַנדערע פאַרבן.

נאַכעלע די גבאימע פלעגט זיין אומצופרידן צוליבן הילול שבת, אָבער די מאַ־מעס פון די אַרבעטער האָבן געמענהט, וואָס קען מען טאָן, אַז פּרנסה איז מלחמה, אַז דער „טרעלבאַך" (אַזוי האָבן די לאָקאַטאָרן גערופן דעם ווידט גאָלדמאַן) איז גרייט געווען אַריבערצוואַרפן די שול אויף דער גאָס צוליב אַ פּאָר צענדליק זלאָטעס. נישט רעכענענדיק זיך מיט הילול הקודש און הילול השם.

דער סאַניטאַרער צושטאַנד פון „פיינמעסערס קאַוויאַרניע" איז געווען אַ שם־דבר אין דער גאַנצער אומגעבונג, אַז מען האָט אַפילו וועגן דעם געוווסט אין די גאָר הויכע פענצטער. אַ פאַקט, אז דער אינערן־מיניסטער, פעליקס סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי, בכבודו ובעצמו, איז אַראָפּגעקומען אויף אַן אינספּעקציע. דערזע־ענדיק דעם ניט קאַנאַליזירטן קלאָזעט פאַר 700 נפשות, מיטן אַרומיקן עפּויש און בלאָטעס אויפן צווייטן הויף, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז מען דאַרף דאָס גאַנצע הויז פאַרחתמענען, ווייל עס קען ווערן אַ נעסט פון אַלע עפּידעמיישע קראַנקהייטן און באַדראָען די גאַנצע שטאָט.

די מאַטער־עלע לאַגע האָט זיך אין „פיינמעסערס קאַוויאַרניע" אַ ביסל געענ־דערט. די קינדערלעך זיינע אונטערגעוואַקסן, אָנגעהויבן אַ ביסל פאַרדינען, אַהיימ־ברענגען אַ פּאָר זלאָטעס אַ וואָך, האָט מען קוים בדוחק געקענט צאָלן דירה־געלט. מאַכן אַ שטיקל מלבוש אָדער אַ פּאָר שיך דאָס איז שוין געווען צו שווער, איבער די כוחות. די פאַראיינען פלעגן אַרויסגעבן הנהה־קוויטלעך אין די קינאָס און טעאַ־טערס. אויף אַ פּרימאָרגן אין קינאָ האָט געקאָסט 20 גראָשן און אין טעאַטער 40 אָדער 50 גראָשן. די אַרבעטנדע יוגנט איז זייער גערן געגאַנגען, אָבער איין גרויסע שטערונג איז געווען די אַנטשפּרעכנדע באַקליידונג.

אין פּוילישן אַרבעטער־טעאַטער האָט געשפּילט, אָן איבערייס במשך פון אַכט חדשים, דאָס טעאַטער־שטיק „די גאַס" (אוליצאַ). דער רעזשיסער און דער הויפּט־ראָליסט איז געווען דער באַגאַבטער שוישפּילער סטעפאַן יאַראַטש. ער האָט איינ־מאָל פאַר דער פּרעסע דערקלערט, עס איז מערקווירדיק; אַז דער דראַנג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צום טעאַטער איז זייער גרויס און אויף די פאָרשטעלונגען זיצן זיי אין די מאַנטלען. איך האָב געוואָלט אויספאָרשן די סיבה, און פעסטגע־שטעלט, אַז צום באַדויערן האָבן זיי נישט קיין מאַרינאַרקעס אונטער די מאַנטלען.

דאָס זיינען געווען די לאָקאַטאָרן פון „פיינמעסערס קאַוויאַרניע". נישט געקוקט אויף דער שווערער אַרבעט האָבן זיי נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקליידן.

עס ברעכט אויס דער קריג, דאָס היטלעריסטישע מיליטער דרינגט אַריין קיין וואַרשע און די גאַנצע ווירטשאַפט און אינדוסטריע ווערט אָפּגעטויט. די פאַבריקן בלייבן שטיין און די איינוווינער פון זאַמבקאָווסקאַ 19 בלייבן פולשטענדיק אָן מיט־לען צום לעבן.

די מערהייט פון די איינוווינער ווערן גאַסן־הענדלער, בכדי צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן און נישט אויסצוגיין פון הונגער.

אַלע נאַצי־פֿאַראָרדענונגען טרעפֿן ביטער די אָרעמע באַפֿעלקערונג און הויפּט־זעכלעך די פֿאַראָרדענונג וועגן בילדן דאָס וואַרשעווער געטאָ. פֿראַגע ווערט דער־קלערט אַלס אַרישע געגנט און אין געציילטע טעג מוזן די איינוווינער פֿון „פֿיינמע־סערס קאַוויאַרניע״ פֿאַרלאָזן דאָס הויז, און אריבערציען זיך אויף דער אַנדערער זייט ווייסל, קיין וואַרשע.

מיטן אַנטשטיין פֿון וואַרשעווער געטאָ ענדיקט זיך די געשיכטע „פֿיינמעסערס קאַוויאַרניע״, וואָס איז געווען אַ קעניגרייך פֿון אָרעמקייט, עלנט און נויט.

אין וואַרשעווער געטאָ הויבט זיך אָן דער לעצטער טראַגישער עטאַפּ פֿון די איינוווינער פֿון זאַמבקאָווסקאַ 19: צוואַנגס־אַרבעט, פֿאַרשיקונגען אין קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערס, עפּידעמישע קראַנקהייטן און העראָאישער קאַמף און אויפֿשטאַנד.

# ר׳ לייבעלע קאַשע־מאַכער

זייט לייבעלע האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל, האָט ער זיך אויפגעהערט אינטערעסירן מיט דער מיל, ווייל זיין ווייב, בראַנדעלע קאָזאַק, האָט אָנגעהויבן פאַרוואַלטן מיטן גאַנצן פאַרמעגן.

אין דער מיל האָט זי אַריינגעזעצט איר זון, וועלכער האָט געפירט דאָס גאַנצע רעדל אַזוי ווי די מאַמע האָט אים אָנגעוויזן.

לייבעלע, אַ קליין נידעריק יידעלע מיט א שוואַרץ בערדל, ביי די פערציקער יאָרן, האָט געהאַט נאָך אַ פאַך: ער איז געווען גבאי און חזן ביים רב אשכנזי, אויף זאַמבקאָווסקאַ 19. יעדן פרייטיק־צונאַכטס, שבתים און ימים־טובים פלעגט ער מיט זיין קלינגענדער שטימע , מיט גרויס התמדה דאַווענען פאַרן עמוד, און דערצו אויך דערמיילן חופה־וקדושין.

יעדן פרימאָרגן איז ער מיטן רב געגאַנגען אין בית־המדרש, געדאַוונט און געלערנט ביז עלף—האַלב צוועלף, און דאַן געגעסן פרישטיק. נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע אַרבעט פון פסקענען שאלות, דורכפירן דין־תורה׳ס און ענלעכע ענינים, ביז זמן מנחה ומעריב. נאָכן דאַווענען האָט מען געגעסן מיטאָק און ווייטער געלערנט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

לייבעלע האָט שוין נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט די שטייער־אַמטן, קלאָג־פאָרן פון פאַבריקאַנטן, דירה־געלט, אַרבעטס־לוין און ענלעכע ענינים. ער האָט צו זיך אַליין געטענהט — געגוג פאַר דער וועלט געאַרבעט, איצט מוז מען אויך טראַכטן אַ ביסל וועגן עולם־הבא.

זיין ערשטע ווייב, אַן אָפּגעהיטענע פרומע יידענע, איז נעבעך יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט. רב לייבעלע איז געבליבן אַליין מיט אַ גראָמן, שיין ייִנגעלע. דער שוועער האָט רחמנות געהאַט אויפן קליינעם יתומל, אויפן אייניקל, און צוגענומען אים צו זיך. שפּעטער איז ער מיט אים אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד.

לאַנגע יאָרן איז לייבעלע געווען אַן אלמן, ביז ער האָט זיך געלאָזט דעם קאָפּ פאַרדרייען און האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט בראַנדעלע קאָזאַק.

מען האָט איר איינגערעדט, אַז זי מיטן זון וועלן פירן די מיל, און ער וועט מיט אַ רואיקן קאָפּ קענען לערנען און עוסק זיין בתורה ובמעשים טובים.

אַרויסגעוויזן האָט זיך גאָר אַנדערש. אין אָנהויב האָט בראַנרעלע קאָזאַק זיך באַצוינן צו איר ווי צו אַ מאַן: געוואַרט אויף איר מיטן פרישטיק, און אָוונט געמאַכט רעם מיטאָק. שפּעטער האָט זי זיך באַקלערט. זי וויל נישט וואַרטן מיטן פרישטיק אויפן מאַן, רעם בטלן, וועלכער קומט ערשט האַלב צוועלף אָנבייסן. האָט זי אַליין נעגעסן פרישטיק. דאָס זעלבע איז נעווען אין אָוונט. ביסלעכווייז האָט זיך די לאַגע אַלץ געענגערט. ווען אַלע פאָרמאַליטעטן מיטן איבערשרייבן די מיל אויפן זונס נאָמען זיינען געווען דערליידיקט, האָט זי אָנגעהויבן קאָכן מיטאָק ווי ביי לייטן, בייטאָג פאַר זיך און פאַרן זון. אין אָוונט פלעגט זי אָנוואַרעמען פאַר ליי־בעלען דאָס ביסל זופּ. אָבער אויך דאָס איז איר נמאס געוואָרן: זי וויל נישט, עס נעפעלט איר בכלל נישט אַזאַ מאַן, ביי וועלכן מען ווייסט נישט פון קיין לעבן.

זי האָט אָנגעהויבן אין נעהיים ביסלעכווייז אַרויסצוטראָגן אירע זאַכן, שפּעטער אויך זיינע זאַכן. ווען די שטוב איז שוין כמעט ליידיק געווען, האָט זי דערקלערט לייבעלען, אַז זי פאָרט אַוועק צו איר שוועסטער קיין ראַדזימין. מער איז זי צו איר נישט צוריקגעקומען: זי איז פאַרשוווּנדן. דאָס וואָלט פאַר איר נישט געווען קיין גרויס אומגליק, אָבער צוגלייך מיט איר איז אויך פאַר־שווונדן זיין גאַנץ פאַרמעגן: די מיל און אַלע ווערטפולע חפצים פון שטוב.

אָפּטמאָל פלעגט זיך לייבעלע מצער זיין דערפון. פאַרוואָס איז ער אַזוי גע־שטראָפט געוואָרן? צו וואָס האָט ער בכלל חתונה נעהאַט צום צווייטן מאָל און דווקא מיט אַזאַ מרשעת, וואָס האָט נישט גאָט אין האַרצן. זי האָט איר אָפּגענאַרט, צונערויבט זיין פאַרמעגן און איז אַנטלאָפן. ער פלעגט פון זיך פאַרטרייבן די ראָ־זיקע מחשבות, אָבער שטענדיק, ווען מען פלעגט איר א זאָג טאָן: „רב לייבעלע קאַשע־מאַכער", האָט איר אַ זעץ נעטאָן אין האַרצן, און אַלע בילדער פון זיין לעבן זיינען איר נעקומען אויף דער מחשבה, ווי זיי וואָלטן איר פאַר די אוינן נעשטאַנען.

לייבעלע האָט נעמוזט שלום מאַכן דערמיט. פאַרפאַלן, אַזוי זעט אויס די ווירקלעכקייט, און מען מוז זיך צופּאַסן צום נייעם לעבן. יאָ, די וועלט איז אַ שלעכ־טע, אַ רשעותדיקע, אָבער ניט ער פירט אָן מיט איר. גאָט, דער גרויסער אַלמעכ־טיקער, פירט אָן, און קענן איר וועט ער זיך נישט אַנטקעגנשטעלן. מסתמא ווייסט ער וואָס ער טוט. לייבעלע האָט אַ טראַכט נעטאָן, אפשר האָט ער, אָדער עמעצער פון זיין סביבה נעטאָן קעגן גאָטס ווילן, נעזינדיקט רחמנא לצלן, איז דאָס נעבעך אַ שטראָף, וואָס מען דאַרף אויפנעמען באהבה.

אַזעלכע נעדאַנקען זיינען איר נעקומען אין קאָפּ ווען ער פלעגט אַהיימגיין אין זיין איינזאַמער וווינונג. בכדי זיך צו באַפרייען פון די מאַטערנדיקע נעדאַנקען, האָט ער פאַרלאָזט זיין וווינונג און נעדונגען זיך אַ צימערל אין זעלבן הויז, אין וועלכן עס האָט געוווינט הרב אשכנזי, אויף זאַמבקאָווסקאַ 19.

אין נייעם וווין־אָרט האָט ער זיך באַקענט מיט אַ נייעם טיפּ מענטשן, וואָס

האָבן געפירט אַ גערנגל און קאַמף מיטן לעבן צו פאַרדינען אויף פּרנסה, הגם צווישן זיי זיינען געווען גענוג פרומע און גאָטספאָרכטיקע ייִדן.

אויב צוליב זיך אַליין האָט ער נישט געקענט האָבן קיין דירעקטע טענה צום רבונו של עולם, האָט לייבעלע אָבער ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיק צו די ליידן פון אַנדערע. ער פלעגט זיין צוזאַמען מיט הרב אשכנזי אַ שטענדיקער אייגנייער ביים קאָלאָביעלער רבין, וואָס האָט געווינט אויף פּאַוויע נר. 5, אָבער נישט שטענ־דיק איז געווען אַ געלעגנהייט וועגן אַזעלכע ענינים צו רעדן. שבת צונאַכטס ביים פראַווען טיש, ביים לערנען, ביים זינגען, איז נישט געווען דאָס פאַסיקע אָרט. צוליב דעם איז לייבעלע אַוועק צום אַלטן קאָלאָביעלער רבין און אים געבעטן מתפלל צו זיין צום באַשעפער, ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיינע באַשעפענישן, אויף די לאָקאַטאָרן פון זאַמבקאָווסקא 19 און זיי באַשערן פּרנסה. ווי נאָר לייבעלע האָט פאַרענדיקט דאָס רעדן, האָט דער אַלטער קאָלאָביעלער רבי אַרויפגעלייגט די עלנ־בויגנס אויף דער גמרא, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ, און איז שטאַרק איינגעשלאָפן. נישט לאַנג האָט געדויערט דער שלאָף, און ווען דער רבי האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערקלערט — מיין נשמה איז געווען אין הימל, איך האָב אַליז געקענט פועלן, אָבער דעם שליסל פון פּרנסה פאַר די לאָקאַטאָרן פון זאַמבקאָווסקא 19 האָט מען מיר נישט געוואָלט געבן.

— פּלאי פּלאים — האָבן איבעראַשטע אויסגערופן די טיש־זיצער.

לייבעלע איז געווען אַ ביסל אנטוישט, אָבער האָבן טענות צום רבונו של עולם קען ער נישט, ווייל ער ווייסט, אז גאָט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט. פון דעם טאָג אָן האָט לייבעלע געוווסט, אז די לאָקאַטאָרן פון זאַמבקאָווסקא 19 מוזן זיך נעבעך מאַטערן און ראַנגלען מיט דער פּרנסה.

יעדעס מאָל ווען ער איז גערופן געוואָרן צו אַ חתונה מסדר קדושין זיין, פלעגט ער בעטן מען זאָל מיטגעבן אַ ביסל צוקערוואַרג און קיכעלעך. צוזאַמענגנס אינערפרי פלעגט ער אויפזוכן די קינדער אויפן הויף און פלעגט זיי דאָס איינטיילן. די קינדער האָבן אים, דעם חזן, נישט נאָר געשעצט, נאָר אויך ליב געהאַט. יעדן פרייטיק צו־נאַכטס, שבתים, און ימים־טובים איז די שול ביים הרב אשכנזי געווען פול גע־פּאַקט. ר' לייבעלע האָט געדאַוונט פאַרן עמוד און די קינדערלעך האָבן הויך אויפן קול, ווי אַ כאָר, נאָכגעזאָגט „ברוך שמו — אמן".

ר' לייבעלע פלעגט זיך באַמיען שטענדיק עפּעס צו האָבן אין די קעשענעס, צו קענען איינטיילן די קליינע חברה. ער פלעגט ביי זיך טראַכטן: וואָס זיינען שול־דיק די קינדערלעך. ער פלעגט שטענדיק בקול רם אויסשרייען ביים דאַווענען „רחום והנון ארך אפּים", אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן.

די צייטן האָבן זיך געענדערט, די וועלט האָט זיך „מאָדערניזירט". די רבנים האָבן זיך איינגעריכטעט אין שיינע לאָקאַלן און ביי זיך איינגעאָרדנט חתונות. צו־ליב דעם איז ר' לייבעלע געבליבן אָן פּרנסה, קיינער האָט אים מער ניט גערופן מסדר קדושין זיין.

אין אַ טבֿה־נאַכט, אַ קאַלטער און פּראַסטיקער, האָט ר׳ לייבעלע, ביי אָפּענע גמרות, געפירט אַ געשפּרעך מיטן הרב אשכנזי. נישט וועגן עולם הבא, נאָר וועגן עולם הזה האָבן זיי געשמועסט, וועגן דעם הונגער און קעלט, וואָס הערשט ביי די לאָקאַטאָרן פון זאַמבקאָווסקאַ 19, און פאַרוואָס זיינען זיי אזוי געשטראָפט געוואָרן.

רער רב האָט פאַרבראַכן די הענט, שליסנדיק די פינגער, אנגעליינט די עלנ־בויגנס אויף דער גמרא, פאַרגלאָצט זיינע גרוי־רויטלעכע, פרומע אויגן, רערקלערנ־דיק: אחרי פּטירתי, דאָס הייסט נאָך מיין טויט, ווען איך וועל פאַראייניקט ווערן מיט גאָט, וועל איך אנווענדן אלע מיינע מעגלעכקייטן און קרעפטן צו העלפן די ליידנדע יידן.

די ווערטער האָבן זיך איינגעקריצט אין ר׳ לייבעלעס זכרון, ווי א הייליקע צוואה. פון צייט צו צייט פלעגט זיך אריינרייסן א ספקות אין זיין הארצן, נישט נאָר וועגן דער שלעכטקייט, וואָס הערשט אויף דער וועלט, נאָך אויך וועגן דער וועלט־אנפירונג. אזעלכע געדאנקען פלעגן עגבערן זיין מוח, ווען ער פלעגט נאָכ־טראַכטן די תפילות,- וועלכע ער זאָגט אלס חזן מיט גרויס כונה. משונהדיק פלעגן אים אויסקומען דער „אתה אבינו״, „אתה מלכנו״, „אתה מושיענו״. (גאָט דו ביסט אונדזער פאָטער, אונדזער קעניג, אונדזער דערלייזער). נישט ווילנדיק האָט ער צו זיך גערעדט: וואָס פאַר א טאַטע ביסטו, ווען דו פייניקסט דיינע קינדער. עס זיינען דאָ שלעכטע טאַטעס אויף דער וועלט, וואָס וואַרפן ארויס זייערע קינדער פון די היימען, זיינען דאָס דאָך ביטערע, שלעכטע מענטשן, אָבער דו, טאַטע אין הימל, דו ביסט פול מיט רחמנות, יושר און אמת, פאַרוואָס קען איך מיך נישט איבער־ציייגן אין דעם? די קעניגן פון אלע צייטן זיינען געווען רעספּאָטן, אָבער צו געוויסע גרופּעס האָבן זיי זיך גוט באַצויגן, באשאָנקען מיט כבוד, פאַרמעגן און ווילטאָג. דו, גאָט, ביסט דאָך דער קעניג איבער אלע קעניגן, פאַרוואָס זאָלסטו נישט דיין גרופּע, דאָס פאָלק ישראל, וואָס לויבט דיך און רינט צו דיר, אויך באשענקען מיט אַ ביסל עולם הזה? גאָט! וואָס פאַרא דערלייזער ביסטו פאַר אונדז, אַז כסדר ווערן מיר גערודפט און געפייניקט. פון פאָלק ישראל זיינען אין אלע צייטן און דורות געפלאָסן ימים בלוט און ימים טרערן״.

די געדאנקען פלעגן שטענדיק ביי אים איבערגעריסן ווערן מיטן רוף: ר׳ ליי־בעלע, עס איז שוין צייט מנהה צו דאווענען.

צייטן זיינען פאַרביי מערסטנטייל אין אומעט, ערגער און פאַרביטערונג, שמ־חות, פרייד, גליק — אזעלכע מאָמענטן זיינען נישט געווען, און אויב עס פלעגט זיך אויסדאכטן, אז אזעלכע שטראַלן באַווייזן זיך, זיינען זיי שנעל פאַרשוונדן אין אנטוישטע האָפענונגען.

אַ צופעליקע קראַנקהייט האָט דעם הרב אשכנזי אַוועקגעריסן פון דער וועלט און ער איז געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו אויפן פּראַגער בית־עולם.

א קורצע צייט האָט מען נאָך געראָוונט אין דער זעלבער ווינונג, אָבער דער הויזווירט עקיבא גאָלדמאַן, נישט קענענדיקביישטיין דעם נסיון פון נעמען א גרע־

סערע סומע אָפּטרעט=געלט פון א פרישן לאָקאטאָר, האָט דורך א געריכטס=אורטייל צוגענומען די וווינונג.

ר' לייבעלע איז געווען נאָך מער פארביטערט, און האָט זיך אויסגעקליבן אַ גאָר אַנדערע באַשעפטיקונג. ער האָט אויפגעבויט אַן אוהל אויפן רבס קבר און פלעגט פון אינדערפרי ביז אָוונט לערנען אויפן בית=עולם, דערמאנענדיק שטענדיק דעם רב זיין צוואה. פאַרשיידענע מענטשן זיינען נעקומען צום אוהל אַיינוואַרפן קווימלעך מיט פארשיידענע געבעטן, און ר' לייבעלע פלעגט מאכן מיט א נגון דעם „אל מלא רחמים". פאר די „אל מלא רחמימס" פלעגן אים מענטשן באצאָלן א פּאָר גראָשן, און דערפון האָט ער געלעבט. פון אזא „פּרנסה" האָט ער קיין דירה=געלט נישט נעהאט צו צאָלן און דעריבער האָט אים רער הויזווירט פארקלאָגט אין געריכט אויף אַן עקסמיסיע. ר' לייבעלע האָט א פּאָר טעג פארן קומען פון קאָמאָרניק ארויסצוּווארפן אים פון רער דירה, צוגויפגענומען זיין ביסל אָדעמקייט און אריינגעטראָגן צום שמש פון דעם „גערער שטיבל", אויף זאַמבקאָווסקא נר. 11. פון דעמאָלט אָן איז זיין נייע „דירה" געווען דאָס „שטיבל". אין אָוונט איז ער צוריקגעקומען פון בית=עולם, געדאוונט מנחה=מערב, שפּעטער געלערנט א ביסל ביים טיש, ביז ער איז איינגעשלאָפן, דרימלענדיק ביז אינדערפרי.

דער שמש און אנדערע באלעבאטים פון שטיבל האָבן אויף אים רחמנות געהאט. זיי האָבן געוואָלט אים העלפן, לכל הפּחות מיט א געלענער אָדער א וואַרעמען טעלער זופּ, אָבער קיינער האָט דאָס נישט געטאָן, ווייל א מענטש, וואָס איז שטענדיק אויפן בית=עולם ווירקט שלעכט אויף די קינדער, און גאַנץ אייגפאַך — זייערע פרויען האָבן דאָס גישט געוואָלט.

ר' לייבעלע פלעגט יערן טאָג גיין אין דער מקוה אויף שעראָקאַ 31, אין גמינעהויז, ווו ס'איז געווען די גרויסע פּראגער סינאגאָגע, זיך וואשן און נאָכן דאווענען קויפן א פערטל קילאָ ברויט פאר 11 גראָשן, א האלבן הערינג פאר 6 גראָשן און אָפּטמאָל א צוויי קליינע ציבעלעס פאר א דרייער און דערמיט פלעגט ער לעבן ביז אָוונט. ווען ער פלעגט צוריקקומען אין אָוונט פון בית=עולם האָט ער נאָך מעריב „אריינגעכאפּט" זיך צו מרימלען, ווו עס זיינען געקאָכט געוואָרן היימישע מיטאָגן. ער פלעגט עסן א טעלער הייסע זופּ פאר 30 גראָשן. אזוי זיינען פארשוואונדן די טעג, וואָכן און הדשים ביי ר' לייבעלען, איבערלאָזנדיק שטארקע שפּורן אויף זיין געזיכט און קליירונג. דער קערפּער איז וואָס אמאָל רארער געוואָרן, דאָס שווארצע בערדל איז גרוי געוואָרן, די באַקן זיינען אַלין מער איינגעפאַלן, אָנצייכנענדיק קאָנטורן פון זיינע פעלנדע ציין אין מויל. פון די שטענדיק רויטע, איבערגעמאטערטע אויגן האָבן זייער אָפט געפלאָסן טרערן, און דער שטערן איז געווען פול מיט קנייטשן. פאַרוואָס ער זאָל זיך אַזוי מאַטערן אויף רער וועלט אונטער רער געטלעכער און הימלישער שוין, דאָס האָט ער זיך נישט געקענט דערקלערן.

דער קרינג איז אויסגעבראָכן, קיין לעבעדיקער מענטש איז מער נישט געקומען אויף קבר=אבות און צום רב'ס אוהל איז קיינער נישט צוגעקומען. לייבעלע פלעגט מיט ליידיקע הענט צוריקקומען, אַפילו נישט געהאַט אויף קיין טעלער זופּ. ברויט

איז בכלל נישט געווען צו באַקומען. גיין בעטן ביי וועמען עפּעס צו עסן, דאָס האָט רב לייבעלע נישט געוואָלט. וואָס הייסט עפּעס בעטן ביי אַן אייגפּאַכן בשר ודם, ווען אין הימל איז דאָ אַ גאָט, אַ טאַטע, וואָס פירט אָן מיט דער גאַנצער וועלט און איז מפרנס אַלע באַשעפענישן, געוויקסן חיות און מענטשן. זאָל ער, דער נע־ווזענער איינגעטימער פון אַ מיל, דער גבאי ביים רב אשכנזי, דער חזן, דער מסדר קדושין, גיין בעטלען? ניין! דאָס נישט, רחמנא לצלן. בעסער בעטן צום הימל, דאַווענען, זאָגן תהילים, לערנען משניות און גמרא. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן, געדאַוונט און געבעטן ביז ער איז אַוועקגעפאַלן אין חלשות. דער שמש איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס און געבראַכט דעם פעלטשער סאַפּאַלסקי פון דער ברוקאָוואַ 35, וועמען עס איז נאָך גרויסער מי געלונגען אָפּצוראַטעווען רב לייבעלען. די שמש'טע האָט אריינגעבראַכט אַ ביסל טיי און געבעטן דעם פעלטשער ער זאָל פאַרשרייבן אַ צעטעלע אין שפּיטאָל אַריין.

עס רעדט זיך אַזוי לייכט — אַוועקפירן אין שפּיטאָל. אין דער ווירקלעכקייט איז עס געווען ווי עפּעס אַ שווערע רייזע. דאָס יידישע שפּיטאָל איז געווען אין וואָלע אויף דער דוואָרסקע גאַס, לערך 8—10 קילאָמעטער ווייט. קיין טראַמווייען זיינען נישט געפאָרן, אַלץ איז געווען צעשטערט. קיין געלט אויף אַ דראָזשקע איז נישט געווען, און ווער ס'זאָל געבן איז אויך נישט געווען.

נאַכעלע די גבאיטע פון זאַמבקאָווסקאַ 19, דערוויסנדיק זיך וועגן דער נאַנצער געשיכטע, איז געקומען צולויפן מיט אַ טעפּעלע הייסע מילך, צוויי פרישע,ווייסע זעמל און אָנגעוואָנדעט אַלע „קוניץ־שטיק״ רב לייבעלע זאָל וועלן עפּעס טועם זיין. זי האָט צו זיך אַליין געררעדט: אַזאַ אָפּגעהיטענער ייד, דער חזן, און קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, קיינער האָט מיר גאָרנישט דערציילט. אוי, אַ וועלט איז היינט, ס'איז ממש נישט אויסצוהאַלטן. זי איז אַרויס אין גאַס, געשאַפן אַ פּאָר זלאָטעס, אויסגעזוכט גאָדל דראָזשקאַזש, אויך פון זאַמבקאָווסקאַ 19, און באַשווירן אים מיט דערלעבן נחת פון זיינע קינדער, ער זאָל אַוועקפירן רב לייבעלען אין שפּיטאָל אויף טשיסטע. גאָדל האָט געוווסט, אַז פון דעם פאָרן וועט ער אַפילו אויף האָבער פאַרן פערד נישט האָבן, אָבער אָפּזאָגן האָט ער נישט געקענט, ווייל ווער קען דען טיטפּילן דעם אָרעמאַן, אויב נישט אַ קבצן?

נאַכעלע און דער שמש זיינען מיטגעפאָרן אין שפּיטאָל. מיט שווערע מי איז געפּועלט געוואָרן, מען זאָל דעם קראַנקן רב לייבעלע אַוועקליינן אויף אַ שטרוי־זאַק לכל־הפּחות אין קאָרידאָר, ווייל ס'איז נישט געווען קיין פּלאַץ. אומעטום זיינען געלעגן קריגס־פאַרוווּנדעטע און אַלע צימערן זיינען געווען איבערפולט. נאַכעלע די גבאיטע האָט נאָך באַוויזן רב לייבעלען אַריינצושטופּן אַ פּאָר עפּעלער, און זיי האָבן זיך געזעגנט.

אויף דעם גייעם נעלענער, דאָס הייסט אויפן שטרוי־זאַק אין קאָרידאָר, האָט זיך רב לייבעלע אַביסל אויסגעגלייכט די ביינער, באַקומען אויך יעדן טאָג אַ לעפל געקעכטס, און אַזוי איז ער אַביסל געקומען צו זיך, און אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט ער שוין געקענט אַרויס פון שפּיטאָל.

אינצווישן איז איינגעפירט געוואָרן אין וואַרשע דער וווין-קוואַרטאַל, און פּראַגע איז דערקלערט געוואָרן אַלס אַריש געביט. רב לייבעלע האָט נישט געהאַט וווהין צוריקצוגיין, אין שפּיטאָל האָט מען אים נישט געוואָלט האַלטן, האָט מען אים אַריינגעשיקט אין געטאָ. דאָ הויבט זיך אָן אַ נייע סדרה צרות, אָדער ווי רב לייבעלע האָט געזאָגט „דאָס לעבעדיקע גהינום”. אַלע פּראַגער איינוווינער זיינען געווען אין וואַרשעווער געטאָ צעזייט און צעשפּרייט, וווינענדיק אין פאַרשיידענע קעלערס אָדער בוידעמער.

ר׳ לייבעלע האָט נישט געהאַט וווּ צו וווינען און אויך נישט וואָס צו עסן, פון געוווינהייט האָט ער זיך אויסגעזוכט ווידער אַ בית-התפילה, דאָס מאָל אין „חברה ש״ס” אויף נאַלעווקי 39, אינם דורכגאַנגס-הויז צו דער מייזעלס גאַס, וואָס האָט אַמאָל געהייסן קופּיעצקאַ.

זייער אָפט איז ער אויף זיך אַליין בייז געווען, צו וואָס איז ער געזונט געוואָרן, ווידער זיך צו פּייניקן און מאַטערן, ווידער זיך אַנטוישן אין דעם טראַגישן שיקזאַל, ווידער דאַווענען און בעטן, און בלייבן ביי אַנטוישטע האָפענונגען.

די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן אין געטאָ, די שקלאַפן-אַרבעט, דאָס טראָגן שאַנד-צייכנס און די מאַסן-טראַנספּאָרטן פון די ייִדן קיין טרעבלינקע צום אומברענגען, האָבן געהאַט אַן איינגאַרטיקע גייסטיקע ווירקונג אויף ר׳ לייבעלען.

ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן און פאַרשטיין, אַז אַלע לעבעדיקע וועזנס אויף דער וועלט: פלאַנצן, חיות און מענטשן פירן אַ קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ און פאַרוואָס זאָלן זיך ייִדן לאָזן אומברענגען און גיין גלייכגילטיק צו דער שחיטה.

ווו איז דער גערעכטער מישפט? אַ גאַנץ לעבן געדאַוונט, געלערנט, געטאָן מעשים טובים, און דאָס זאָל זיין די באַלוינונג? אומגעבראַכט ווערן אין גאַז-קאַמער אין טרעבלינקע. ניין, דאָס נישט. ער טוט אַ נדר, איבערצורייסן מיטן נעכטן, מאַכן אַ שטריך איבער דעם, וואָס איז געווען ביז איצט, וואַרטן אויף ניסים, ווייל די אַלע געדאַנקען און האָפענונגען זיינען זעלבסט-אָפּנאַרעריי.

רב לייבעלע האָט זיך פאַרשאַפט אַ שטרוי-זאַק און געמאַכט זיך אַ בונקערל אויף דער מילא נר. 9, אין אַ קעלער פון דער רעכטער געביידע אין הויף. אַלס כלי-זין האָט ער אויסגעזוכט גראָבע ביר-פלעשער. אין די אומרואיקע טעג פון אַקציעס, סעלעקציעס און בלאָקאַדעס באַהאַלט ער זיך אויס אין בונקערל. דאָס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז דאָס בונקערל איז אַנטדעקט געוואָרן און מיט געוואַלט האָבן אים צוויי פּאָליציאַנטן אַרויסגעפירט. רב לייבעלע האָט געוווּסט, וואָס ס׳דערוואַרט אים.

ר׳ לייבעלע האָט קיין „שמע-ישראל” נישט געשריגן. ער האָט אַרויסגעכאַפּט די פלאַשן פון זיינע קעשענעס און געשליידערט אין די קעפּ פון די ס. ס.-מענער, אויסרופנדיק: ייִדן! לאָזט אייך נישט פירן, ווי די שאָף צו דער שחיטה, קעמפט פאַר אייער לעבן און רעכט, ווייל קיינער וועט אייך נישט באַפרייען, נישט גאָט אַליין און נישט קיין העלד, נאָר איר מיטן אייגענעם כלי-זין.

צוויי ס. ס.-מענער האָבן מיט רעוואָלווערן געצילט אין קאָפּ פון רב לייבעלען. אַ באַגאָסענער מיט בלוט איז ער געפאַלן אַ טויטער.

# מאַמעלע

איר ריכטיקער נאָמען איז געווען פּערעלע גוטערמאַן, אָבער קיינער האָט ניט געקענט און ניט באַנוצט זיך מיט איר נאָמען — מען האָט איר גערופן „מאַמעלע".

דעם נאָמען האָט זי צו פאַרדאַנקען איר באָבען, וועלכע האָט איר אַזוי פון קינדוויַיז גערופן, ווייל זי פלעגט זיך זאָרגפעלטיק און מוטערלעך שפּילן מיט די לאַלקעס און שפּילצייגן, וואָס זי פלעגט באַקומען.

פּערעלע האָט זיך אין איר נאָמען איינגעלעבט, און גלייכצייטיק געווען דער אויסדרוק פון באַגריף „מאַמעלע".

אַלס קינד האָט זי געזאָרגט, אַז אַלין זאָל אין שטוב זיין אין אָרדענונג, די עלטערן זאָלן נישט האָבן קיין גרונט זיך צו ערגערן, אין דער שולע איז זי געווען דיזשורנע און געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלע קינדער זאָלן עסן צו דער צייט דעם פרישטיק, צוגעהאָלפן שוואכע שילער מאַכן די לעקציעס, אַזוי ווי אַ ריכטיקע מאַמע.

די עלטערן, די חברטעס, די לערער, אין ביבליאָטעק און אויך די איינוווינער פון דער שטאָט האָבן נישט געוווסט אַנדערש ווי „מאַמעלע".

נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע האָט פּערעלע געפילט, אַז זי מוז ווירקלעך זיין אַ מאַמעלע פאַר אַלע ליידנדע און נויטבאַדערפטיקע.

זי ענדיקט אַ קראַנקן־שוועסטער שולע, הויבט אָן אַרבעטן אין שפּיטאָל און ווערט פאַר די קראַנקע אַ ריכטיקע מאַמעלע. זי פירט אויס איר אַרבעט מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנהייט. די קראַנקע פילן דאָס, און רופן איר מאַמעלע, נישט צוליב איר נאָמען, נאָר אויס ליבשאַפט פאַר איר מוטערלעכער זאָרג.

ס'איז גענוג זי זאָל זיך באַווייזן מיט איר שטראַלנד געזיכט און גוטמוטיקע אויגן, אַז די פאַרדאַגהטע קראַנקע זאָלן גלייך באַקומען אַן אַנדער געפיל. אירע פילבאַרע ווערטער טרעפן אין די ליידנדע הערצער און ווירקן ווי די בעסטע רפואות.

זי געהערט אויך צו אַן אָרגאַניזאַציע, קומט יעדן אָוונט אין לאָקאַל, און אויך דאָרט רעדפילט זי איר פליכט ווי אַ מאַמעלע.

אויף אַ באַנקעט אין דער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכן עס זיינען געקומען פאַר־

שטייער און איינגעלאַדענע געסט פון פאַרשיידענע שטעט, האָט מאמעלע אַרויס־געריפן צו זיך די גרעסטע באַוווּנדערונג און אינטערעס. זי האָט נישט גערוט, פאַר אַלין געזאָרגט, סערווירט די טישן, יערן איינעם דערלאַנגט פון אַלעם וואָס איז נאָר געווען, דערביי געוווּסט, וועמען צו געבן צוויי און אפילו דריי פּאָרציעס.

מען האָלט מאָאַסטן און קורצע רעדעס לכבוד דער פייערונג, אָבער מען פאַר־געסט אויך נישט צו טרינקען פאַרן וויל פון מאמעלען.

מאמעלע האָלט אויך אַ מאָאַסט און רעדט, ווי אַ מוטער צו קינדער, הגם אַלע זיינען דערוואַקסענע מענטשן און אפילו עלטער פון איר. זי ענדיקט מיט די ווער־טער: „קינדערלעך, איך טרינק פאַר אַלעמענס געזונט און פאַרן דערפאָלג פון דער אָרגאַניזאַציע.” עס הילכן רויִשיקע אַפּלאָדיסמענטן, בראַוואָ! מאמעלע, בראַוואָ! מאמעלע.

פונדערווייטנס זיצט העניעק און אָבסערווירט דאָס קליינע מאמעלע. עס דאַכט זיך אים אויס אפשר איז דאָס אַ טרוים, אַ פאַנטאַסטיש וועזן פון אַ בוך, ווייל וועלכעס צוואַנציק־יעריקע מיידל וואָלט דאָס דערלויבט מען זאָל איר רופן מאמעלע, וועלכעס מיידל, וואָלט זיך פאַר אַלעמען אַזוי מקריב געווען ווי זי, און טראַכטנדיק אַזוי מורמלען אַרויס זיינע ליפּן: מאמעלע דאָס איז אַן אידעאַל.

נישט ווילנדיק איז זיין מוח באַשעפטיקט מיט מאמעלען, זיינע אויגן זיינען כסדר צו איר געווענדעט, ער אָבסערווירט איר יעדע באַוועגונג און געזיכטס־אויסדרוק, באַוואונדערט איר שלאַנקע פיגור, פינקלדיקע ווייסע ציין, וואָס באַצירן איר מויל, די געלאָקטע האָר. ס'איז קיין טרוים, ס'איז אַ ווירקלעכקייט.

מאמעלע באַמערקט זיינע בליקן און זעט, אַז אַלע מאכלים שטייען נעבן אים אומבאַרירט. זי גייט צו אים צו, רעדט מיט אים, ווירקט אויף אים ער זאָל עסן און אונטער איר איינפלוס עסט ער טאַקע. זי ווערט אָבער גלייך פאַרשוווּנדן, זעצט זיך ביים קלאַוויר און באַגלייט דעם כאָר, וואָס זינגט ביאַליקס ליד „הכניסיני”:

„נעם מיך אַרונטער אונטער דיינע פליגל,
און זיי פאַר מיר אַ מוטער און אַ שוועסטער”.
און אַזוי ווייטער.

די ווערטער פון ליד צעגיסן זיך אין העניעקס האַרצן און ער קען נישט באַ־גרייפן וואָס האָט מיט אים פּאַסירט, איז ער פאַרכישופט געוואָרן? קען דאָס מיט אַמאָל פּאַסירן צו פאַרליבן זיך אין אַ מענטשן, וואָס טראַכט גאָרנישט און דענקט גאָרנישט וועגן אים. וואָס פאַרוואָס ציל האָט דאָס, וואָס פאַר אַ צוועק. אָבער דאָך פּילייכט, אפשר וועט זיין פאַנטאַזיע ווערן אַ ווירקלעכקייט, און ביי די ראַזיקע דערמוטיקנדע געדאַנקען ווערט ער מיטגעריסן מיטן זינגען און זינגט מיט. אויף זיינע ליפּן באַווייזט זיך אַ לייכט שמייכעלע און אַ צופרידנהייט צעגיסט זיך אויף זיין געזיכט. מען טאַנצט, און העניעק זוכט די מעגלעכקייט צו טאַנצן מיט מאמעלען, עס איז נישט אַזוי לייכט, ווייל אַזעלכע בעלנים ווי ער זיינען דאָ זייער פיל, אָבער דאָך געלינגט אים. ער פילט זיך צופרידן און גליקלעך, שטראַלנדיק פון פרייד.

נאָכן באנקעט זיינען זיך אלע פאנאנדערגעגאנגען, די געסט אוועקגעפאָרן, און העניעק באגלייט מאמעלען אהיים, ער שליסט מיט איר באקאנטשאפט און פאָרט אוועק צו זיך אין שטאָט.

יעדן שבת איז העניעק געקומען צופאָרן צו מאמעלען. פון מאָמענט ווען ער האָט איר דערזען האָט זיין לעבן אן אנדערן אינהאלט באקומען. א גאנצע וואָך האָט ער אומגעדולדיק געווארט דער שבת זאָל קומען. דער געדאנק פון טרעפן זיך מיט מאמעלען האָט זיין הארץ אָנגעפילט מיט מוט און ענערגיע צו באקעמפן אלע טאָג־טעגלעכע מאַטעריעלע דאגות.

טאטע־מאמע, אין שטעטל, אין דער אָרגאניזאציע, אלע ווייסן שוין וועגן העניעקן, מען רעדט און מען דערציילט פארשיידענע געשיכטעס, אָבער נישט חס־ושלום קיין שלעכטס, להיפך, אלע האָבן נאָר לויב־ווערטער פאר דער נייער פּאָר.

אויף פּורים איז העניעק פארבעטן געוואָרן צו מאמעלען אהיים. דער טיש איז געווען באַצירט מיט פארשיידענע מאכלים, און מיטן טאָרט וואָס העניעק האָט גע־שיקט. זיין הארץ איז אנגעפילט געוואָרן מיט פרייד פון דער אידעאלער הארמאָניע, וואָס הערשט אין מאמעלעס פאמיליע. ער האָט געבראכט פאר מאמעלען א גאָלדן זייגערל. אַלס מתנה, באצירנדיק דערמיט איר לינקע האנט.

טאטע־מאמע אָבסערווירן העניעקן פון קאָפּ ביז פיס, רעדן מיט אים וועגן פארשיידענע זאכן, און שטראַלן פון צופרידנהייט מיט זיין גייסטיקער אנטוויקלט־קייט.

ביילע, מאמעלעס מוטער, קען זיך ניט באהערשן פאר פרייד. זי גייט אריין אין צווייטן צימער און טרערן באווייזן זיך אין אירע אויגן. פארוואָס וויינט זי? דאָס ווייסט זי אליין אויך נישט. זי ווייסט נאָר איין זאך, אז א יידישע שמחה ווערט אויך באגלייט מיט טרערן. איר ווונטש צום בורא עולם איז, אז ביי איר אין שטוב, ביי דער פאמיליע, שכנים און כל־ישראל, זאָל הערשן רו, צופרידנהייט און גליק.

דער טאטע, ר' אהרעלע מתמיד, איז א ייד א תלמיד־חכם, מיט א לאנגער פּאַטריאַרכאַלער באָרד. ער פאַרקערפּערט אין זיך .תורה, חכמה און יראת־שמים. זיין שמועס מיט העניעקן וועגן תורה־פּראָבלעמען, איז דורכגעפלאָכטן מיט מאמרי חז״ל, רמב״ן און רשב״ם. זיין הארץ ווערט אנגעפילט מיט צופרידנהייט, וואָס הע־ניעק קען א ביסל פון דעם אלעם, וואָס איז דער עיקר פון יידישן דת און אמונה.

מאמעלע קען נישט צוקוקן ווי דער טאטע מאטערט העניעקן מיט פארשיידענע פּילפּולים־טישע תלמודישע פּראָבלעמען, דעריבער גיסט זי אָן די כוסות און בעט אנצוהייבן די סעודה.

מאמעלע האָט געבעטן העניעק זאָל זינגען. ער האָט איר צוליב געטאָן און געזונגען, פארשאפנדיק אלעמען תענוג און הנאה.

חול־המועד פּסח זיינען זיך די מחותנים צונויפגעקומען און דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן. ל״ג־בעומר זיינען געשריבן געוואָרן די תנאים און העניעק איז געוואָרן אַן אָפּטער אייגנייער אין זיין מחותנים הויז, פירנדיק פּאָליטישע שמועסן.

ער איז געוואָרן דער קוואל פון אלע נייעס, ווייל פון פאך איז ער געווען א ראדיאָ-מאָנטער און כסדר געהערט אלע ידיעות פון דער וועלט.

העניעק, וואָס וואָלט זיך געדארפט פילן צופרידן און גליקלעך, איז אָפטמאָל אומצופרידן, ווייל מאמעלע איז שטענדיק פארנומען, ווידמענדיק דער ארבעט, נישט נאָר איר צייט. נאָר אויך אירע געפילן, איר האַרץ און אירע סענטימענטן. שטענדיק מוז ער ווארטן אויף איר, און אנשטאט צו פארברענגען מיט איר, זיצט ער מיטן טאטן און רעדט וועגן אלץ אין דער וועלט. ער האָט דרך-ארץ פארן טאטן, דאָס הייסט פארן מהותן רעם תלמיד-חכם, אָבער ער קומט דאָך נישט אהער, בכדי צו ריידן מיט אים דברי-תורה.

ווי נאָר מאמעלע באוויזט זיך, פארגעסט העניעק אָן אלעמען, און פילט זיך ווי אן אנדערער מענטש. ער צווייפלט נישט מער אין איר ליבע צו אים און ער פילט דעם גייסטיקן בונד, וואָס איז צווישן אים און מאמעלען געשלאָסן געוואָרן.

העניעק הויבט אָן אנדערש צו טראכטן וועגן מאמעלען אלס פרוי, ווייל אין דער ערשטער ריי איז זי א גייסטיקע לעבנס-באגלייטערין. זיין פאנטאזיע הויבט אָן אידעאליזירן מאמעלען, און זיינע געדאנקען דערטראָגן זיך ווייט אוועק. ער געפינט בארעכטיקונג פארן מענטשן אלס געזעלשאפטלעך און קולטורעל וועזן.

העניעקס לעבן איז אנגעפילט געוואָרן מיט א נייעם אינהאלט. נישטאָ קיין איין געלעגנהייט, וואָס ער זאָל נישט אויסנוצן צו זיין ביי מאמעלען, זיך טיילן מיט די געדאַנקען, אויסהערן איר מיינונג, וואָס איז מערסטנטייל די מאָסגעבנדע און די לאָגישסטע. ער איז גאנץ אונטערן איינפלוס פון מאַמעלען.

עס קומען אָן שווערלעכע און טראגישע טעג, וואָס צעטרעטן און צעשטערן אלע מענטשלעכע טרוימען און אידעאלן. עס ווערן פארניכטעט גייסטיקע ווערטן און זייער אָרט פארנעמט ברוטאליטעט און פארברעך.

דאָס לעבן אין געטאָ איז איינגעהילט אין א שרעקנדיקער פינצטערניש, דאָך שפּראָצן ארויס קליינע זאנגען, ווי ליכטיקע שטראלן. צווישן די, וואָס ברענגען אריין א קליינע טרייסט און האָפענונג אין דער מרה שחורה, זיינען אויך מאמעלע און העניעק. זיי פאַרשפּרייטן די ידיעות פון געהיימען ראַדיאָ.

העניעק, אלס ראַדיאָ-מאָנטער, האָט צונויפגעשטעלט אן אפאראט, און מיט דער מיטהילף פון מאמעלען איינמאָנטירט אים אין קעלער פון דער וועשעריי אין שפּיטאָל. קיין לעבעדיקער נפש האָט וועגן דעם נישט געוווסט. די געהערטע ידיעות האָט העניעק אין שיפרירטע ציפערן פארשריבן פאר דער אונטערגרונט-באוועגונג, וואָס האָט ארויסגעגעבן אן אומלעגאלן ביולעטין.

די טעטיקייט פון דער אָרגאניזאציע איז פּאָרלויפיק געווען נאָר א קולטורעלע, ווייל קיינער האָט נאָך נישט געוווסט ווי אזוי די ווייטערדיקע געשעענישן וועלן זיך אנטוויקלען.

די פאַרפאָלגונגען און רעפּרעסיעס האָבן זיך פאַרשאַרפט פון טאָג צו טאָג. עס איז אוממעגלעך געוואָרן צו גיין איבער די גאסן, ווייל מען האָט געכאפט צו צוואנגס-ארבעט, צו פארטיקונגען און ענלעכע אנשיקעניישן.

העניעק האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן ביי זיך אין שטעטל. ארבעטן ביי זיין פאך איז געווען אויסגעשלאָסן, ווייל באזיצן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן איז געווען פאַר־באָטן, און דערצו איז ער געווען איז שטענדיקן קאָנפליקט מיט דער יידישער פּאָ־ליציי, וואָס האָט אויף אים געלויערט צו כאַפּן און אוועקשיקן צו צוואַנגס־ארבעט. צוליב דעם האָט מאַמעלע אויסבאַהאַלטן העניעקן אין שפּיטאָל, וווּ ער האָט אויס־געפירט א וויכטיקע מיסיע פאַר דער אונטערגרונט־באַוועגונג, דורך צושטעלן ידיעות פון זיין געהיימען אַפּאַראַט.

דער זמן התונה האָט זיך צוגערוקט, אָבער צוליב דעם, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט פּראַווען א התונה, אַזאַ ווי עס קומט מאַמעלען, זייער בת־יחירה, האָט מען פאַרלויפּיק וועגן דעם נישט גערעדט. עס האָבן זיך, נעמלעך, פאַרשפּרייט פאַרשיירענע טראַגישע ידיעות, וועגן דער אומגעבונג, און הויפּטזעכלעך פון לובלין און וואַרשע. עטלעכע טעג פאַר תשעה באב 1942 איז אין לעבן פון מאַמעלעס פאַמיליע פאָרגעקומען א טראַגישע פּאַסירונג. העניעק האָט זיך געטראָפן מיט זיין פאַרבינדונגס־מאַן און ביידע זיינען אַריינגעפאַלן, מען האָט זיי אַרעסטירט. ביי דער רעוויזיע האָט מען ביי זיי געפונען אומלעגאַלע צייטונגען. ס'איז זיי נישט געלונגען אויסצומיידן דעם טויט.

אומזיסט האָט מאַמעלע געזוכט העניעקן אין קעלער פון דער וועשעריי, ביים ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אומזיסט האָט זי יעדן אָוונט געוואַרט אויף אים. טראָץ דעם, וואָס דאָס שטעטל און די עלטערן האָבן פאַר איר פאַרהוילן די גרויזאַמע ידיעה, איז זי וועגן דעם גלייך געוויר געוואָרן. איך, האַריץ איז אַנגעפילט געוואָרן מיט טרויער און האָט געברויזט נקמה צו נעמען אין די מערדער.

ר' אהרעלע מתמיר האָט דעם תשעה באב געהאַט א דרייפאַכיקן טרויער: פון אַמאָליקן חורבן בית המקרש, צוליבן איצטיקן גרויסן חורבן, און צוליבן אומגליק מיט העניעקן. זיינע גרויסע ברעמען האָבן אַראָפּגעהאָנגען איבער זיינע טיפע אויגן און א כוואַליע פון בונט האָט אויפגעברויזט אין זיין האַרצן, מאַכנדיק מיט זיך א חשבון הנפש.

— רבונו של עולם, האָט ער געטענהט, פאַרוואָס קומט עס מיר. מיין גאַנץ לעבן האָב איך זיך געפירט בדרך התורה. געלערנט ווי א מתמיד טאָג און נאַכט, געלויבט דיך, און געדינט, דערצויגן א טאָכטער אין גייסט פון יראת שמים — פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ צער? איך קען נישט צוקוקן דעם טרויער פון מיין קינד, איך קען נישט צוהערן איר געוויין, איך קען נישט דערשטיקן אין מיר דעם ווייטיק צוליב העניעקס אומקום. און דו, באַשעפער פון דער וועלט, ביזט אַזוי גלייכגילטיק צו די טייכן בלוט, וואָס ווערן פאַרגאָסן פון דיין פאָלק. אויב דיין רצון איז, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל אומקומען, איז פאַרפאַלן, וועל איך מיך נישט אַנטקעגנשטעלן דיין ווילן, אָבער נישט פון הענט פון רוצחים, וואָס זאָלן מאָרדן און דערביי חוזק און לאַכן.

פון זיינע אויגן פליסן טרערן אויף דער אָפענער גמרא, און דער אויסגעמאַ־טערטער קאָפּ איז אַנגעשפאַרט אויף די עלנבויגנס.

זייט עלעכע מעג האָט זיך מאמעלע פּולשטענדיק פאַרענדערט. איר ראַזעווע שמייכלענדיק געזיכט איז גאַנץ בלייך געוואָרן. זי קען זיך קיין אָרט נישט געפינען. די שטוב מרייבט איר ארויס אויף דער גאַס, און די גאַס צוריק אין שטוב. איר לעבן האָט פאַרלוירן דעם אינהאַלט צוליב דריי טראַגישע געשעענישן: העניעקס אומקום, דאָס דערשיסן אלע קראַנקע פון שפּיטאָל און דאָס אומברענגען די יידן פון די ארומיקע שטעט. זי קען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז העניעק, דער פרוים פון איר הארצן, איז מער נישטאָ; אַז די קראַנקע, פאַר וועלכע זי איז געווען ווי א ריכטיקע מאַמע, זיינען אומגעבראַכט געוואָרן; אַז אירע פאָלקס־ברידער און שוועסטער קומען אום אין גאַז־קאַמערן און אין קרעמאַטאָריעס, און דאָס זעלבע איז צו דערוואַרטן אויך אין געטאָ. ניין, אַזוי קען דאָס ווייטער נישט זיין, זי מוז אוועק און קעמפן קעגן שונא. זי האָט שוין וועגן דעם גערעדט מיטן טאַטן, וועלכער האָט צוגעזאָגט היינט צו געבן תשובה.

ר' אהרעלע מתמיד איז אוועק צום רבין, ער זאָל געבן אן עצה וואָס צו טאָן. דער רבי האָט פאַרמאַכט די גמרא, אויסגעווישט די ברילן, דערקלערנדיק, „עס איז איצט אַ שעת הכושר, ווער עס קען זיך ראַטעווען, דאַרף דאָס טון, איך בלייב און וועל באהבה אייפּנעמען גאָטס רצון". ר' אהרעלע האָט זיך געזעגנט מיטן רבין און איז אוועקגעגאַנגען. אהיימקומענדיק, האָט ער ארייגערופן מאַמעלען און געזאָגט, אַז זי קען איר פּלאַן אויספירן.

מאַמעלע האָט איינגעפּאַקט עטלעכע אירע זאַכן, קליידער־שטיק, וועש און דער עיקר מעדיקאַמענטן, און פאַרטאָג, איידער די זון האָט אויפגעשיינט, געזעגנט זיך מיט די עלטערן און פאַרשווונדן פון געטאָ.

אויף דער ארישער זייט איז זי אוועק אויפן אדרעס, וואָס איז פאַרויס געווען אָפּגעשמועסט מיט די חברים פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג. דאָרט האָט זי באַקומען אַן ארישן דאָקומענט, אנגעטאָן זיך אין קליידונג פון א קראַנקן־שוועסטער, און אַלס ארישע איז זי אוועקגעפאָרן צו די מינסקער וועלדער אין אַטריאַד פון קאָמאַנדיר באַזשענקאָווסקי. עס הויבט זיך אָן „א ניי לעבן" אין די וועלדער, אין די „זיעמלאַנקעס", דאָס הייסט אין אונטערערדישע בונקערס.

מאַמעלע באַקומט די מיסיע איינצואָרדענען א שפּיטאָל פאַר פאַרווונדעטע און קראַנקע פאַרטיזאַנער. זי פירט אויס געוויסנהאַפט איר פונקציע און ווערט שנעל באַליבט ביי אלע פאַרטיזאַנער. און ווידער ווערט זי באַשאָנקען מיטן נאָמען „מאַמעלע". עס פאַרדריסט איר איין זאַך: פאַרוואָס זאָל זי נים מיטגיין צו אקציעס, פאַרוואָס זאָל זי זיך נישט באַטייליקן אין קאַמף. זי קען נישט איינרוען, ווייל זי האָט באַשלאָסן נקמה צו נעמען פאַר איר פערזענלעכן און פאָלקס־אומגליק.

מאַמעלע בעט זיך ביים קאָמענדאַנט מיטצונעמען זי צו אקציעס. ביי טאָג וועט זי באַדינען די קראַנקע, און ביינאַכט — מיטהעלפן אין קאַמף. דער קאָמענדאַנט קלערט איר אויף, אַז יעדע קויל, יעדער גראַנאַט און יעדע באָמבע מוזן פאָזיטיוו פאַרווענדעט ווערן, און היות זי קען זיך גאָר נישט אומגיין מיט געווער, האָט ניט קיין צוועק איר באַטייליקונג אין אקציעס.

מאמעלע איבערציײגט זיך, אז דער קאָמענדאנט האָט רעכט, דאָך רעזיגנירט זי נישט פון איר פּלאַן און לערנט זיך באַניין מיט האַנט־גראַנאַטן. צו גרויס איז איר פאַרביטערונג און צאָרן צו קענען דורכלאָזן א געלעגנהייט צו קעמפן קעגן שונא.

אין טאָג ווען דער אינסטרוקטאָר האָט דערקלערט, אז זי קען שוין וואַרפן גראַנאַטן, האָט זי דורכן ראַדיאָ געהערט די ידיעה, אז אַלע ייִדן פון איר שטעטל זיינען „אויסגע־ייִדלט“ געוואָרן קיין טרעבלינקע און דאָרט אומגעבראַכט גע־וואָרן. ס'איז פאַר איר קלאָר געווען, אַז אויך אירע עלטערן זיינען אומגעקומען. לענ־גער האָט זיך מאַמעלע נישט געקענט באַהערשן, און די זעלבע נאַכט איז זי מיט־געגאַנגען צו אַן אַקציע פון צעשטערן א דייטשן צוג מיט אַמוניציע, וואָס האָט גע־דאַרפט דורכפאָרן צום סאָוועטישן פראָנט.

די נאַכט איז געווען א טונקעלע, א פאַרנעפּלטע, פינצטערע ארום און ארום, מען הערט דאָס רוישן פון די בלעטער אויף די צווייגן, וואָס באַוועגן זיך אונטערן דרוק פונם ווינט. פון דערווייטנס זעען אויס די קורצע גאָרדל־ביימער, ווי מענטשן, דעריבער האַלטן די פּאַרטיזאַנער דאָס געווער אין האַנט אין פולער קאַמפּס־גרייט־קייט. עס גייען זעקס פּאַרטיזאַנער, פינף מענער און מאַמעלע, זיי זיינען איינגעטיילט אין צוויי גרופּעס צו דריי פּערזאָן. יעדער פון דער גרופּע האָט אַן אַנדער מין געווער. אַן אויטאָמאַט, א מינע אונטערצולייגן אונטערן צוג און האַנט־גראַנאַטן.

דער וועג איז נישט געווען קיין נאָענטער, זעכצן קילאָמעטער, און אויך נישט קיין לייכטער — מען האָט געדאַרפט זיין אויסגעבוגדן מיטן וואַלד צו קענען דעם וועג פון זיין קעניגרייך, אָבער די פּאַרטיזאַנער האָבן גלענצנד באַהערשט די סודות־פולע וואַלד־סטעזשקעס, גייענדיק מיט דרייסטע טריט.

זיי זיינען אַנגעקומען צום באַשטימטן אָרט און געדאַרפט נעמען זיך צו דער אַרבעט. אונטערגראָבן די באַן־רעלסן, אַריינלייגן אַ מינע, פאַרפעסטיקן דעם שנור ביים צינדער, דערווייטערן זיך א צוויי צענדליק מעטער פונם אָרט, און אָפּ־וואַרטן דעם אַנקום פונם צוג. דערווייל האָבן די פּאַרטיזאַנער דערהערט א גערויש פון א פאָרנדן אויטאָ אויפן שאָסיי. דער אויטאָ איז געבליבן שטיין און אויסגע־לאָשן די באַלייכטונג. פיר פעלד־זשאַנדאַרן זיינען אויסגעשטיגן, אַריין אין וואַלד, און צעלייגט זיך דאָרט מיט פאַרשיידענע הפצים, וואַרשיינלעך געוואָלט זיך צעטיילן מיטן רויב נאָך א דורכגעפירטער אָבלאַווע אין א דערבייאיקן דאָרף. דער קאָמאַנ־דיר פון דער גרופּע האָט געהאַלטן פאַר שעדלעך צו האָבן הינטער זיך דייטשע זשאַנדאַרן, ווייל דאָס וואָלט געקענט שטערן אין אויספירן די אַקציע, דעריבער האָט ער באַפוילן אַרומצורינגלען זיי. מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט איז דער באַפעל אויסגעפירט געוואָרן. אַ סאַלווע שאָסן פון די פּאַרטיזאַנער איז געפאַלן צו די זשאַנדאַרן צוויי פון זיי זיינען געפאַלן טויט, און אײדער די אַנדערע צוויי האָבן באַוויזן צו כאַפּן זיך פאַר זייערע אויטאָמאַטן, זיינען זיי שוין געווען געפאַנ־גען. מאַמעלע האָט אויסגענוצט איר לערע פון וואַרפן האַנט־גראַנאַטן און געצילט

א גראנאט אין בענזין־קעסל פֿון אויטאָ. אין געציילטע סעקונדן איז דער אויטאָ פֿולשטענדיק פֿארניכטעט געוואָרן אין די פֿלאַמען פֿון ברענענדן בענזין.

דאָס געווער פֿון די זשאַנדאַרן איז צוגענומען געוואָרן, די צוויי געפֿאַנגענע האָט מען אריינגעפֿירט טיפֿער אין וואלד און צוגעבונדן זיי צו א בוים אונטער מאַמעלעס באַוואַכונג. די פֿינף פּאַרטיזאַנער זיינען אַוועק אויספֿירן די אקציע. די באַן־ליניע איז מינירט געוואָרן און אויך אַלע צוגרייטונגען זיינען געמאַכט געוואָרן. ביים צינד־שנור איז געבליבן איינער. און אויף ביידע זייטן, אונטער ביימער, צו צוויי פּאַרטיזאַנער אין פֿולער קאַמפּס־גרייטקייט.

אַלע וואַרטן מיט אומגעדולד, אָבער דער צוג קומט נישט. ווייזט אויס, ער האָט א גרעסערע פֿאַרשפּעטיקונג.

די נאַכט־פֿינצטערניש ווערט אַלץ געדיכטער און עס פֿאַלט אַ דראָבנער, דויערנ־דער רעגן. די פּאַרטיזאַנער ווערן דורכגעווייקט, אָבער קיינעם פֿון זיי קימערט דאָס נישט, אויך קיינער דערנערווירט זיך נישט. מען פֿילט נישט קיין שום מידקייט, להיפּוך, באַגייסטערט פֿון ערשטן דערפֿאָלג, וואַרטן זיי אויף דעם צווייטן נצחון. דאָס זעלבע איז אויך מיט מאַמעלען, וואָס האַלט וואַך ביי די געפֿאַנגענע. זי זעט אין די צוויי געפֿאַנגענע די שולדיקע אין איר אומגליק, זי וואָלט זיך מיט זיי אָפּ־גערעכנט, פֿאַר מאָרדן שוצלאָזע און אומבאַוואָפֿנטע מענטשן, אָבער דער פֿאַקט אַליין, אַז זי שטייט מיט געווער אין האַנט קעגן זיי, גיט איר א געוויסע סאַטיס־פֿאַקציע.

עס הערט זיך פֿונדערווייטנס א שווער סאָפּען פֿון לויפֿנדן לאָקאָמאָטיוו. דער גרופּן־קאָמענדאַנט גיט א באַפֿעל צו פֿולער קאַמפּס־גרייטקייט, דורכלאָזן צוערשט פֿינף וואַגאָנען און דאַן א צי טאָן פֿאַר דער מינע. עס קען פּאַסירן, אַז דער שונא פֿאָרשט אויס דעם וועג, ער לאָזט צוערשט דורך א לאָקאָמאָטיוו מיט צוויי ליידיקע וואַגאָנען, און דער פֿאַקטיש־דערוואַרטעטער צוג פֿאָרט אייניקע קילאָמעטער הינטער אים.

דער קאָמענדאַנט פֿון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע האָט שוין א ריזיקע דערפֿאַרונג אויף דעם געביט, דעריבער נעמט ער אָן אַלע פֿאָרזיכטס־מיטלען.

דער צוג איז אנגעלאָפֿן. א לאַנגער, פֿול אנגעלאָדן מיט אמוניציע. נאָכן אָפּ־ציילן דעם פֿינפֿטן וואַגאָן האָט דער פּאַרטיזאַנער א צי געטאָן פֿאַרן שנור. דער גאַנצער צוג איז געפֿלויגן אין דער לופֿטן, עס האָבן אנגעהויבן קנאַלן די אויפֿרייסן פֿון דער אמוניציע, און די אומענדלעכע שרפֿה האָט באַלויכטן דעם וואלד און די גאַנצע אומגעבונג. די דייטשע וואַכמענער, וואָס האָבן באַשיצט דעם צוג, זיינען צעריסן געוואָרן אויף שטיקער. די פּאַרטיזאַנער זיינען שנעל געגאַנגען אין דער ריכטונג צו מאַמעלען, אויפֿגעבונדן די געפֿאַנגענע און געפֿירט זיי צו דער ריכ־טונג פֿון דער הויפּט־קאָמענדאַנטור, אָפּצוגעבן א באַריכט וועגן דער דורכגעפֿירטער אקציע, דעראָבערט געווער און די געפֿאַנגענע.

מאַמעלע האָט נאָך באַוויזן צוויי שעה צו שלאָפֿן און ווידער איז זי אויפֿגעוועקט

שטאנען צו איר נאָרמאַלער ארבעט: היילן די פארוואונדעטע און קראנקע פּאַרטי־זאנער.

דער הויפּט־קאָמענדאנט האָט מאמעלען אויסגעצייכנט אויף אן „אַפּעל" און דערלויבט איר מיטצוגיין צו קאמפּס־אקציעס.

פון דעמאָלט אָן פירט אוים מאמעלע צוויי פונקציעס: אלס קראנקן־שוועסטער און פארטיזאנערין, ביז די באפרייאונג קומט.

עס קומען אָן די סאָוויעטישע טרופּן און אלע פּאַרטיזאנער ווערן איינגעגלי־דערט אין דער ארמיי. מאמעלע ווערט איינע פון די עלטערע קראנקן־שוועסטער. זי גייט אַלץ פאָרויס דורך די ניי־דעראָבערטע שטעט, זעט די פאַרוויסטונג און פארניכטונג, וואָס די דייטשן האָבן געמאכט.

פון איר פאמיליע, פריינט און באקאנטע איז קיינער נישטאָ, אומזיסט איז דאָס זוכן, אלע זיינען פארשוואונדן אין דער אייביקייט.

מאמעלע גיט זיך אָפּ א דין־וחשבון פון איר לעבן און פון דער סביבה, נישט קענענדיק שלום מאכן מיטן געדאנק, אז אזוי זעט אוים די טראגישעווירקלעכקייט.

ניטאָ מער קיין פאמיליע, ניטאָ מער טאטע־מאמע, ניטאָ מער העניעק, און צוזאמען מיט זיי איז פארשוואונדן איר פערזענלעך גליק.

זי ווערט דעמאָביליזירט פון דער ארמיי און הויבט אָן א וואנדער־וועג. זי קומט קיין דייטשלאנד, הויבט ווידער אָן ארבעטן אין א שפּיטאָל, אָבער זי קען זיך נישט אויפהאלטן צווישן די ד.־פּ.'ס, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר ווי לעבעדיקע מצבות, צוריקגעקומענע פון א גהינום. מאמעלע פאָרט ווייטער און קומט אָן קיין איטאליע. אויך דאָרט איז אָבער דאָס זעלבע. עס הויבט איר אָן צו לאָקן דער ים און די ווייטע רייזעס אין שויס פון דער נאטור. מיט דער ערשטער שיף פאָרט זי ווייטער צו די ברעגעס פון „צוגעזאָגטן לאנד" — מען לאָזט זי אָבער נישט אריין.

מאמעלע איז שוין היינט אין ארץ ישראל, נאָך דעם ווי זי איז דורכגעגאנגען ציפּערן מיט זיינע שטאכל־דראָט־פארצוימונגען און באוואכונגען, ארבעטנדיק אין „הדסה"־שפּיטאָל.

מאַמילען באַפרידיקט נישט אינגאַנצן די אַרבעט אין שפּיטאָל, דערפאַר קעמפט זי אויך אין די רייען פון דער אַרמיי און נוצט אוים די לערע, וואָס זי האָט באַקומען ביי די פּאַרטיזאַנער.

מאמעלע גלייבט אין דעם אמת פון דער נאטור, אז נאָך יעדער נאכט, ווי פינצטער זי זאָל נישט זיין, מוז קומען א טאָג, א העלער און אפילו א זוניקער.

דאָס יידנטום האָט דורכגעמאכט א היסטאָרישע פינצטערע נאכט, דערפאר איז מאמעלע זיכער, אז פארן יידישן פאָלק וועט קומען א היסטאָרישער העלער און זוניקער טאָג.



# וו אָ וו ע

יעדן פאַרנאַכט זיצט וואָווע אויף דער וועראַנדע און שפּילט אויף זיין פידל. אַרום אים זיצן די עלטערן, שוועסטער און איבעריקע בני־בית, צוהערנדיק זיינע צוויבערפולע קאָמפּאָזיציעס. מיידלעך און יינגלעך, וואָס שפּאַצירן אין דער אומגע־בונג פון דער גאַס כאַפּן אונטער די טענער און זינגען צו. אַנדערע גאָר באַוועגן מיט די פיס, ווי זיי וואָלטן וועלן טאַנצן אַ טאַנגאָ. נישט איין מיידל באַמיט זיך אָנצוקוקן וואָוועס געזיכט, זיינע אויסדרוקן ביים קונציקן און מייסטערהאַפטן באַוועגן מיט די פינגער איבער די סטרונעס פון זיין פידל. קיינער קען דאָס נישט זען, ווייל די שווארצע מיטופרינע פארשמעלט זיין געזיכט און די אויגן זיינען געווענדעט צום פידל. זיין הארץ און נשמה זיינען פארבונדן מיט די טענער, וואָס ער שפּילט אויס אויף זיין אינסטרומענט. ער זעט נישט קיינעם און הערט נישט קיינעם, ווייל ער געפינט זיך דעמאָלט אין א וועלט פון טרוימען, פאנטאזיעס און באַגערן. נישט איינמאָל דערפירט ער זיינע צוהערער צו א פרייליכער שטימונג, אָבער אָפט אויך צו ערנסטקייט, וואָס דערוועקן א בענקשאפט און א נאָגעניש אין האַרצן צו דער פארגאנגענהייט.

שבת נאָכמיטאָג גייט וואָווע שפּאַצירן מיט זיין פריינדין סאלע. זי טראָגט אַ נייעם קאָסטיום און אַ מערקווירדיקן הוט אויפן שפּיץ קאָפּ, וואָס באַצירט איר באהנ׳ט אָוואַל געזיכט.

נישט איין מיידל אין שטאָט איז סאלען מקנא מיט איר פריינטשאַפט מיט וואָווען. אַנדערע ווייסן אפילו צו דערציילן וועגן זיי נישט געשטויגענע נישט געפלויגענע געשיכטעס.

זי, סאַלע, וואָס וואָלט זיך גאָר געדאַרפט פילן צופרידן און גליקלעך, האַלט אָבער אנדערש. זי האלט, אז אין לעבן דארף מען זיין פּראקטיש. וואָווע איז א בן־יחיד, צופיל צעפּיעשטשעט ביי טאטע־מאמע, און דערצו איז ער אויך נישט קיין פאַרדינער. ביי די דאָזיקע געדאנקען באווייזט זיך א גרימאסע אויף איר פּנים, אָבער זי רעדט נישט קיין וואָרט, זי דערציילט אים גאָרנישט. וואָווע פילט דאָס אָבער, ער קען איר יעדן געזיכטס־אויסדרוק. דערפאר זיינען זיינע קאָמפּאָזיציעס און מע־

לאָריעס זייער אָפּט לירישע, טרויעריקע, זיי שפּיגלען אָפּ זיינע סענטימענטן און געפילן. ער שפּילט אויס אויף די סטרונעס פון זיין אינסטרומענט די אינטימסטע איבערלעבונגען, ווייל זיין האַרץ מיט דעם פידל האָבן געשלאָסן אַ גייסטיקן בונד. ער ווייסט, אַז סאָלע איז גערעכט, דערפאַר הויבט ער אָן פּראַקטיש צו טראַכטן: אַ מענטש קען ניט לעבן בלויז מיט דערהויבנקייט און אירעאַליזם, מען מוז האָבן אַ מאַטעריעלע באַזע. און וואָווע נעמט אָן דעם אָנגעבאָט צו ווערן מוזיק־לערער אין דער גימנאַזיע.

די אַרבעט גיט אים אַ מאָראַלישע סאַטיספאַקציע, די שילער זיינען צו אים צוגעבונדן און לערנען מיט באַגייסטערונג. וואָוועס אויסערלעכער אויסזען כאַראַק־טעריזירן זיינע מוזיקאַלישע, איינגעבוירענע פעאיקייטן. די שוואַרצע משופּרינע און די טיפע אויגן קומען צום האַרמאָנישן אויסדרוק מיט זיין קינסטלערישן טאַלאַנט.

וואָווע הויבט אָן שנעל שטייגן אויף דער לייטער פון זיין קינסטלערישער קאַריערע. מיט גרויסע אותיות שיינט אַראָפּ זיין נאָמען פון די פּלאַקאַטן אויף די מויערן, וואָס זאָגן אָן, אַז וואָווע דיריגירט מיטן שול־אָרקעסטער אויף אַ קאָנצערט. יעדער עפנטלעכער אַרויסטריט זיינער, אַלס דיריגענט אָדער וויאָלינינסט פאַרשאַפט אים כבוד, רום און אויך מאַטעריעלע באַפרידיקונג.

סאָלע באַגלייט אים צו אַלע קאָנצערטן, אירע ליבעס־געפילן צו וואָוועס שטייגן, זי קען זיי אין קיין ווערטער ניט אויסדריקן. זי פרייט זיך מיט זיינע דערפאָלגן, אָבער טיילמאָל באַהערשט איר אַ געפיל פון אייפערזוכט, וואָס ער איז אַזוי באַ־שעפטיקט מיטן אָרקעסטער, מיט די קאָנצערטן און עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, אַז ס׳בלייבט אים גאָרניט קיין צייט פאַר איר. זי וויל ניט זיין בלויז אַ זייטיקע צושויערין פונם לעבן, באַהערשט ווערן פון עמאָציעס פון געלייענטע ראָמאַנען און געזעענע פילמען. זי וויל אַליין מיטמאַכן אַלע ניואַנסן פון ליבן און געליבט ווערן, בכדי צו שטילן אירע ברויזנדע מיידלשע געפילן. זי קען אים אָבער ניט אָפּהאַלטן פון כסדרדיקן אַרומפאָרן אין די גרויסע שטעט, ווו ער גאַסטראָלירט, אויך ניט פון די געשפּרעכן, וואָס ער מוז פירן מיט די פאַרשיידענע דעלע־גאַציעס, וואָס קומען צו אים שליסן קאָנטראַקטן און אויך ניט פון ענטפערן אויף די צאָלרייכע בריוו וועגן אַנגאַזשירן אים אין פאַרשיידענע טעאַטערס.

עס ווערט ביי איר רייף דער געדאַנק צו פאַרבינדן זיך — שרייבן תנאים מיט וואָווען. אויב ביז איצט, ביז צו זיין קינסטלערישן אויפשטייג וואָלטן אירע עלטערן נישט אַזוי לייכט דערצו מסכים געווען — וועלן זיי איצט מיט צופרידנהייט אויפ־נעמען יערן פאָרשלאַג פון וואָוועס עלטערן.

זי זוכט אַ געלעגנהייט צו רעדן וועגן דעם מיט וואָווען, אָבער ניט אַלעמאָל זיינען פאַראַן דערצו פּאַסיקע מאָמענטן. זי לייגט אָפּ פון איין טערמין אויף דעם צווייטן. ענדלעך איז אונטערגעקומען אַ פּאַסיקער מאָמענט.

זומער 1939, פעריען־צייט, וואָווע איז אַוועקגעפאָרן פאַרברענגען זיין אורלויב

אין דערבייאיקן קור=אָרט. דאָרט האָט גראָד געוווינט סאַלעס אַ מומע, איז זי אויך מיטגעפאָרן.

אין אָוונט ווען אַ לייכט ווינטל האָט געבלאָזן נאָך דעם הייסן, זוניקן טאָג, שפּאַצירט וואָווע געאָרעמט מיט סאַלען איבער דער פּאַרק=גאַס, צווישן די זאָרגפעלטיק געפלעגטע בלומען און הויך פאַנאַנדערגעוואַקסענע ביימער, וואָס באַצירן דעם פּאַרק מיט פּראַכט און מאַיעסטעטישן אויסזען. די בלעטער אויף די צווייגן באַוועגן זיך מיט א לייכטן גערויש, שאַפנדיק אַן אידילישע האַרמאָניע צווישן פּאַרק און הימל. עס פאַלט צו דער בין=השמשות, און שטעמווריק פאַרשווינדן די לעצטע זון=שטראַלן, וואָס מאַכן פּלאַץ פאַרן נאַכט=קעניגרייך פון דער לבנה מיט די אומצאָליקע פינקלדיקע שטערנדלעך. די סודותפולע לבנה, מיט איר גרויסן שמייכלדיקן קאָפּ, באַגלייט זיי, ווי זי וואָלט געווען די היטערין פון דער טוגנד. פון די דערבייאיקע ווילעס דערגייען שטימען פונם זינגענדיקן יונגן עולם. די קלאַנגען צעטראָגן זיך איבערן פּאַרק, וועלכער ענטפערט אָפּ מיט אַן עכאָ. פון די מאַנדאָלינען הערן זיך די מוזיק=קלאַנגען און דער טומל פון די באַזוכער, וואָס פרייען זיך מיט זייער יוגנט=גליק.

סאַלע זעצט זיך אַוועק מיט וואָווען אויף איינער פון די בענק אין דער פּאַרקאַלעע און ביים שיין פון דער לויכטנדער לבנה און עלעקטרישן לאָמפּ לייענט זי אים פאָר א סענטימענטאַלן טאַנגאָ, וואָס זי האָט אָנגעשריבן. וואָווע הערט זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאמקייט, און הגם ער פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט קלאַסישער מוזיק, דאָך בילדן זיך שוין אין זיין געדאַנק גאַמעס צו די פאָרגעלייענטע סטראָפעס. זי שענקט אים דאָס געדיכט, און ער באַשליסט צו שרייבן דערצו א קאָמפּאָזיציע. ער נעמט זי ארום, דריקט איר צום האַרצן און קושט זי לײדנשאַפטלעך. זייער בליקן דריקן אויס ליבעס=באַגערן און צערטלעכקייט.

נאָכן אהיימקומען איז נאָך סאַלע לאַנג געלעגן אין בעט וואַך, טראַכטנדיק וועגן וואָווען און דעם איינדרוק, וואָס דאָס געדיכט האָט אויף אים געמאַכט.

אויך וואָווע איז די נאַכט שפּעט איינגעשלאָפן. ער האָט פיל מאָל געלייענט דאָס געדיכט, געציילט די קלאַנגען און שטודירט דעם ריטם. דאָס געדיכט איז פאַר אים לעבעדיק געוואָרן, יעדע שורה איז געווען באַהערשט מיט סאַלעס ליבע און באַגער צו אים, טראָץ דעם, וואָס דער אינהאַלט איז געווען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער. ער האָט דעם בלייַשטיפט אין דער האַנט און שרייבט גאַמעס. יעדע פאַר מינוט קומט ער אַלץ אויף נייע און בעסערע אידעען. ער וויל צוגיין צום קלאַוויר, אויספּרוּוון די אָנגעשריבענע גאַמעס, אָבער ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, און ער וויל ניט שטערן דעם שלאָף פון די שכנים. ער שלאָפט איין מיט אַ זיסן באַגער, באַלד אינדערפרי, גלייך נאָכן פרישטיק, צו שפּילן די נייע קאָמפּאָזיציע.

דאָס געזאַנג פון די פייגעלעך אויפן בוים, נעבן פענצטער פון זיין צימער, האָבן אים אויפגעוועקט. ס'איז געקומען אַ פּרעכטיקער, שטימונגספולער זומער=טאָג, באַגלייט מיט גאָלדענע שטראַלן.

גלייך נאָך דעם פּרישטיק, זיצט וואָווע ביים קלאַוויר און אַרבעט אינטענסיוו. ער שפּילט און פאַרשרייבט. מאַנכמאָל ענדערט ער אַ וואָרט פון געדיכט, בכדי די קלאַנגען זאָלן פּאַסן צום טאַקט, מאַנכמאָל מעקט ער אויס א טייל פון א גאַנצע און אזוי אַרבעט ער אָן אויפהער.

אין דעם קומט אַריין סאַלע, און שמעלט זיך אומבאַמערקט אוועק פאַר וואָווען, בכדי נישט צו שטערן אים אין דער אַרבעט. זי ווערט גאַנץ באַצויבערט צוזעענדיק, איר געדיכט ליגן אויפן קלאַוויר, די אָנגעשריבענע גאַמעס, און צוהערנדיק דאָס שפּילן. עס באַהערשט איר א פריידיק געפיל, א געפיל פון זיכערקייט: זי האָט וואָווען פולשטענדיק באַהערשט, אין זיינע גאַמעס דריקט ער אויס דעם האַרץ, נשמה און פאַרערונג פאַר איר.

וואָווע פאַרענדיקט דעם לעצטן אקאָרד פון רעפריין, צוזינגענדיק די ווערטער פון טאַנגאָ „מיין האַרץ געהערט צו דיר, פאַרבלייב מיט מיר". סטיכיש כאַפּט אים סאַלע אַרום און זייערע ליפּן שליסן זיך אין הייסע קושן, ווי א באַשטעטיקונג פונם לעצטן רעפריין.

פון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן א טאָג-טעגלעכע איבונג. סאַלע זינגט איר טאַנגאָ מיט האַרץ און געפיל, אויסדריקנדיק איר לעבנס-באַגער, און וואָווע איז אנטציקט פון איר קאָלאָראַטור-שטימע, וואָס אינטערפּרעטירט זיין קאָמפּאָזיציע און ביידנס לעבנס-טרוים.

דער טאַנגאָ איז שנעל פּאָפּולער געוואָרן און די יוגנט האָט אים געזונגען מיט באַגייסטערונג. דער גייסטיקער בונד צווישן סאַלען מיט וואָווען איז דערמיט נאָך ענגער געוואָרן, דערפירנדיק דערצו, אַז מיט ברכות אויף די ליפּן האָבן סאַלעס און וואָווס עלטערן מסכים געווען צום שידוך. זיי זיינען חתן-כלה געוואָרן, און אויף חנוכה איז באַשטימט געוואָרן זמן-חתונה.

וואָווע אַרבעט ווייטער אינטענסיוו. ער אַרבעט אויס א געניטן פּראָגראַם פאַרן מוזיק-אונטערריכט אין דער גימנאַזיע און א נייעם רעפּערטואַר פאַר זיינע עפנטלעכע קאָנצערט-אַרויסטרעטונגען. זיין אימפּרעסאַריאָ אַרבעט אויס דעם פּלאַן פון טורנעען, שליסנדיק קאָנטראַקטן מיט טעאַטער-דירעקטאָרן.

סאַלע פילט זיך צופרידן און גליקלעך. זי וועט זיך באַטייליקן אין אַלע קאָנצערטן מיט איר נייעם טאַנגאָ, אַסיסטירנדיק איר לעבנס-באַגלייטער אויף אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען.

א פּאָליטישע געשעעניש האָט פּאַסירט, וואָס האָט צערודערט יחידים, געזעל-שאַפטן, פעלקער, און אויך צעשמעטערט לענדער.

סאַלע, וואָס האָט זיך געפילט גליקלעך און צופרידן, איז מיטאַמאָל טרויעריק גע-וואָרן, איר ראָזעווע אָוואַל געזיכט, וואָס האָט געשטראַלט פון צופרידנקייט און לעבנסלוסט, איז מיט אמאָל באַדעקט געוואָרן מיט אומעט און פאַרביטערונג. מיטן אויסברוך פון קריג און וואָווס מאָביליזאַציע זיינען אַלע פּלענער צעשמעטערט געוואָרן.

פאַר סאַלען זיינען אָנגעקומען פאַרצווייפלטע, ביטערע טעג און מרה-שחורה'דיקע,

שלאָפלאָזע נעכט. די גרויזאמקייטן פונם קריג האָבן דערגרייכט צו יעדן איינעם. יעדער האָט געהאַט זיין פעקל צרות, פיין און שמערץ.

מער ווי אַלע איז סאלע געווען פארביטערט אויף דעם קריג, וואָס האָט באַגראָבן אַלע פרייהייטס=אידעען, מאָראַלישע באַגריפן און עטישע סענטענצן.

אויסער דעם אַלגעמיינעם פיין, האָט סאלע געליטן פון איר געצווונגענער צעשיידונג מיט וואָווען, זי האָט געהאָפט און געטרוימט, אַז אפשר וועט דער שיקזאל צו איר א שמייכל טאָן און אין א געוויסן טאָג וועט ער זיך דאָך באווייזן א גאַנצער, א געזונטער, מיט זיין טרוימעריש גוטמוטיקן געזיכט, פון וועלכן עס שיינען אַרויס צוויי טיפע, פיל=זאָגנדע, שוואַרצע אויגן, און מיט זיין לאנגער, שווארצער טשופרינע, וואָס באצירט זיין חכמהדיקן קאָפּ. ביי אַזעלכע געדאַנקען פארלירט סאלע איר גלייכגעוויכט, זי פאלט ארויף אויפן בעט און צעוויינט זיך ווי א קליין קינד.

די דייטשע מאכט קומט אריין אין שטאָט, עס ווערט פארביטערט און פארוואָגלט דאָס יידישע לעבן. אַלע קולטור=אינסטיטוציעס, וואָס זיינען במשך פון יאָרן געבויט געוואָרן פאַר גרויסע סומעס געלט, שווערע אַרבעט און מי, ווערן מיט איין מאָל צעשטערט און פארניכטעט. פארפאָלגונגען און רעפּרעסיעס ווערן אַ טאָג=טעגלעכע דערשיינונג, און זיי רואינירן גייסטיק און פיזיש דאָס יידנטום. דער מענטשלעכער פארשטאנד קען גאָרניט משיג זיין וואָס פאר א שדים=טאנץ קומט פאָר אויף דער וועלט.

סאלע באמיט זיך נישט צו פאלן מאכטלאָז אין אָנבליק פון גרויסן אומגליק. זי קען נישט אַרויסברענגען אירע געפילן פאר טאטע=מאמע און שטוב=מענטשן, וועלכע האָבן פאר איר פארשטענדעניש, אָבער קענען גאָרנישט העלפן. זי גייט יעדן טאָג צו וואָוועס עלטערן, אפשר איז אָנגעקומען א ידיעה, אפשר וועט דאָך אויפשטראַלן, כאָטש אַ קליינער פונק פון האָפענונג. אָבער ביי יעדן מאָל קומט זי צוריק אן אנטוישטע און צעבראָכענע. דער טרויער פון וואָוועס עלטערן, אויס בענקשאַפט צו זייער איינציקן זון, וואָס איז געווען ווי אַ לויכטנדער שטערן פון דער פאַמיליע, רואינירט אלעמען. זיין אָרט אויף דער וועראנדע, וווּ ער פלעגט זיצן און שפילן יעדן פארנאכט, שטייט פוסט און פאַראייגזאַמט, זיין פידל, נאָטן און קאָמפּאָזיציעס ווערן אָפּגעהיטן ווי אן אויג אין קאָפּ, אָבער וואָס קומט דערפון ארויס, אַז עס איז ניטאָ פון אים קיין שום ידיעה.

ווי א שטורעם=ווינט, וואָס שליידערט אומברחמנותדיק א צעבראָכענע שיף אויפן ים, דערפירנדיק די פּאסאזשירן צו פארצווייפלונג, אזוי האָט אויסגעזען די יידישע לאגע אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע=מאַכט.

צום אומענדלעכן ים פון בענקשאַפט זיינען צוגעקומען מאָראַלישע און פיזישע ליידן פאר וואָוועס און סאלעס פאמיליעס.

עס קומט אָן די פארניכטונגס=עפּאָכע פונם יידנטום אין דער שטאָט. ניינציק פּראָצענט פון דער באפעלקערונג ווערן געטריבן צום וואקזאל און אוועקגעשיקט אין

אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, פון וואַנען זיי זיינען מער ניט צוריקגעקומען, די איבע־
ריקע ווערן פאַרוואַנדלט אין שקלאַפן.

סאַלע בלייבט פאַראייניזאַמט אויף דער וועלט. פון וואָוועס און פון אירע עלטערן איז מער קיין סימן נישט פאַרבליבן. וואָס מער צרות, וואָס מער פּיין, שטאַרקט זיך אַלץ מער דער ווילן ביי סאַלען צום לעבן און נקמה נעמען פאַר איר פּערזענלעכן און פאָלקס־אומגליק.

זי קלייבט אויס דעם וועג פון „פאַר דער פרייהייט מוז מען קעמפן ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט״. אין די אָוונטן פירט זי, אין געהיים, געשפּרעכן מיט חברים, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אַ געוועזענער אָפיצער, און זיי באַשליסן צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ־גהינום און אַוועקלאָזן זיך אין וואַלד, בכדי צו פירן אַ קאַמף קעגן בלוטיקן שונא. אין א טונקעלן, פאַרנעפּלטן פרימאָרגן זיינען דרייסיק יידן, צווישן זיי אויך סאַלע, דורך א קאַנאַל, אומבאַמערקט פאַרשווּנדן פון געטאָ. די דרייסיק יידן זיינען געווען איינגעטיילט אין זעקס גרופּעס צו פינף מענטשן. יעדע גרופּע האָט געהאַט צוויי גראַנאַטן און איין רעוואָלווער. אין פאַל פון א קאַמף האָבן אַלע באַוואָפנטע מיטגלידער תיכף געדאַרפט קומען צו הילף דער קעמפנדיקער גרופּע.אַזוי איז גע־ווען דער באַפעל פון קאָמענדאַנט, אַ געוועזענעם אָפיצער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַקציע.

צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט סאַלע געהאַלטן אין דער האַנט אַ גראַנאַט. אמת, פאַרן פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט זי געמאַכט אייניקע איבונגען ווי זיך אומצוגיין מיט געווער און ווי אַזוי צו וואַרפן גראַנאַטן, אָבער די איבונגס־גראַנאַטן זיינען געווען נישט קיין ריכטיקע. איצט פילט זי, אַז ס׳איז געקומען די צייט פון קאַמף, העלדישן אויסדויער און נקמה.

דער באַפעל פון קאָמענדאַנט איז געווען: אויסמיידן יעדן קאַמף אויפן וועג ביז צום וואַלד, ווייל יעדער קלענערער אָדער גרעסערער צוזאַמענשטויס קען גורם זיין, אַז די מאָטאָריזירטע זשאַנדאַרמעריע זאָל זיי פאַרפאָלגן.

סאַלע האָט זיך נישט געקענט באַהערשן ווען זי האָט געזען דורכגיין א פּאַטראָל פון צוויי דייטשן, אין וועלכע זי האָט געזען די שולדיקע אין איר אומגליק. איר האַרץ און נשמה ברויזט אויף, זי וויל נקמה נעמען. זי שטעקט אַריין די האַנט אין טאַש צום גראַנאַט, אין לעצטן אויגנבליק אָבער דערמאַנט זי זיך אין באַפעל, „ביז צום וואַלד״. זי פאַרשטייט, עס גייט אין גורל פון דער גאַנצער גרופּע און זי מוז זיך צופּאַסן צו דער דיסציפּלין.

די גרופּעס האָבן דערגרייכט דעם וואַלד און עס הייבט זיך אָן די ערשטע באַ־ראַטונג וועגן איינאָרדנען זיך, בויען „זעמליאַנקעס״, בונקערס אונטער דער ערד, אַוועקשטעלן וואַכן, אַקציע־גרופּעס, פּאַרפלעגונגס־גרופּעס, ווערבירן נייע מיטגלידער און דעראַבערן געווער. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען דער וואַלד־וועכטער אויס־רופנדיק ציניש: אַהאַ, יידן? איצט וועט שוין קיין שנאַפּס נישט פעלן! די יונגע קעמפער האָבן זיך גלייך אָריענטירט. דער וואַלד־וועכטער באַקומט פון דער דריי־

מיטער מאַכט אַ לימער שנאַפּס פאַר יעדן געכאַפּטן ייד, וואָס ער שטעלט צו צום דערשיסן. אין דעם אויגנבליק האָבן זיך זעקס לופּעס פון רעוואָלווערן געווענדעט אין דער ריכטונג פונם ווערכטער און ס'איז געפאַלן דער באַפעל: „די הענט אין דער הויך". דער וואַלד־ווערכטער האָט אין אָנבליק פון די 6 רעוואָלווערן איינגעזען די צוועקלאָזיקייט פון באַנוצן זיך מיט זיין געווער, דאָס וואָלט באַדייט אַ זיכערן טויט. ער האָט דעם באַפעל אויסגעפירט. צוויי יונגטלעכע האָבן פון אים די ביקס אַראָפּגענומען, באַזוכט די מאַשין, צוגענומען די קוילן און דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך.

מ'האָט געוואַרט אויף ווייטערדיקע באַפעלן פון קאָמענדאַנט. ער האָט ארויסגענומען־א פּאַפּיר מיט א בלייפעדער, עטלעכע מינוט געשריבן, און דאַן פאָרגעלייענט לויט פונקטן: 1) עס ווערט געשענקט דעם וואַלד־ווערכטער דאָס לעבן. 2) ער איז אַרעסטירט ביז אָוונט. 3) אין אָוונט גייען מיט אים מיט דריי חברים: מאַקס, דניאל און מנחם אין זיין וווינונג. 4) אויב דער וואַלד־ווערכטער וועט פאַרמסרן צו דער דייטשער מאכט אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע, ווערט ביינאַכט זיין הויז צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע פאַרברענט. 5) ער שטעלט צו 5 לאָפּעטעס, 3 לעמפּלעך, אַן עמער און יעדן טאָג ברויט. 6) איינער פון זיין פאַמיליע ווערט גענומען אַלס ערובניק און ווערט געהאַלטן אין וואַלד. ער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך מיטן לעבן פאַרן דורכפירן די באַפעלן.

מיט צופרידנהייט האָט די גרופּע אויסגעהערט די לאָגישע און קאָנסעקווענטע באַפעלן. דער קאָמענדאַנט איז אין זייערע אויגן דערשינען ווי אַ העלד, וואָס האָט זיי איבערצייגט מיט זיינע קענטעניש און אָריענטאַציע אויף דעם געביט.

אין אָוונט איז דער באַפעל אויסגעפירט געוואָרן, די דריי חברים זיינען צוריקגעקומען מיטן ווערכטערס זון, געטראָגן די לאָפּעטעס, ברויט, אַן עמער און 3 לאָמפּן. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט. מ'האָט אָנגעהויבן גראָבן „זיעמליאַנקעס". אין איין גרוב האָט מען אַריינגעוואָרפן צווייגן, געמאַכט אַ פייער, אין עמער אויפגעקאָכט וואַסער, און אַלע האָבן געגעסן ברויט מיט קאַווע.

נאָכן איינאָרדענען זיך האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון קאַמף און אַקציעס פאַר דעראָבערן געווער און דייטשע מונדירן צו קענען אויספירן גרויסע דיווערסיע־אַקציעס.

עס זיינען געקומען טעג פון גרויסע געשעענישן פאַר דעם קאַמפס־אָטריאַד. אויפרייסן באַן־בריקן, מינירן רעלסן, פאַרהאַלטן און אנטוואָפענען פּאַטראָלן, קאָנפיסקירן לעבנס־מיטל — דאָס זיינען געווען די טאָג־טעגלעכע אַקציעס פונם אָטריאַד.

די הייסבלוטיקייט פון די יונגע קעמפער און אויך פון סאלען האָט איבערגעשטיגן יעדע פאַנטאַזיע. איינמאָל, צוריקגייענדיק פון א דערפאָלגרייכער אקציע, פון מינירן א צוג, וואָס איז ארונטערגעלאָזן געוואָרן פון די רעלסן, האָט זיך אנגעהויבן א קעגן־אקציע פון פיינט קעגן די פּארטיזאנער. דער שמה האָט אנטהאלטן 12 קילאָמעטער־

און דער פיינט האָט נישט געהאט קיין באשטימטן ציל, רערפאר זיינען בלינד געפאלן קוילן פון מאשין=געווער אין אלע זייטן. אין רעזולטאט זיינען דריי פון דער קאמפס=גרופע פארוווּנדעט געוואָרן, צווישן זיי אויך סאלע.

די חברים האָבן די פארוווּנדעטע מיט די לעצטע כוחות דערטראָגן צום אָטריאד און באדיכטעט וועגן געשעעניש דעם קאָמענדאנט. די קראנקע זיינען איבערגעטראָגן געוואָרן: אויף אַ באַקוועמער אָרט אין א פויעדישער כאטע, צו א סימפּאטיקער פון דער אונטערגרונט=באַוועגונג. דער גרויסער בלוט=אָפּפלוס ביי סאַלען און די באשדענקטע מעדיצינישע הילפס=מעגלעכקייטן האָבן איבערגעריסן איר לעבנס=אָטעם. אירע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „איך שטארב פאר דער אירעע פון קאמף פאר פרייהייט. זעצט פאָר דעם קאמף גיט אָפּ א גרוס מיין וואָוועו".

אין יענעם וואלד געפינט זיך א קבר, זאָרגפעלטיק באצירט, אויף וועלכן ס'איז אויפגעשריבן: „סאלע ראבינאָוויטש. געלעבט, געליטן, העלדיש געקעמפט און געפאלן. פּאַרטיזאנער=אָטריאר. לובלינער וואלד. אויגוסט, 1943".

וואָווע איז מיט אַ גאַנצער ריי מיליטערישע איינהייטן פון דער פוילישער ארמיי אריינגעפאלן אין דער סאָוויעטישער געפאנגענשאפט, זייענדיק אָפּגעשניטן פון דער העלט. זיין צעווייטיקטע נשמה איז פול מיט בענקשאַפט, זייענדיק אָפּגעשניטן מאמע, אירע עלטערן, שילער, פריינט און פאָלקס=ברידער. ער שוידערט איינגאנץ אויף ווען עס רערגייען צו אים די טראגישע ידיעות וואָס עס געשעט מיטן יידנטום. ער מאכט זיך האָפענונגען און אילוזיעס, אז אפשר איז דאָס אלין איבערגעטריבן און ס'וועט קומען דער טאָג, ווען דער בייזער חלום וועט פארביי און אלין וועט צוריק דערשיינען מיטן אמאָליקן פּראכט און גלאנץ.

צוגלייך מיט אלע אנדערע אפיצערן ווערט ער באפרייט פון געפאנגענשאפט און מיטן אַנטשטייין פון דער טאַדעוש=קאָשציושקאָ=דיוויזיע טרעט ער ווידער אַריין אין דער ארמיי צו קעמפן קעגן שונא, וואָס מאָררעט און פארניכטעט זיין פאָלק. מיט א טיפן אינערלעכן גלויבן איז ער איבערצייגט, אז א מאכט פון רויב און מאָרד קען נישט עקזיסטירן און פריער אָדער שפּעטער מוז זי פאלן. מען מוז איר צעפאַלונגס=פּראָצעס צואיילן, דערפאַר קעמפט ער אויף די ערשטע פראָנט=ליניעס מיט אן אירעאישער איבערגעגעבנהייט און ווערט עטלעכע מאָל פאדוווּנדעט. ער ליגט אין די מיליטערישע פעלד=שפּיטאָלן און שטענדיק מיט רער איבערצייגונג, אז ער וועט צוריק געזונט ווערן און דערלעבן דעם שונאס מפּלה. אין דער צייט פון זיינע קראַנקהייטן האָט ער נאָר איין ווונטש צו דער קראַנקן=שוועסטער: זי זאָל אים באַזאָרגן צייטונגען און א פּירעלע. זי טוט אים צוליב און רערפילט זיין בקשה. א פארביטערטער לייענט ער מיט א פארכאפּטן אָטעם אלע ידיעות, וועגן יירנטום אונטער דער דייטשער הערשאפט און מיט דערשיטערונג הערט ער די ראריאָ=ידיעות. ער שפּילט אויך אויפן פּירעלע — הויפּטזעכלעך 2 זאכן: דעם טאנגאָ, וואָס סאלע האָט פארפאסט, דערמאנענדיק זיך דערביי אין איר זיסער קאָלאָראטור=שטימע און צוזינגענדיק: „מיין הארץ געהערט צו דיר, פארבלייב מיט מיר"; און אויך דאָס באַ=

ליבטע פֿאָלקס־ליד, וואָס זיין מאמע האָט געזונגען: „אין בית־המדרש אין ווינקעלע פֿון חדר, עס זיצט זיך אן אלמנה בת־ציון אליין.” א. א. וו.

אין זיין נעוראַנק דערוועקן זיך רעפֿלעקסן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, ער דער־מאַנט זיך יענע פֿאַרנאַכטן, ווען ער פֿלעגט זיצן אויף דער וועראַנדע און שפּילן, די שיינע זומער־צייט, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט מיט סאַלען אויף דאַטשע אין אָט־וואָצק. איז זיין געדאַנק ענבערט די פֿראַגע, צו וועלן נאָך צוריקקומען די זעלבע צייטן? מיט א מוראדיק פּאָרנעפּיל פֿארטרייבט ער די פֿראַגע, ער שרעקט זיך פֿאַרן ענטפֿער. די קראַנקן־שוועסטער, וואָס קען יעדן פּאַציענט אויסגעצייכנט און דרינגט אַריין אין קראַנקנס נשמה, פּרוּווט פֿאַרטרייבן ביי אים די אומעטיקע געדאַנקען, טרייסטנדיק אים: „דער מיוול איז נישט אזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט אים”.

מיט ראשיקע געשעענישן אנטוויקלען זיך סטראַטעגישע אָפּעראַציעס אויף אַלע פֿראָנטן. דער דייטשער פֿיינט ווערט פֿון די שלאַכט־פֿעלדער פֿארטריבן. וואָווע גע־פֿינט זיך צווישן די, וואָס מארשירן פֿאָרויס. זיין מוגדיר איז באַצירט מיט פֿאַר־שיידענע אויסצייכענונגען און מעדאַלן. ער קומט אָן אין זיין געבורטס־שטאָט לובלין. קיין יידן זעט מען נישט, די פּאָליאַקן ענטפֿערן אפֿילו נישט אויף א פֿראַגע. ער לויפֿט צו זיין וווינונג, דאָס הויז איז מער נישטאָ, צעשטערט, פֿאַרניכטעט, קיין זכר נישט פֿארבליבן. ער לויפֿט צו סאַלעס וווינונג — דאָס זעלבע. וו איז סאַלע? וו זיינען טאַטע־מאַמע? וו זיינען אַלע פֿרוימען, אַלע באַנערן? די פֿראַגע בלייבט הענגען אין דער לופֿט, נישטאָ קיין ענטפֿער — אַלץ צעשטערט און פֿאַרניכטעט. אפֿשר עוואַקואירט, אפֿשר פֿאַרטריבן אין אן אַנדערער שטאָט, אָדער גאָר אין אַן אַנדער לאַנד. קיינער גיט נים קיין ענטפֿער.

ער פֿאַרלאָזט די שטאָט, אין וועלכער ער איז געבוירן, געוועבט זיינע לעבנס־טרוימען און באַנערן. ער מוז ווייטער מארשירן מיט זיין קאַמפֿס־איינהייט. ווי נאָר דער קריג ענדיקט זיך זוכט וואָווע ארום איבער גאַנץ פּוילן סאַלען, זיין און איר פֿאַמיליע — אָבער אָן דערפֿאָלג. ער דערוויסט זיך דאָן וועגן אַלע גרויזאַמקייטן און קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד, און אַז דאָרט געפֿינט זיך איצט אַ גרע־סערער יידישער קיבוץ. ער פֿוט אוים דעם מונדיר און קומט קיין דייטשלאַנד. דאָ איז זיין אנטוישונג נאָך גרעסער. נישטאָ מער קיין היים, און נישטאָ קיין סימן פֿון אַ פֿאַמיליע. ער זוכט אַלץ, אָבער אָן דערפֿאָלג, עס העלפֿט נישט קיין זוך־דינסט, קיין אַנאָנסן אין צייטונגען, אַלץ איז פֿאַרלוירן, ווי אַ שטיין אין וואַסער.

ער קוקט זיך צו צום „נייעם לעבן” פֿון פֿאַריתומטן רעשטל יידן, וואָס רופֿט זיך שארית־הפּליטה. דאָס לעבן אין די לאַגערן. אנשטאַט היימען — הילצערנע פּרימיטיווע, ארומגעצוימט מיט פּאַפּירענע ווענטלעך; אנשטאַט די אַמאָליקע אויס־געשפּרייטע ווייכע טישטעכער, באַדעקטע מיט מאכלים פֿון כּל־טוּב — בלעכענע פּושקעס מיט זופּ פֿון דער אַלגעמיינער קיך; אנשטאַט די אַמאָליקע גרויסע האַנדלס און באַנק־הייזער, דרייען זיך איצט ארום עטלעכע יונגעלייט און פֿארקויפֿן א פּאָר ציבעלעס, עפּל אַדער אַנדערע זאַכן. דאָס רופֿט מען „שוואַרץ־האַנדל”, און די פֿאַר־

קויפער — שוואַרץ=הענדלער; אַנשטאָט די אַמאָליקע אָנגעזעענע קהילה=פאַרוואַלטונגען זיינען אַנטשטאַנען מיניאַטור=קאָמיטעטלעך, וועמענס פּראָבלעמאַטיק עס זייגען „דזשאָינט”=צוטיילונגען.

פון זיין צעווייטיקטן ברוסט=קאַסטן רייסט זיך אַרויס אַ טיפער קרעכץ איבער דעם אַנטאַגאָניזם, וואָס הערשט אויף דער וועלט, דער הארצלאָזיקייט און פאַלשקייט ביים באַטראַכטן דיפּלאָמאַטישע פּראָבלעמען, און דער אָפּנאַרעריי פון מענטש צו מענטש. ניט ווילנדיק קומט אים אויפן געדאַנק אַ דערציילונג פון אַ פאַנטאַסטישן יונגטלעכן, וואָס האָט זיך אַנטוישט אין וועלט=געוויסן און אין יושר פון דער מענטשהייט. ער באַשליסט אָוועקצוגיין פון יעדן מענטשלעכן ישוב, איבערטראָגן זיך אין קעניגרייך פון דער נאַטור, ווו עס לעבן זאָרגלאָז די פייגל, דערהויבן זיך העכער, איבער די אָלימפּישע בערג. דער פאַנטאַסטישער יונגטלעכער האָט זיך געמאַכט אַ פּאָר פליגל פון וואַקס און אָנגעהויבן פליען אין דער לופטן, פילנדיק זיך גליקלעך וואָס ער דערווייטערט זיך פון דער מענטשהייט. די הייסע זון=שטראַלן האָבן אָנגעהויבן ווירקן אויף די וואַקסענע פליגל, וועלכע האָבן זיך צעשמאָלצן. דער פאַנטאַסטישער יונגטלעכער איז געבליבן אָן פליגל, אַראָפּגעפאַלן פון אַ גרויסער הויכקייט און איז אומגעקומען. וואָווע קומט צום אויספיר, אַז די אידעע פונם פאַנטאַסטישן יונגטלעכן איז געווען אַ פאַלשע, אָבער מען דאַרף לערנען דערפון. אַנשטאָט וואַקסענע פליגל, דאַרף מען זיך פאַרזען מיט מעטאַלענע, און ניט פליען אין די הויכקייטן צום הימל, נאָר אויף דער ערד דאַרף מען פליען, צו די מוחות פון די מענטשן און פאַראַנקערן די אידעע פון גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט.

# אַן אַנצוג

דער אָנקום פֿונם פֿרילינג באַגייט דאָס לעבן פֿון דער נאַטור, עס דערוואַכן פֿון לאַנגן ווינטער־שלאָף די פֿעלדער, בלומען, ביימער, און זאַרגלאָז, פֿריידיק זינגען די פֿייגעלעך, פֿאַרלאָזנדיק זייערע נעסטן און שפּילנדיק זיך אין שאָטן פֿון די זון־שטראַלן.

אויך מענטשן נעמען אויף פֿריידיק דעם פֿרילינג, אַראָפּוואַרפֿנדיק פֿון זיך די שווערע ווינטער־קליידער, מאַכנדיק זיך באַקוועם, אָנגענעם, און פֿרייען זאָרגן אויך פֿאַר שיינקייט לויט דער מאָדע.

נאָר איינער, וועלכער איז אפֿשר דער אויסדרוק פֿון פּילצאָליקע פֿון זיינס גלייכן, האָט דעם פֿרילינג אויפֿגענומען מיט אַ שווערער זאָרג און מיט זיפֿץ. דאָס איז געווען דער סטודענט מאָריץ. ער איז געשטאַנען ביים פֿענצטער, צוגעקוקט זיך צום זון־אונטערגאַנג, און מיט איר לאַנגזאַמען אונטערגיין האָט זיך צעגאָסן אַן אומעט אויף זיין ערנסט געזיכט. ער האָט צו זיך אַליין גערעדט: וואָס וועל איך איצט מאַכן, ווי קען איך מיך צעשיידן מיטן מאַנטל און בלייבן אין אַלטן אָפּגעבלאַקעוועטן, אָפּגעטראָגענעם אַנצוג. ווי אַזוי וועל איך זיצן אויף די פֿאָרלעזונגען אין אוניווערסיטעט, און הויפּטזעכלעך אויף די פּריוואַט־לעקציעס, וואָס איך דערטייל. דאָס איז דאָך מיין איינציקער הכנסה־קוואַל, די איינציקע עקזיסטענץ־מעגלעכקייט. דאָס איז מער ווי אַ קאַטאַסטראָפֿע.

מאָריץ האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער און איז אַוועקגעגאַנגען אויף אַ לעקציע, איבערררייסנדיק די געדאַנקען פֿון טאָג־טעגלעכע זאָרגן.

ער זיצט מיט זיין שילער, וואָס גרייט זיך צום מאַטורע־עקזאַמען, פֿאַרגעסנדיק אין אַלץ וואָס קומט פֿאָר אַרום אים. ער איז פֿאַרטאָן מיט דעם קעגנשטאַנד, וואָס ער לערנט מיט זיין שילער, וועגן דער ראָלע פֿון די סאַנקיולאָטן אין דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס דער הונגער און דער באַנער צו האָבן אַ מלבוש האָט זיי געטריבן אויף דער גאַס, צו בויען באַריקאַדן און קעמפֿן קעגן דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע פֿון דער בורבאָנען־דינאַסטיע.

באלבינע, ד׳ מוטער פון מאַריצם שילער, איז געזעסן און מיט גרויס אינטערעס צוגעהערט זיך צו דער לעקציע. זי האָט אבסערווירט דעם לערער, זיינע בלאָנדע, תמיד אנדולירטע האָר, בלויע אויגן און סימפאטיש געזיכט, באוואונדערנדיק זיין וויסן און גייסט.

נאָך דער לעקציע האָט סאבינע מיט מאַריצן געפירט א געשפּרעך, ביי א גלעזל טיי, באצאָלנדיק אים פארן חודש. אנשטאט דרייסיק זלאָטעס האָט זי אים געגעבן א באנקנאָט פון פופציק זלאָטעס. מאַריין האָט ניט געהאַט א רעשט צו געבן, איז געבליבן, אז די צוואנציק זלאָטעס וועלן פאררעכנט ווערן אויפן קינפטיקן חודש.

זייענדיק אויף דער גאַס, איז ביי מאַריצן אַנטשטאַנען אַ פּלאַן, מאַכן זיך אַן אנצוג אויף ראטעס. ער וועט זיך אויסזוכן נאָך א צוויי לעקציעס און יעדן חודש וועט ער צאָלן ראטעס. דער פּלאַן איז פארטיק. ניט קלערנדיק לאנג איז ער ארויף צו ר׳ מענדעלען, איינגעצאָלט אים דרייסיק זלאָטעס, דאָס גאנצע געלט האָט זיך דאָך ניט געקענט אוועקגעבן, און זיך מיט אים אָפּגעשמועסט צומאָרגנס קויפן סחורה און אויפנייען ביי א גוטן שניידער.

צומאָרגנס איז מענדעלע, אַ סוחרל, וואָס האָט געהאַנדלט מיט אַלעם אין דער וועלט, אויף ראטעס, ארומגעגאנגען מיט מאַריצן איבער די מאנופאקטור-געשעפטן אויף דער געגנט. דער גאַנצער אייגנקויפן די סחורה. דאָס איז ניט געווען אזוי לייכט. מאַריין האָט געוואָלט אזא סחורה, וואָס זאָל ניט זיין טונקל און ניט העל. ער האָט געוואָלט אזא אנצוג, וואָס מען זאָל קענען טראָגן סיי זומער, סיי ווינטער און דערצו מיט צוויי פּאָר הויזן. איז אים א סחורה געפעלן געוואָרן האָט דער סוחר ניט געוואָלט אָפּשניידן פיר מעטער מיט 20 צענטימעטער, ווייל עס וועט בלייבן א רעשטל פון דער איבעריקער סחורה. אזוי איז מענדעלע מיט מאַריצן ארומגעגאנגען א גאנצן טאָג פון פרי ביז אָוונט און ענדלעך געפונען, און גראָד א גוטע סחורה, א רעשטל פון 4 מעטער מיט 25 צענטימעטער. זיי זיינען גלייך ארויפגעגאנגען צו א שניידער, וועלכער האָט אים גענומען א מאָס, באשטימענדיק גלייך א טערמין פאר דער ערשטער פּראָבע.

ביינאכט האָט מאַריין געמאכט פארשיידענע אויסרעכענונגען, ווי אזוי ער וועט זיך נוהג זיין מיטן אנצוג. זומער אין די גרויסע היצן וועט ער נאָר טראָגן די הויזן, די צווייטע פּאָר הויזן וועט ער ביי יעדן מאָל געבן צום פּרעסן, אַזוי, אַז דער אַנצוג וועט שטענדיק זיין ניי. איין געדאנק האָט אים אָבער ניט געלאָזט איינרוען, ער האָט פארגעסן אָנצוזאָגן דעם שניידער צו מאכן דעם אנצוג ברייט און לאנג.

ווי נאָר דער טאָג האָט זיך געשטעלט, און גראָד א שיינער מיט אן אויסגעצווייטערטן הימל, וואָס האָט באצירט די נאטור מיט א ליכטיקייט און ווארעמקייט, איז מאַריין אַרויפגעלאָפן צום שניידער אָנזאָגן, ער זאָל ניט פאַרגעסן אומעטום צולאָזן א פּאָר צענטימעטער, דער אנצוג זאָל זיין ברייט און לאנג, ווי אויך דאָס אויבערשטע טעשל זאָל זיין ארויפגענייט און ניט דורכגעשניטן, א קשיה אויף א מעשה, אין א פּאָר יאָר ארום ביים איבערניצעווען זאָל די סחורה ניט זיין דורכגעהאקט.

דער שניידער האָט אים פארזיכערט, אז אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. פאר מאַריצן איז דאָס געווען וויניק, מיטאָג־צייט איז ער ווידער געקומען געוויר ווערן אויב די סחורה איז שוין דעקאטעזירט. אויך אין אָוונט איז מאַריין געקומען צום שניידער אָנזאָגן, אז די הויזן זאָלן זיין אויף א פּאסעק, ניט אויף קיין שעלקעס.

מאַריין האָט דעם שניידער קיין רו געגעבן. יעדע פאָר שעה איז ער געקומען צולויפן, אנזאָגנדיק פארשיידענע זאכן, און דאָס וויכטיקסטע איז געווען: ברייט און לאנג. דער שניידער, זעענדיק פענצטער דורכן פענצטער אז מאַריין גייט, פלעגט ער זאָגן צו זיינע געזעלן: „ברייט און לאנג גייט". דער שניידער, וויסנדיק, אז ער וועט פון מאַריצן קיין רו ניט האָבן, האָט דעם אנצוג פארטיק געמאכט נאָך פאר דער באשטימטער צייט.

מאַריין, באקומענדיק דעם נייעם אנצוג מיט די צוויי פּאָר הויזן האָט זיך געפילט ווי א זיגער. ער האָט זיך געקויפט א ספּעציעל העלצל, ארומגעוויקלט מיט א לייוונט, אז די פּאָרשעווקע פון דער מארינארקע זאָל זיך חס־ושלום ניט אָפּרייבן, און ביים אַריינהענגען אין שאַנק איבערגעהאנגען מיט אַ העמד עס זאָל זיך ניט פארשטויבן. דעם נייעם אנצוג פלעגט מאַריין נאָר טראָגן צום ארויסגיין, אין שבת האָט ער זיך באגנוגנט מיטן אלטן אָפּגעבלאקעוועטן, אָפּגעטראָגענעם אנצוג.

דער נייער אנצוג האָט אים אריינגעבראַכט אין אן אנדערער שטימונג. א נייער לעבנס־גייסט האָט אין אים דערוואכט, ער איז געוואָרן געגאנגען אויף פארשיידענע פארוויילונגען און אין די ימים־טובים געגאנגען צו גאסט צו זיינע באקאנטע און קרובים. אין די הייסע זומער־טעג האָט ער געטראָגן נאָר די הויזן מיט א ספּאָרט־העמד, און אין די אָוונטן אויך די מארינארקע. יעדן טאָג האָט ער געפּוצט דעם אַנצוג, הגם ער איז ניט געווען פאַרשטויבט. יעדע פּאָר הויזן האָט ער געטראָגן איין וואָך, נאָך דעם געטוישט אויף די צווייטע פּאָר, אז ביידע זאָלן זיין אין איין צושטאנד און ניט צו שנעל זיך אָפּנוצן. ער האָט געהאט א שטענדיקן שניידער, וואָס פלעגט אים פרעסן די הויזן אומזיסט, ווייל ער האָט אים געשריבן בריוו צו זיינע קרובים אין אמעריקע, און צוליב דעם האָט שטענדיק דער אנצוג ביי אים אויסגעזען ניי.

אין א שבת־דיקן טאָג איז ער אוועק מיט זיינע קאָלעגן אויף אן אויספלוג, אנגעטוענדיק די הויזן און אַ ספּאָרט־העמד.

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער און זייער אַ שיינער. זיי זיינען געגאַנגען אויף דער פּלאזשע צו דער ווייסל. אויפן ראנד פון טייך האָט מאַריין אויסגעזוכט אן אנטשפּרעכנד אָרט, אויסגעטאָן די הויזן, איינגעפּאקט אין א צייטונג, זיי זאָלן זיך ניט פארשטויבן.

אין דער רואיק, פויל־פליסנדער ווייסל האָבן זיי זיך געבאָדן, מאכנדיק פארשיידענע איבונגען, שפּרונגען אין וואסער און גורקעס. די זון האָט זיך אַלץ העכער באוויזן אויפן הימל און די הייסע שטראַלן האָבן אויף ברוין אָפּגעברענט די נאקעטע קערפּערס פון די פּלאזשע־געסט, דערביי געשענקט לעבנס־קראפט און לעבנס־לוסט אַלע לעבעדיקע וועזנס.

נאכמיטאג האָט זיך די גאנצע געזעלשאפט איבערגעטראָגן אין רערבייאַקן גרויסן גאָרטן, נים ווייט פון דער אלטאנע, צום ספּאָרט־פּלאַץ, ווו ס'איז פאָרגעקו־מען א פוטבאָל־מעטש. אויך מאָריץ מיט זיינע קאָלעגן זיינען אהין געגאנגען. דער מייסטערשאפטס־מעטש האָט צוגעצויגן טויזנטער צושויער און ביים אהיימגיין איז דאָס געדראנג געווען אן אויסערגעוויינלעכס. א מאסן־שטראָם פון מענטשן איז גע־גאנגען, און אומבאמערקבאר איז מאָריץ צוגעדריקט געוואָרן צו דער רראָט־ארומ־צוימונג פון דער בלומען־אלעע, רערביי האָט ער פארטשעפּעט די הויזן, אוועקרייסנ־דיק א שטיקל.

א טיפן שמערץ אין הארצן האָט ער רערפילט פון דער פּאסירונג און ווייטער נים געקענט גיין. ער איז געבליבן שטיין, אָבסערווירדט דעם פּיינלעכן ריס, און אן אומעט האָט זיך צעגאָסן אויף זיין געזיכט. זיינע אויגן זיינען איבערפולט געוואָרן מיט טרויער אויסצובדעכן אין א געוויין. ער האָט זיך באהערשט, ס'האָט נים גע־פּאסט פאר זיינע קאָלעגן. זיי האָבן אים געטרייסט, אז דאָס איז גאָרניט, דער שניידער וועט עס מאכן נים צום באמערקן.

א צעבראָכענער איז ער אהיימגעקומען, אויסגעטאָן די הויזן, נאָך א פּאָר־מאָל באַקוקט דעם ריס, צוזאַמענגעלייגט אין אָרדענונג, אויפגעהאנגען אויפן שטול, און פון פאַרביטערונג אוועקגעלייגט זיך אויף דער סאָפע.

דער טאָג איז שנעל פארביי, די זון איז פארשוואונדן פון הימל און א האלבע לבנה האָט זיך באוויזן. עס האָט אים אויסגעזען, אז אליץ ארום אים, און אויך די האלבע לבנה, איז איינגעהילט אין א טרויער און דריקט אים אויס מיטגעפיל.

ער האָט זיך קוים דערווארט, אז די שלאָפלאָזע נאכט זאָל פארביי און דער זונטיק זאָל קומען. מאָריץ איז אוועק צום שניידער, האלטנדיק די הויזן אויפן ארעם אנגעווייזנדיק דעם ריס. דער שניידער האָט באטראכט די הויזן און געגעבן א גוטע האָפענונג, אז ער וועט דאָס אָרט פאָרזיכטיק פאדנייען נים צום דערקענען. אזוי איז ווירקלעך געווען. אין אָוונט זיינען די הויזן פארטיק געווען, דאָס אָרט פון ריס איז געווען זאָרגפעלטיק צוגעפּרעסט און ס'איז נים מעגלעך געווען צום דערקענען. נאָר מאָריץ האָט דאָס אָרט דערקענט, אָבער פאַרפאַלן, ער האָט געמוזט שלום מאכן מיטן געדאנק, אז אנדערש קען דאָס נים זיין.

ווירער זיינען געקומען פארשיידענע נאָרמאלע און אומנאָרמאלע טעג, ערנסטע און פריידיקע פון שטודירן אין אוניווערסיטעט, רערטיילן פּריוואט־לעקציעס, צאָלן ראטעס פאַרן אַנצוג. אומאנגענעמע און אנגענעמע עפּיזאָרן, ווי אין לעבן פון יערן יונגן מענטשן. אין א מיטוואָכדיקן טאָג, צוריקגייענדיק פון אוניווערסיטעט, פון הויכן טעמפּל פון וויסנשאפט, ווו עס איז נים נאָר בלויז שטודירט געוואָרן, נאָר אויך געפירט פיזישע פארמעסטונגען פון די אנטיסעמיטישע סטודענטן קעגן די יידישע, איז צו מאָריצן צוגעגאַנגען אַ הער, זאָגנדיק: ווי אַזוי גייט איר אין גאס, די פּלייצע פון אייער מאדינארקע איז דאָך פולשטענדיק צעריסן.

וואָ־אָ־אָס? האָט מאָריין אויסגעשטאמלט. דאָס איז דאָך גאָרניט מענלעך, מײַן נייער אנצוג איז צעריסן?

— איר קענט זיך גלייך איבערצייגן, האָט רער הער דערקלערט און ווייטער נעגאנגען זיין וועג. אן אומרואיק געפיל האָט מאָריצן באהערשט, ער איז אריין אין א טויער אויף דער קארמעליצקע גאס, אויסנעטאָן די מארינארקע און דערזען דאָס אומגליק. די אנטיסעמיטישע סטודענטן האָבן מיט ראזיר־מעסערלעך צעשניטן די פּלייצע פון דער מארינארקע. א קאלטער שוויים האָט באדעקט זיין שטערן און נעזיכט. ער האָט דערפילט ווי די פיס וואקלען זיך אונטער זיין קערפּער. פארצווייפלונג האָט אים באהערשט און מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך דערשלעפּט אהיים. ער האָט ניט נעקענט, פון אויפרעגונג, קיין וואָרט אויסריידן. אויפהעננענדיק די מאַרינאַרקע אויף אַ שטול, רי הויזן אויף אַ צווייטן, האָט ער זיך אַוועקגעליינט אויף דע׳ סאָפע.

דער טאָג איז געווען אַ טריבער, אַ ווינטל האָט געבלאָזן, און מאָריצן האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי די נאַטור פילט מיט אים מיט, אָנשליסנריק זיך אין זיין צער.

ווי נאָר ער איז געקומען צו זיך איז ער גלייך אַוועק צום שניידער, וועלכער האָט באטראכט די מארינארקע, ווי א דאָקטאָר אַ קראַנקן, רערקלערנריק: דאָס פאריכטן איז אומעגלעך, ס׳איז דאָ איין אויסוועג. פון איין פּאָר הויזן אַרויסנעמען סחורה פאַר אַ האלבער פּלייצע, דעמאָלט וועט די מאַרינאַרקע זיין פולשטענריק ניי, ניט צום דערקענען, און פון איבעריקן שטאָף קען מען מאַכן אַ היטל. מאָריין האָט ניט נעקענט אַזוי לייכט זיך אַנטשליסן צו ברעננען אַלס קרבן די צווייטע פּאָר הויזן, פארשטענרלעך, די פאַריכטע, אָבער ס׳איז דאָך ניט געווען קיין אַנדערער אויסוועג, האָט ער געמוזט איינשטימען.

אין צוויי טעג אַרום איז דער אַנצוג פּאַרטיק געוואָרן, די מאַרינאַרקע איז ווירקלעך נאָך דער „אָפּעראַציע" ניט געווען צום דערקענען, אַלץ ווי נעווען אין בעסטער אָרדענונג. איצט האָט שוין מאָריין נעהיטן רעם אַנצוג, ווי אַן אויג אין קאָפּ און מער ניט אָנגעטאָן אים צו גיין אין אוניווערסיטעט, ווייל ער האָט ראָך ניט נעהאַט די זיכערקייט, אַז ווידער וועט אַזאַ אומגליק ניט נעשען.

אַ קורצע צייט איז פאָריבער און אַלגעמיינע געשעענישן זיינען פּאָרגעקומען אין דער וועלט, דער קרינ איז אויסגעבראָכן. מאָריין איז אויף דער גאַס געכאַפּט געוואָרן רורך צוויי רייטשן און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָרט האָט מען פון אים צוגענומען דעם אנצוג, וואָס האָט אים אַזוי פיל מי און געזונט געקאָסט און האָט באַקומען אַ „פּאַסיאַק", דאָס הייסט אַ געשטרייפטן אַרעסטאַנטן־אַנצוג.

צו די אלע מאָראַלישע און פיזישע ליירן האָט מאָריין אויך געליטן צוליבן אַנצוג, וועלכער איז נעווען רער אויסדרוק פון זיין שטימונג. דער „פּאַסיאַק" האָט געפּייניקט זיין קערפּער, ווייל אין אים האָט ער זיך געזען אַלס שקלאַף, צעשטערט זיינע פּאַרלאַנגען, באַנערן און טרוימען, דאַקענן אין זיין אַנצוג האָט

ער זיך געפילט אין אַ דערהויבענער שטימונג, אין אַ פרייער אַטמאָספערע אַלס גלייכווערטיקער מענטש.

דאָס טראָגן רעם „פּאַסיאַק” האָט געדרויערט ווי אַן אייביקייט, דאָך איז געקומען דער טאָג פון באַפרייאונג, פון קענען זיך צעשיידן מיטן שקלאַפישן אַנצוג. ער האָט אָבער זיין אַנצוג ניט צוריקבאַקומען, קיין אַנדערן אויך נישט. פאַרלויפיק האָט ער גאָר קיין אַנצוג ניט באַדאַרפט, ווייל ער איז געלעגן אין שפּיטאָל קראַנק און ניט געקענט זיך אָנטאָן.

נאָך עטלעכע חדשים קראַנק זיין איז ער ענדלעך געזונט געוואָרן, אָבער קיין אַנצוג האָט ער אַלץ נאָך ניט געהאַט.

די קראַנקן־שוועסטער האָט פאַר אים אויסגעזוכט פון אַ פאַרשטאָרבענעם פּאַציענט אַ פּאָר הויזן מיט אַ מאַרינאַרקע און אין דעם איז ער אַרויס פון שפּיטאָל.

מאָריץ איז אַרויס אויף דער פריי. זיין אַנטוישונג פון דער „פרייהייט” איז שנעל געקומען. קיינער האָט זיך מיט אים ניט געפרייט, אויך די נאַטור ניט, פון וועלכער ער איז אַמאָל געוועזן באַגייסטערט, פון וועלכער ער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט שטימונגען און געפילן צו זיין אומגעבונג.

איצט זעט ער און איבערצייגט זיך, אַז די נאַטור, די זון, די לבנה און שטערן זיינען נאָר אַ באַשטאַנדטייל פון אַלגעמיינעם אוניווערסום, וואָס פירט אויס פיזישע און כעמישע פּראָצעסן אין רעזולטאַט פון דער באַוועגונג פון ערד־קויגל.

אויך דער שמייכל פון די מענטשן פון זיין אומגעבונג איז נאָר אַן אויסערלעכער, ווייל מיך אין די הערצער איז פאַראַנקערט אַ טרויער און אומעט. עס פרייט אים אויך ניט דער אַנצוג, וואָס ער האָט באַקומען פון „דזשאָינט”. ווייזט אויס, אַז אַ נידעריקער, באַבייכלטער אַמעריקאַנער נדבן האָט דאָס געשענקט. אין אַנצוג קענען אַריין צוויי קערפּערס ווי מאָריץ, אָבער די הויזן און די אַרבל זיינען קורץ.

עס דערוועקט זיך ביי מאָריצן אַ בענקשאַפט צו די אַמאָליקע צייטן, צו אַ זאָרגלאָזער פרייד, אָבער דאָס קומט ניט. ער שטרעבט באַהערשט צו ווערן מיט די געפילן, ווי ער האָט באַנייט דעם אַנצוג, פאַר זיין שווער פאַרדינטן געלט. ווי אַנגענעם איז דאָס געווען אין קענגזאַץ צו דער היינטיקער ווירקלעכקייט פון באַקומען געשענקטע אומברויכבאַרע זאַכן.

מאָריץ בענקט נאָך אַ נייעם אנצוג, וואָס זאָל אים געבן אַ פּערזענלעכע פרייד און צופרידנהייט פון דער אומגעבונג.



# סטעלאַ די דענטיסטין

לאַנג האָט סטעלאַ געוואַרט, איר טרוים זאָל פאַרווירקלעכט ווערן. זי זאָל ענדלעך ענדיקן די סטאָמאַטאָלאָגישע שולע און ווערן דענטיסטין. פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט איז זי באַשעפטיקט. אין די פרימאָרגן־שעהן לערנט זי אין דער סטאָמאַטאָלאָגישער שולע, און נאָכמיטאָג דערטיילט זי לעקציעס אַנדערע, בכדי צו פאַרדינען אויף הוצאה.

איין טאָג אין דער וואָך איז סטעלא פריי פון גיין אין דער שולע און פון דערטיילן די לעקציעס. זי גייט דאַן אין שטאָטישן פאַרק, ווו דער צויבער פון דער נאַטור דערשיינט מיט זיין פּראַכט און גלאַנץ. די זאָרגפעלטיק געפלעגטע, פאַרשיידנפאַרביקע בלומען־קלאָמבעס פאַרשפּרייטן וואונדערבאַרע ריחות, ווי די געגנט וואָלט געווען מיט די בעסטע און טייערסטע פאַרפומען באַגאָסן. צווישן די, אין רייען הויך־געוואַקסענע בוימער, באַצירטע מיט בלעטער, פליסט אַ טייכל, אויף וועלכן עס שיפן זיך יונגע מיידלעך און יינגלעך. זאָרגלאָזע שמייכלען באַווייזן זיך אויף זייערע ליפּן, און פאַרוואַנדלען זיך זייער אָפּט אין אַ הויך געלעכטער וואָס הילכט אָפּ מיט אַן עכאָ אין דער אומענדלעכקייט פון דער נאַטור.

סטעלאַ זיצט נישט וויט פונם טייך מיט אַ סטאָמאַטאָלאָגישע בוך אין דער האַנט און לייענט, לערנט און לערנט.

נישט איינמאָל דערגרייכן די זאָרגלאָזע געלעכטערס פון צופרידענע שטיפּעריען פון דער יוגנט צו סטעלאַס אויערן. נישט איינמאָל דערוועקן זיך אירע יונגע מיידלשע געפילן, און זי וואָלט זיך אויך גאַנץ גערן פאַרווילט גלייך ווי אַנדערע אין איר יונגן עלטער. נישט איינמאָל באַמיט זיך אַ בחור צו געווינען איר אויפמערקזאַמקייט, דורך אַוועקזעצן זיך אויף דער באַנק און פירן מיט איר אַ געשפּרעך. נישט איין בחור ווערט באַצויבערט פון איר מלאכיש אויסזען, וואָס באַצירט איר געזיכט. נישט איינער וואָלט גליקלעך געווען אין אירע אָרעמס און וואָלט זיין לעבן איר געווידמעט. זי וואַרפט אָבער אָפּ די אַלע געדאַנקען, דערשטיקט אין זיך אירע ברוינדע מיידלשע געפילן, ווייל זי האָט פאַר זיך אַ ציל: שטודירן. צוערשט ענ־

ריקן די סטאָמאַטאָלאָגישע שולע, ווערן אַ דענטיסטין, און דאַן טראַכטן וועגן סענ־טימענטן, געפילן און ליבע.

ס'איז אָוונט. די זון פאַרגייט און ביסלעכווייז פאַרשווינדן די גאָלדענע פאַססמעס זונען־שטראַלן. דער האָריזאָנט ווערט באַהערשט דורך אַ טונקלקייט, און דער הימל מאַכט די לעצטע צוגרייטונגען אויפצונעמען די הערשער פון דער נאַכט: די לבנה און שטערן.

אַנדערע יונגע מיידלעך אין איר עלטער ווילן זיך און פאַרברענגען אין די אומצאָליקע טאַנץ־לאָקאַלן, קינאָס, טעאַטערס, איבער וועלכע עס לויכטן אומצאָ־ליקע נעאָן־ליכטזור — און סטעלאַ זיצט אין קליינעם צימערל אויפן פערטן שטאָק און לערנט. אַ מידקייט צעגיסט זיך אויף איר באַהנ'ט און באַטעמ'ט נעזיכט. פון מידקייט און אויסגעמאַטערטקייט לייגט זי אַרויף אירע צאַרטע עלנבויגנס אויפן בוך, לייגט אָן דעם קאָפּ און ווערט אַנטשלאָפן.

זי שלאָפט, אָבער איר מוח אַרבעט. זי זעט זיך אָנגעטאָן אין אַ ווייס פאַרטעך, אין איר אייגענעם דענטיסטישן קאַבינעט, באַהאַנדלט זאָרנפעלטיק אירע פּאַציענטן, באַוועגט פלינק, שנעל און זיכער מיט דער זאָנדע, פינצעטן און שפּיגעלע. אין וואַרטע־צימער וואַרטן זייער פיל פּאַציענטן. דער זייגער האָט זיך הויך צעקלינגען, צעשטערנדיק די שטילקייט פון דער נאַכט און איבערגעריסן סטעלאַס שיינעס, ווונדערבאַרן טרוים. זי ווישט אויס אירע האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן, טוט זיך אויס און לייגט זיך שלאָפן.

די נאַכט־טונקלקייט פאַרשווינדט ביסלעכווייז פון האָריזאָנט און אַ העלקייט רייסט זיך דורך די נאַטור דערוואַכט צום טאָג־לעבן. די צווייגן פון די ביימער רייסן זיך צו דער הויכקייט פונם הימל, צו געניסן פון דער מתנה פון דער נאַטור, איינזאַפּן אין זיך די לעבנס־געבנדע זון־שטראַלן. די פיינעלעך צעזינגען זיך מיט פרימאָרגן הימן.

נישט איינמאָל פּאַסירט, אַז אַ קראַנקהייט שמידט צו סטעלאַן צום בעט. זי קען דאַן נישט גיין אין דער סטאָמאַטאָלאָגישער שולע און קען נישט דערטיילן קיין לעקציעס. אַן אומעט צעגיסט זיך אויף איר אָוואַל געזיכט און עס פּערלען זיך טרערן פון אירע קאַרשן־אויגן. עס באַהערשט איר אַ געפיל פון אומזיכערהייט, טאָ־מער וועט זי צוליב דעם נישט קענען באַליינען דעם עקזאַמען. ווי אַזוי וועט זי דאַן אויסזען פאַר זיך, פאַר מענטשן, ובפרט פאַר טאַטע־מאַמע, וואָס לעבן אין קליינעם שטעטעלע, און פאַרבינדן זייער גאַנצע האָפענונג, צוקונפט און טרוים מיט איר, ווייל זי איז פאַר זיי די איינציקע צירונג און שטראַל פון פרייד. זיי וואַרטן און האָפן שוין אויף דער מינוט, ווען זי וועט ענדיקן די סטאָמאַטאָלאָגישע שולע און ווערן אַ דענטיסטין. אין אַזעלכע פאַלן עגבערן די געדאַנקען איר מוח, און דעריבער, נאָך יעדער קראַנקהייט, פאַרשטאַרקט זי איר פליס צום לערנען און שרייבט איבער פון אירע פריינדינס די דורכגעלאָזענע לעקציעס. זי לערנט און לערנט, הזרט אי־בער אויף אויסנווייניק אַלע פאָרמולעס. איר קאָפּ ווערט אַנגעפילט און אָנגעפּיקע־

וועט מיט פראַגן, ענטפערס און פאָרמולעס. סטעלאַ לעבט אין אַ וועלט פון אירע־אַליזם, טרוימען און באַגערן. נישט איין מאָל קומט איר אויס צו פירן אַ האַרט־נעקיקן קאַמף מיט דער ווירקלעכקייט, מיטן לעבן גופא. נישט איין מאָל פּאַסירט, אַז זי מוז בענקען נאָך אַ שטיקל ברויט, און אויך נישט זעלטן פּאַסירט, אַז זי האָט נישט קיין געלט פאַרן שול־אָפּצאָל. ס'איז איר פּייגלעך, אָבער זי באַקלאָגט זיך נישט. זי דערציילט ראָס נישט קיינעם, שרייבט נישט וועגן דעם צו טאַטע־מאַמע, נאָר זוכט און זוכט ביז זי געפינט' ווירער אַן אַנטשפּרעכנדע צאָל לעקציעס. אַז רי הכנסות זאָלן דעקן די נויטוועגריקסטע אויסגאַבן.

די צייט פאַרשווינדט ביי פאַרשיירענע אומשטענדן, ביי פאַרהעלטנסמעסיק גוטע, ערגערע און אויך שלעכטע באַדינגונגען.

סטעלאַ ענדיקט איין סעמעסטער נאָכן צווייטן, ביז ענדלעך, נאָך לאַנגע און אומנעדולדיקע רערוואַרטונגען, נאָך שווערע באַמיאונגען און אָנשטרענגונגען איז געקומען די צייט פון עקזאַמען. סטעלאַ שרעקט זיך, זי באַקומט האַרץ־קלאַפּעניש. די סטאָמאַטאָלאָגישע שולע באַקומט אַן אַנדערן אויסזען. עס איז איצט אַ גורל־זאַך, דער שיקזאַל קען איצט דעצידירן, די אָריענטירונג, דער צופאַל און אויך דאָס גליק. אַלץ איז אָפּהענגיק פון מויל, פון דער צונג און געדאַנק. נישט פאַרטרישן רי פאָר־מולעס, נישט פאַרטוישן קיין אויסדרוקן. זי איז אַביסל בלאַס, דערשראָקן, פילט אַ גרויסע אחריות, און פאַר אירע אויגן דעשיינט דאָס בילד פון טאַטע־מאַמע, וואָס לעבצן און בענקען איר שוין צו זען מיט איר דערגרייכטן ציל, מיטן דיפּלאָם אין דער האַנט. ביי רי געדאַנקען נעמט זי אָן מער מוט, רדייסטקייט און גלויבן.

ביי אַ פייערלעכער שטימונג, אין קאָנפערענץ־זאַל, זיינען פאָרגעקומען די עק־זאַמענס, און צווישן די וואָס זיינען דיפּלאָמירט געוואָרן האָט זיך אויך געפונען סטעלאַ.

דאָס פאַנאַנדערטיילן די דיפּלאָמען איז פאָרגעקומען ביי אַ גרויסן פייערלעכן באַנקעט. פאַרשיידענע רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן, מען האָט רעציטירט, גע־זונגען לידער און פיינע מאכלים געגעסן.

מער ווי אויף אַלע האָט אויף סטעלאַ געווירקט די רעדע פון אַלטן, גרייז־גרויען פּראָפעסאָר. זיינע ווערטער האָבן געטראָפן אין איר הארצן און איינגעקריצט זיך אין איר זכרון. „זייט אין דינסט פון דער מענטשהייט, מילדערט אירע פיין און ליידן, דאן וועט איר פאר דער ארבעט אנערקענונג, דאנקבארקייט באקומען, און א פערזענלעכע, ווי אויך א געזעלשאפטלעכע סאטיספאקציע האָבן". עס זיינען ווידער אנגעקומען טעג ענלעכע צו די געכטיקע און מאָרגנדיקע. סטעלא האָט געארבעט אלס פּראקטיקערין עטלעכע חדשים פולשטענדיק אָן באלוינונג.

ווידער זיינען רערשינען פאר איר פארשיירענע מאטעריעלע זאָרגן, און ענרלעך האָט זי אלץ באקעמפט און אהיימגעפאָרן אין קליינעם שטעטעלע צו טאטע־מאמע, מיטן טעאָרעטיש דערגרייכטן ציל, מיטן דיפּלאָם אין דער האנט. זי באקומט א פאָסטן אין דער עקספּאָזיטור פון דער קראנקן־קאסע און איז באשעפטיקט דריי שעה

אין דער וואָך. זי פירט אויס נעוויסנהאפט איר ארבעט מיט געפיל און ליבע, אָבער אירע פארדיגסטן זייגען מינימאל און צו קליין אויסצוהאלטן זיך. אין די אָוונטן פילט זי זיך נאָך מער איינזאם ווי שטענדיק. זי שפּאצירט אין דער פּארק-גאס. עס דערוועקן זיך אין איר רעפלעקסן פון אירע איבערלעבונגען, פון אירע קינדער-יאָרן און שול-יאָרן, ווענן אירע אמאָליקע שול-פריינדינס און פריינד. זי האָט דעם איינ-דרוק, אז אַט די אלע זיינען צוריקנעוואקסן, גייסטיק צוריקגעשטאַנען, גיט מיטגע-גאַנגען מיטן שטראָם פון דער צייט, קליינבירגער געוואָרן, פארלוירן די אַספּיראַציעס, רעזיגנירט פון די הויכע אידעאלן, וועגן וועלכע זיי האָבן געטרוימט און געשטרעבט.

ניט איין מאָל, ווען זי ליינט זיך אויף איר נעלעגער מיט פאַרמאכטע, פאַר-טרוימטע אויגן, נייען דורך אין אירע נעדאנקען בילדער פון דער לערן-צייט, און איצט איז אלץ אזוי פארשוואונדן אָן א צוריקקער, און אלין איז געוואָרן אומדערגרייכ-באר. ניט ווילנדיק רייסט זיך ארויס א טיפער קרעכץ און וויי-געשריי: „צו בין איך פארמשפט צו איינזאמקייט?"

די מוטער, וואָס שפיגלט זיך און צירט זיך אין סטעלען, שטייט ביי איר בעט, גלעט מיט א טוך דעם פארשוויצטן שטערן און געזיכט פון איר טאָכטער, און בעט איר, ווי מיט רחמים, זי זאָל זיך בארואיקן. אפשר איז הס-ושלום א בייז-אויג געווען, אָדער נאָר א שלעכטער, בייזער חלום רחמנא לצלן.

סטעלא עפנט אויף די האלב-פארשלאָפענע אויגן, קוקט זיך ארום, ווי עס וואָלט גארניט געווען און אלץ איז אוועק אין פארגעסנהייט. א בייזער מערב-ווינט האָט א וויע נעטאָן און אננעמאכט גרויסע פארלוסטן. דאָס איז ניט געווען קיין ווינט, וואָס רייסט אראָפּ די בלעטער פון די צווייגן אָדער די דעכער פון די הייזער, נאָר דאָס איז נעווען א גייסטיקער ווינט, וואָס האָט צערודערט, פארפינצטערט און פאר-טעמפּט מוחות. אַ דאַנק דעם ווינט האָט סטעלאַ באַקומען אַן אנטזאגונגס-בריוו פון דער קראנקן-קאסע, אז זי ווערט באפרייט פון איר פּאָסטן. זי האלט דעם בריוו אין דער האנט און ברויזט פון כעס. דורך איר געדאנק שוועבן דורך די ווערטער פון אלטן נרייז-נרויען פּראָפעסאָר, „זייט אין דיגסט פון דער מענטשהייט, מילדערט אירע פּיין און ליידן, דאן וועט איר פאר דער ארבעט אנערקענונג, דאנקבארקייט באַקומען, און אַ פּערזענלעכע, ווי אויך אַ געזעלשאַפטלעכע סאַטיספאַקציע האָבן".

יאָ, עס קלינגט אלץ ווי א פּאראדאָקס, ווי א חוזק.

זי שרייבט ביטעס, רעקורסן, אָבער אלין אָן דערפאָלג, ווייל זי איז א יידישקע. ווי יעדן אָוונט איז אויך היינט סטעלא געגאנגען שפאצירן אויף דער פּאָסט אין פּארק-גאס. דער היינטיקער אָוונט האָט זיך אָבער פיל אונטערשיידעט פון אנדערע. מען האָט גישט געזען קיין שפּאצירגדע, נאָר אויף די עקן פון די גאסן זיינען גע-שטאַנען גרופּעס מענטשן, געלייענט די גאַר וואָס אויפגעקלעפּטע פּלאַקאַטן און גע-פירט נעשפּרעכן. אַ בלייערנע ערנסטקייט האָט זיך צעגאָסן אויף זייערע געזיכטער ווי ס'וואָלט געווען יום-כפור.

ניסט ווילנדיק איז סטעלא צוגעגאנגען צו אן עק פון דער גאס און איבערגע-

לייענט דעם פּלאקאט. די ווערטער „אויף געוואַלט וועלן מיר ענטפערן מיט געוואַלט׳
און דער מאָביליזאציע=באפעל האָבן זי איבערצייגט וועגן דער בעפאָרשטייענדע־
גרויסער מלחמה. פון אלע זייטן האָבן זיך געהערט געוויינען פון פרויען, וועמענס
זין און מענער זיינען גערופן געוואָרן צום אקטיוון מיליטער=דינסט. מעטאלענע פייגל
האָבן זיך באוויזן אויפן הימל, באוואָרפנדיק פארשיידענע געביטן מיט בלייערנע
קוילן און באָמבעס. די מעכניק, די קרוין און שטאָלן פון מענטשלעכן זשעני, האָט
דערגרייכט איר פּארקערטן קולמינאציע= פּונקט. אנשטאט צו שאפן דער מענטשהייט
גליק און פרייד, האָט זי געשאַפן אומגליק, צעשטערט הייזער און פאַרניכטעט לעבנס.
שטיוול שווערע האָבן געטראָטן דעם וועג פון צעשטערונג און פארניכטונג. זיי האָבן
באהערשט דאָס לאנד, דערגרייכנדיק דאָס קליינע שטעטעלע. הונגער, נויט און שרעק
זיינען געווען די ערשטע באגלייטערס פונם לעבן אונטער דער נייער הערשאפט. יעדן
פרימאָרגן זיינען ווי שאָטנס פארשוונדן געוואָרן יונגטלעכע, זוכנדיק א זיכער, רואיק
ווינקל אויף דער ערד..

די נייע מאכט מיט איר פויסט=קולטור, האָט באגלייט די יוגנט אויף די גרע=
נעצן מיט קלעפּ און מיט צונעמען דאָס ביסל זאכן, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיט=
געפירט. נישט איינער האָט געטרויסט און געהאָפט צו באקומען אָדלער=פליגל צו
קענען הערכפליען דעם פליסנדן טייך בוג, אויסצומיידן די ברוטאלע וואכן פון די
מאָדערנע „קולטור=טרעגער", וואָס האָבן זיך דורך צעשטערונג און פארניכטונג א=
ריינגעריסן אין אייראָפּע.

סטעלא האָט געפילט די מאָראלישע דערנידערונג פון דער נייער מאכט. זי
האָט געוואָלט אַוועק ווייט, ווייט אויף נייע האָריזאָנטן און פּלאַנעטן, אויסצומיידן די
עגבערנדיקע הוזק=בליקן פון דער נייער געזעלשאפט.

דערווייל האָבן די ענדערונגען פונם טאָג= טעגלעכן לעבן אלין אוועקגעפירט אויף
אנדערע רעלסן. פון דער ווינונג זיינען זיי ישוין פון לאנג ארויסגעטריבן געוואָרן
און די קליינע משפּחה: סטעלא, די מוטער און דער פאָטער, זיינען אריינגעדרענגט
געוואָרן אין א קליין צימערל אין א שמאָל געסעלע. אלע טרוימען, פאר וועלכע
סטעלא האָט איר גאנצע יוגנט געקעמפט, זיינען צערונען געוואָרן. דער הונגער האָט
וואָס אמאָל מער אנגעהויבן הערשן אין שטעטל, דערגרייכנדיק צום קליינעם צימערל.
יעדן טאָג האָבן זיך פארגרעסערט די מאָראלישע און פיזישע ליידן. סטעלא קען
ניט פועלן ביי זיך צו פארלאָזן די אלטע טאטע=מאמע. זי בלייבט און ליידט צוזאמען
מיט אלע און פאר אלע. פארשיידענע קראנקהייטן האָבן אויסגעשפּרייט זייער נעץ
אויף די ענג=באוווינטע צימערלעך אין די שמאָלע געסעלעך, דערגרייכנדיק צו סטע=
לאס מוטער. טאכטלאָז און הילפלאָז איז סטעלא געשטאנען ביים בעט פון איר מו=
טער וועלכע האָט געפירט אַ געראַנגל מיטן טויט און באַהערשט געוואָרן דורך דער
אייביקייט. די נייע לעבנס=פאָרמען האָבן סטעלאן פולשטענדיק רואינירט. די אלין
נייע אנקומענדע ידיעות האָבן איבערגעשטיגן יעטוועדע שוידערלעכע פאנטאזיע. דאָס

יידישע לעבן איז פולשטענדיק הפקר געוואָרן. יעדן טאָג האָט זיך בלוט געגאָסן אויף די שמאָלע גאסן פונם קליינעם געטאָ.

אין א טונקעלן, קאלטן מערץ־פרימאָרגן זיינען אלע יידן פון שטעטעלע איבער־געזידלט געוואָרן. נייע, ביטערע ליידן האָבן אנגעהויבן באנלייטן דאָס יידישע לעבן. יעדער טאָג איז געוואָרן ענלעך צום שוידערלעכן מאָרגן און טראנישן נעכטן. דאָס געשפּענסט פון טויט איז געהאָנגען אין דער לופט. אויף טרערן און בלוט האָט די נייע מאכט געבויט איר הערשאפטס־סיסטעם אין אייראָפּע. צוזאמען מיט אומצאָ־ליקע אנדערע יידן איז דאָס לעבן פון סטעלאס פאָטער אויף א גרויזאמען אופן אי־בערגעריסן געוואָרן. דער איינציקער באנער און ווילן פון סטעלאן איז געווען, זיי זיין א לעבעדיקער עדות פון דער אנטגילטיקער מפּלה פון דער בארבארישער מאכט. אין ליכט פון דיזר ווירקלעכקייט האָט דאָס אויסנעזען מער ווי א פאנטאזיע.

פון יעדן קליינעם צימערל פון די שמאָלע געסעלעך האָט געווייעט א ווינט פון טרויער און איינזאמקייט. דאָס טראגישע לעבן איז אויך צעשטערט געוואָרן. די באַ־דינגונגען זיינען באטראכט געוואָרן דורך די מאכט־האָבער פאר צו נוטע און אלע זיינען ארייגעטריבן געוואָרן אין הילצערנע באראקן.

נאָך א שווערן טאָג ארבעט איז סטעלא געלעגן אויפן שטרוי־זאק אין א פּריטש פון באראק נר. 5. די נאכט איז געווען א קאלטע, א פּראָסטיקע און אויפן פאר־וואָלקנטן הימל האָבן שפּאצירט איינציקווייז פינקלענדע שטערנדלעך. זיי האָבן דער־וועקט א טיפע בענקשאפט אין סטעלאס הארצן, און איר קאָפּ האָט געעגבערט. איר מוח איז פארוואנדלט געוואָרן ווי אין א פילם־לענטע, און לעבעדיקע בילדער האָבן פארביימארשירט איר געדאנק. עס האָבן זיך דערוועקט רעפלעקסן פון איר פאר־גאנגענהייט. אירע קינדער־יאָרן, די פרייד פון טאטע־מאמע, ווען זי איז אריבער פון איין קלאס אין א העכערער. די שול־חברטעס, די זאָרגלאָזע און פריידיקע קינדער־יאָרן. די שטודיר־צייט, דער עקזאַמען, דער באַנקעט און די רעדע פון אַלטן פּראָ־פעסאָר. דאָס וואָרט „היים", וויפיל ווארעמקייט האָט דאָס אויסגעדריקט; די מאמע, דער טאטע, די ביכער, די העפטן פון דער שול־צייט, דאָס אָרט, ווי זי איז געזעסן און זיך געלערנט. דער טיש, ביי וועלכן מען האָט געפייערט יום־טוב־סעודות. די מאמע ביים ליכט־בענטשן אין די יום־טובדיקע קליידער, און דער טאטע אין ווייסן קיטל, ווי א יידישער מאָנארך. צי קען מען פארגעסן די נוסמוטיקע אוינן פון דער מאמען און די גרויסע ברעמען פונם טאטן, דעם תלמיד־חכם, וואָס האָבן באשיינט און באצירט זיין געזיכט. די היימלעכקייט און פריילעכקייט, וואָס האָט געהערשט אין שטוב, ווען די פעטערס און מומעס זיינען געקומען מיט די קינדערלעך. איז דאָס מעגלעך, אזאין שטוב, אין וועלכער עס איז שטענדיק געווען פון אַלעם בעסטן איז אלין פארוויסט און הרוב געוואָרן? איז דאָס מעגלעך, אז די נוטהארציקע מאמע איז מער נישטאָ, און דער טאטע איז דורך ברוטאלע, מערדערישע הענט אומגע־בראכט געוואָרן? עס באווייזן זיך טרערן אין אירע קארשן־אויגן, איבערן גורל פון איר פאמיליע און פונם יידישן פאָלק.

א ווילר, מיראַניש געשריי האָט זיך דערהערט „איפּשטיין", וואָס איז געווען אייגנס פֿון די באַליבסטע ווערטער אין נייעם גערמאַנישן קולטור-אוצר-לעקסיקאָן. גלייך איז סטעלאַ מיט די 240 איינוווינערינס פֿון באַראַק מיט געוואַלט ארויס-געטריבן געוואָרן אויף דעם קאַלטן פּלאַץ צום אַפּעל.

סטעלאַ שטייט אויפֿן אַפּעל און באַטראַכט די בוגטקייט פֿון די פֿאַרשיידנפֿאַרביקע קליידער-שמאַטעס, וואָס באַדעקן די אויסגעדאַרטע, אויסגעמאַטערטע קערפּערס. אָט די פֿאַרזאַמלטע אויפֿן אַפּעל-פּלאַץ זיינען דאָס ווי, איבער וועמענס קעפּ עס האָבן זיך אויסגעגאָסן די גרעסטע גרויזאַמקייטן פֿון פֿאָלקס-גורל. געצוווּנגענע שקלאַפֿן, באַרויבטע פֿון יעדער ערע און ווירדע.

אירע געדאַנקען ווערן איבערגעריסן דורך משונהדיקע אויסשרייען: אַכטונג, רוהע, אַפּציילן, פֿאָדערמאַן, מאַרשירן, רעכטס און לינקס. צוויי מאָל אין טאָג הזרן זיך איבער די זעלבע ווילדע אַפּעל-סצענעס.

צום הונגער און פֿיזישע ליידן ביי דער שקלאַפֿערישער אַרבעט, וואָס רואינירט דעם קערפּער, קומען צו די מאָראַלישע ליידן מצד די איבערוואַכער. זייער צאָל איז אַן אומגעהויערע מיט איין געמיינזאַמען ציל: צו צווינגען און טעראָריזירן אויסצופֿירן וואָס מער אַרבעט און מערדערלעך שלאָגן. די לאַנגע קייט פֿון איבערוואַכער הויבט זיך אָן פֿון פֿאָראַרבעטער, קאַפּאָ, פּאָליציסט, ווערקשוץ, ס.ס.-מאַן, אונטער-מייסטער, מייסטער, אָבערמייסטער, בעטריבס-לייטער, וויצע-דירעקטאָר, דירעקטאָר, גענעראַל-דירעקטאָר, און סתם אַנדערע פֿאַרשיידענע ענלעכע כוליגאַנעס, מערדער און פּאַראַזיטן, וואָס מאַכן אַ לעבן אויפֿן חשבון פֿון די צום טויט-פֿאַרפּייניקטע יידן.

דער רויש פֿון די מאַשינען, דאָס קלאַפּן פֿון מכשירים און זידן פֿון די פּאַרע-קעסלען, פֿאַרטעמפּט דעם געדאַנק, שוואַכט אָפּ דעם מוח און צערודערט דעם קאָפּ. עס רייסן זיך אַרויס די ווערטער פֿון סטעלאַס מויל: די קולטור פֿון 20-טן יאָר-הונדערט.

מיט אַן אומגעדולדיקן באַגער קוקט מען אויס, אַז די שיכט זאָל זיך ענדיקן און די צווייטע זאָל קומען. די צעשראָקענע אויגן זיינען מאַט, דער קערפּער אָפּגעשוואַכט, די הענט און פֿיס מיד.

א לאַנגער, סירענע-פֿייף זאָגט אָן די פֿריידיקע בשורה, אַז די שיכט האָט זיך געענדיקט און עס מאַרשירן אַריין אין דער פֿאַבריקס-געביידע אַנדערע געצוווּנגענע שקלאַפֿן פֿון דער צווייטער שיכט. נאָכן ענדיקן די אַרבעט פֿאַנגט זיך אָן אַ נייע סעריע פֿון פּייניקונגען. דאָס ערשטע — אַפּעל, אַ פּאָר שעה שטיין אויפֿן פֿראָסט אויף אַכטונג, צום אָפּציילן, דאָס צווייטע — רעוויזיעס ביים טויער-איינגאַנג צו די באַראַקן, דאָס דריטע — סתם באַקומען קלעפּ, און ווען מען קומט אַריין אין באַראַק הויבט זיך אָן אַ פֿרישער גיהנום. די באַראַק-עלטסטע שלאָגט, איר געהילף שלאָגט, און די קאַפּאָס לשם מצוה, הרגענען די רעשט. אויפֿן שטרוי-זאַק טאָרסטו זיך נישט אויסקלייבן, זיצן טאָרסטו נישט, שטיין טאָרסטו נישט, רעדן טאָרסטו נישט, און פֿאַר יעדער זאַך באַקומסטו געשלאָגן. אויב עס שלאָגט די באַראַק-עלטסטע,

העלפט איר גלייך צו איר געהילף און די קאפּאָ. אזוי גייט דאָס ווי א כישוף־ראָד אָן אויפהער. די אלע איבערוואכער לויפן ארום ווי צעווילדעוועטע, אָנגערייצטע הינט מיט נאהייקעס אין די הענט.

מער ווי אלע האָט סטעלא געליטן פון די גערמאנישע בעסטיאלישקייטן, וואָס שטייגן איבער דעם קאַניבאַליזם*) פון די ווילדע שבטים. דאָס זיינען: די תליה, גאז־קאמער און קרעמאטאָריע. נישט איינמאָל האָט סטעלא א שוידער ארומגענומען ביים צוזען די געזיכטס־ענדערונגען פון די אויפגעהאָנגענע. נישט איינמאָל זיינען צו אירע אייערן דערגאַנגען די ב׳גוואַלט איבערגעריסענע קרעכצן פון די פאַרגאַזטע. נישט איינמאָל האָט איר א שוידער באהערשט, דערזעענדיק די געהאָנגענע און פאַר־גאזטע קערפּערס צום פארברענען.

איר הארץ האָט געברויזט פון פּראָטעסט און געשטרעבט צו נקמה. דאָס וואָרט „נקמה" איז געווען די צוואה פון די אלע, וואָס זיינען געפירט געוואָרן צום אומ־ברענגען.

אין דער אַלגעמיינער פינצטערניש, פאַרצווייפלונג, אַנטוישונג און פאַרביטערונג האָט א קליינער ליכטיקער שטראל אנגעהויבן אויפצושיינען אין דער געשטאלט פון א געהיים בלעטל, וואָס זי האָט באקומען יערן צווייטן טאָג צום לייענען. איר הארץ האָט א ביסל אויפגעוואכט, דערפון וואָס די רוצחים ליידן אויפן פראָנט איין מפּלה נאָך דער צווייטער. די אונטערערדישע באוועגונג שלאָפט נישט, און די דיווערסיע ארבעט פארניכטעט די דייטשע ווידערשטאנדס־מעגלעכקייט.

דער אויסגעבענקטער טאָג פון דער באפרייאונג איז געקומען. סטעלא הויבט אָן צוריק פירן א נאָרמאל לעבן און ארבעטן אין איר פּראָפעסיע אלס דענטיסטין. זי שטייט ביים שפּיגל און קעמט אירע אמאָל שווארצע האָר. עס פערלען זיך טרערן פון אירע קארשן־אויגן, ווייל אין איר קאָפּ גלאַנצן זיך פאַסמעס זילבערנע האָר, וואָס שרעקן איר ווי א מצבה נאָך די פארגאנגענע טראגישע יאָרן.

*) מענטשנפרעסעריי.

# חוה׳לע

ביים ווייסל=ברעג, ניט ווייט פון דער פּראַגער בריק,, אויף ריבאַקי נר. 8,10, האָט געוווינט חוה׳לע די באַרשטן=מאַכערין. זי אַליין האָט קיין באַרשטן ניט געמאַכט, נאָר איר מאַן נאָדל, האָט מען איר אָבער גערופן מיטן נאָמען פון איר מאַנס פאַך. ווער האָט איר ניט געקענט? עס איז געגוג געווען מען זאָל אַ קינד פרעגן, ווער איז חוה׳לע, האָט עס גלייך געענטפערט: די קליינע, שוואַרצע פרוי, מיט די איינגעפאַלענע באַקן אויפן געזיכט, וואָס האָט צוויי זין. דער עלטערער מאָטל, אַ משוגענער רחמנא לצלן און דער קלענערער פּייוועלע, איז שטענדיק אַ פאַרקרענקטער, ליגט אין בעט. די הסרונות פוןביידע קינדער האָבן אַפּנים געשטאַמט פונם טאַטן. ער איז געווען, אַ ביסל גייסטיק ניט אין אָרדענונג, און דערצו זייער אָפּט קראַנק.

חוה׳לע האָט זיך פאַר קיינעם ניט באַקלאָגט, פאַרקערט, געמאַכט אַ מינע פון אַ צופרידענער און אַז אַליין איז ביי איר אין אָרדענונג, ווייל ווער זי זיך באַקלאָגן פאַר פריינט וועלן זיי האָבן עגמת נפש, און שונאים, ווידער, וועלן זיך פרייען. דאָס האָט זי ניט געוואָלט, דערפאַר האָט זי געשוויגן, געדריקט אין זיך אירע געפילן, ווייל ווער האָט זי געקענט פאַרשטיין?

אין די אָווגטן פלעגט זי צוזאַמען מיט עלטערע פרויען שטיין פאַרן טויער און פירן געשפּרעכן, מערסטנטייל פלעגט מען דאָרט דערציילן וועגן צדיקים, פאַשיידענע ניסים, שדכנים שידוכים, און אויך שמועסן וועגן פּאָליטיק, דאָס איז שוין געווען חוה׳לעס געביט.

ניט איינמאָל פלעגט איר קישן נאַס ווערן פון טרערן. דאָס האָט זי געוויינט אויף איר גורל, געהאַט טענות צו טאַטע=מאַמע, וואָס האָבן איר פאַרקנסט פאַר נאָדלען, דעם באַרשטן=מאַכער, אַבי ארויסגעפּאַקט פון שטוב אָן נדן, ניט קימערדיק זיך ווייטער וועגן איר ליידנס=וועג. חוה׳לע קען ניט פאַרשטיין, וואָס האָט איינגעלעך מיט איר פּאַסירט. שטענדיק איז זי געווען באַהערשט פון געדאַנק, אַז אַ מענטש דאַרף קירעווען מיטן אייגענעם שיקזאַל, זיך ריכטן לויט זיינע אייגענע

געפילן. און פלוצלונג האָט זי זיך געלאָזט איבעררעדן פון טאַטע־מאַמע, אַ גליק, אַ חתן אָן נדן, און צוליב דעם גליק מוז זי נעבעך אָפּפינצטערן אַלע יאָרן, ווייל ווי אַזוי קען מען אַוועק און איבערלאָזן צוויי קינדער אויף הפקר? מאָטל, מיט די צוויי ווילד אויסגעשטאַרצטע אויגן, מיט א מוח, וואָס איז ניט פעאיק קיין שום זאַך צו פאַרשטיין, און אָן שום גרונט שיסט ער אויס מיט אַ ווילד געלעכטער. גאָר צוויי זאַכן באַזיצט ער: כוח און אַפּעטיט. פון וואַנען עס נעמט זיך צו אים אַזאַ גבורה. דאָס איז ניט צו פאַרשטיין, און אַן אַפּעטיט האָט ער, אַז ער קען עסן אָן אויפהער. אין שטוב איז טאַקע ניטאָ וואָס צו עסן, לויפט ער אַרום שטענ־דיק אַ הונגעריקער און כאַפּט אַרויס פון די קינדערלעכס הענטלעך זייער עסן.

פייוועלע, וואָס ליגט כמעט שטענדיק קראַנק, קען זיך גאָרנישט אויסלערנען, ווייל ער לערנט זיך אין דער שולע אַ פּאָר וואָכן, און דערנאָך ליגט ער אָפּ אַ פּאָר חדשים אין בעט. דער מאַן, מ'שטיינס געזאָגט,מאַכט דאָס ביסל באַרשטן, טראָגט זיי אַוועק צו די סוחרים, און קומט אַהיים מיט ליידיקע הענט, אָן אַ גראָשן, דערצו ווייסט ער, אַז אין שטוב איז ניטאָ קיין שטיקל ברויט, קיין קאַרטאָפּל, קיין ציבעלע, גאָרנישט, און דאָס אַרט אים נישט, אַ באָנציע שוויג. מען האָט אים ניט געגעבן קיין געלט און פאַרטיק. חוה'לע מוז דעריבער שטענדיק אַוועקגיין צו די סוחרים און אויסבעטלען די שכירות, וואָס עס קומט פאַר דער אַרבעט. דאָס קומט ניט אָן אַזוי לייכט. זי מוז אַפּעלירן צום יושר און געוויסן פון סוחר, אַז די קינדער זיינען קראַנק. מען גייט אויס פון הונגער, זי מוז בעטן, וויינען, און אַז דאָס העלפט נישט, שרייען און זידלען אויף דער גאַנצער ביטערער, אכזריותדיקער וועלט, ביז זי באַקומט די פּאָר זלאָטעס.

שווער און ביטער איז חוה'לעס לעבן אויף דער וועלט, אָבער קיינער זאָל וועגן דעם ניט וויסן, די שונאים זאָלן ניט דערפרייט ווערן און די גוטע פריינט זאָלן נישט האָבן קיין צער, דאָס איז חוה'לעס דערוויז.

פרייטיק פאַרטאָג לייגט זי אַריין אין איר קוישל אַ ביסל געפעס, און דערמיט גייט זי אַוועק אין יאַרעשעווסקים באַזאַר, קויפט איין אַ שטיקל קאָפּ־פלייש, אַ פּאָר אויפגעפרישטע, ביליקע ברויט און קאַרטאָפּל. דערמיט קומט זי אַהיים מיט אַ פולן קויש, מענטשן זאָלן מיינען, ווער ווייס וואָס זי טראָגט דאָרט, אָבער אין דער אמתן טראָגט זי דאָס געשיר, וואָס זי האָט מיט זיך מיטגענומען.

עס זיינען אויך דאָ צייטן, ווען די באַרשטן זיינען ניט אויסגעפּערטיקט געוואָרן, ווייל גאָרל איז געווען קראַנק, עס איז אויך ניטאָ ביי וועמען אָפּצונעמען אַ פּאָר זלאָטעס, טאָ וואָס טוט חוה'לע, אַז שכנים זאָלן נישט געוווּר ווערן? שטעלט זי צו אין טעפּ ריין וואַסער און שיט אַריין אַ ביסל זאַלץ, אַבי ס'זאָל זיך קאָכן אויף דער קיך. זאָלן מענטשן ניט מאַכן קיין נעבעך, זאָלן מענטשן ניט געבן קיין קרעכץ, ווייל העלפן וועלן זיי דערמיט סיי ווי נים, טאָ צו וואָס טויג דאָס אַלץ, דערפאַר מאַכט זי דעם אָנשטעל, ווי אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג.

מאָטל לויפט אַרום אַ הונגעריקער און איז גרייט אויפצועסן מיט אַמאָל

עטלעכע ברויט, אָבער פון וואַנען זאָל ער זיי נעמען. ער איז שוין איינמאָל אַוועק אין באַזאַר אַראָפּגעכאַפּט אַ ברויט פון אַ שטעל און געביסן גאַנצע שטיקער, שלינגענדיק דאָס ברויט אומצעקייטערהייט. די אָרעמע פאַרקויפערין האָט אים נאָכגעיאָגט און מען האָט אים געשלאָגן מכות רצח, אָבער עס האָט אים נישט געאַרט, ער האָט געגעסן. דאָס איז פאַר הוה'לען געווען אַ שאַנדע און זי האָט אָנגעזאָגט מאָטלען, אַז מער זאָל ער אַזעלכע זאַכן ניט מאַכן, ווייל מען וועט אים איינזעצן אין תפיסה און דאָרט איז ענגע, דאָרט וועט ער שטאַרבן פון הונגער צווישן ווילדע, בייסיקע מייז. פאַר דעם האָט מאָטל מורא געהאַט. דערפאַר איז ער מער נישט געגאַנגען אין באַזאַר, נאָר צום אויבסט־פּלאַץ, ווו ער פלעגט אויפקלויבן די אַ ביסל צוגעפוילטע מייערן, בוראַקעס, ברוקווע, אוגערקעס און ענלעכע זאַכן.

די ירקות איז אויך ניט געווען לייכט אויפצוקלויבן, די פאַרקויפערס האָבן נישט געלאָזט. דאָס האָט ער נאָר געקענט מאַכן אין אָוונט, ווען די סוחרים זיינען אַוועקגעגאַנגען און די וועכטערס האָבן געקערט.

מאָטל איז געפאַלן אויף אַן אַנדערער המצאה. אַזוי ווי אויפן הויף זיינען געווען שטאַלן מיט פערד און די בעלי־עגלות, וועלנדיק שפּאָרן האָבער, האָבן זיי געגעבן צו עסן די פערד געפּאַרעטע קאַרטאָפל מיט קלייען, פלעגט זיך מאָטל דורכן דאַך אריינגנבענען יעדן טאָג אין אַן אַנדערער שטאַל און צוכאַפּן זיך צו די געפּאַרעטע קאַרטאָפל און זיך אָנעסן ווי אַ פערד. די בעלי־עגלות האָבן גיט געקענט פאַרשטיין, ווער קען דאָס זיין, וואָס גנבעט די קאַרטאָפל. מענטשן וועלן דאָך דאָס נישט גנבענען, ווייל דאָס קען נאָר גענוצט ווערן פאַר פערד, דערפאַר האָט איין בעל־עגלה באַשולדיקט דעם צווייטן, ביז ס'איז דערגאַנגען צו געשלענן. בכדי אַ סוף צו מאַכן צו די באַשולדיקונגען איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ שומר, וואָס זאָל כאַפּן דעם גנב. מען האָט ווירקלעך געכאַפּט דעם „גנב" מ'שטיינס געזאָגט, ווי ער עסט אַרויס פון זאַק די קאַרטאָפל צוזאַמען מיט די שאָלן, דערביי טרינקט ער צו וואַסער פון אַן עמער.

דער בעל־עגלה, אַ ייד אַן אָרעמאַן, האָט אים נישט געשלאָגן, פאַרקערט, ער האָט אים דערלויבט צו עסן, דערפאַר האָט ער פאַר אים אויסגעזוכט אַרבעט, ער זאָל פאַרדינען אויפן עסן. יעדן טאָג האָט מאָטל געפּוצט די פערד, די וועגענער, געטראָגן וואַסער. נעמישט די קאַרטאָפל מיט קלייען, געמאַכט אָרדענונג אין די שטאַלן, און פאַר דעם האָט ער געגעסן די געפּאַרעטע קאַרטאָפל. אַז עס פלעגט בלייבן אַ ביסל זופּ ביי דער בעל־עגלה'טע האָט דאָס מאָטל באַקומען אין אַ ספּעציעלער כלי, ער האָט דערצו געהאַט אַ בלעכענע שעפּ.

שלעכט און ביטער איז געווען מיטן קראַנקן פייוועלע, וואָס אַ טאָג איז ער געוואָרן אַלץ שוואַכער און זיך ניט געקענט שטעלן אויף די פיסלעך.

ווענט האָבן אויערן, און אַלע געשיכטעס פון הוה'לען זיינען דערגאַנגען צו סימעלע דער גבאי'טע. סימעלע האָט געוווּסט, אַז מיט הוה'לען איז נישט אַזוי איינפאַך,

אַז זי וועט גאָרנישט ווען נעמען, דערפאַר פּלעגט זי דאָס מאַכן דורך פאַרשיידענע קונץ־שטיק. דורך דער פּאָסט אָדער דורך אַ שליח אריינשיקן איר פּעקלעך מיט שפּייז, קיינער זאָל חס ושלום נישט וויסן.

ווען הוה'לע פּלעגט נישט זיין אין שטוב, פּלעגט זיך סימעלע אַריינכאַפּן צו פּייוועלען מיט אַ ביסעלע לאָקשן מיט יויך, אַ ביסל קאָמפּאָט, אַ פּליגעלע, און אַזוי איז דאָס קינד אַ ביסל געקומען צו די כוחות.

בלייך־שנעל זיינען פאַרלאָפן טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן, באַגלייט מיט הונגער, קעלט, עלנט און נויט. גאָדל דער באַרשטן־מאַכער איז פולשטענדיק פיזיש רואינירט געוואָרן און נים אימשטאַנד געווען מער צו אַרבעטן. קיין פּרנסה איז אין הוה'לעס שטוב מער ניט געווען. זי האָט אָנגעהויבן אַלץ אויספאַרקויפן פון דער שטוב. קיין ווערטפולע חפצים זיינען איבערהויפּט ניט געווען, דאָך האָט זי אַלץ געטאָן און געראַטעוועט איר מאַן, גאָדלען, מיט איר זון פּייוועלען. מיט דער צייט איז די גאַנצע שטוב ליידיק געוואָרן, און אויך דאָס קדושין־רינגל האָט הוה'לע פאַרקויפט, און ווען ס'איז שוין ניט געווען מער וואָס צו פאַרקויפן איז גאָדל געשטאָרבן און צוויי וואָכן שפּעטער איז אויך פּייוועלע פאַרשוווּנדן אין דער אייביקייט.

געבליבן איז הוה'לע פאַראיינזאַמט מיט איר גייסטיק־קראַנקן זון, מאָטל. אין שטוב האָט זי זיך געפילט פרעמד, נישט געקענט זיך קיין אָרט געפינען. דער הויזווירט האָט גלייך אָנגעהויבן דראָען מיט עקסמיסיע. הוה'לע, לעבנדיק נאָך אין אירע אַלטע פאַנטאַזיעס, מענטשן זאָלן נישט רעדן וועגן איר, נישט מאַכן קיין נעבעך, קוקן אייף איר מיט רחמנות־בליקן, האָט אַליין פאַרלאָזט די אומעטיקע, פאַרטרויעריטע שטוב און אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס קינדער־דערציערין ביי אַ קצב. געטאָן האָט זי אין שטוב אַלץ: געקאָכט, געבאַקן, געבאָדן די קינדער, געצערעוועט, געניייט, אָבער פאַר מענטשן האָט זי דערקלערט, אַז זי אַרבעט דערפאַר, ווייל זי האָט ליב די קינדער און קיינער זאָל חס־ושלום נישט מיינען, אַז צוליב נויט.

פאַר דער אַרבעט האָט הוה'לע באַקומען צו עסן, שלאָפן, 30 זלאָטעס אַ חודש, און די קצב'טע, אַ ברייטע, דיקע יידענע האָט דערלויבט, אַז דאָס עסן, וואָס בלייבט איבער, זאָל זי אַוועקגעבן מאָטלען.

עטלעכע מאָל אין טאָג איז מאָטל צוגעקומען מיט זיין בלעכענער שעפּ צום פענצטער און הוה'לע האָט אים געגעבן פאַרשיידענע מאכלים, וואָס זיינען געבליבן. ווען ס'איז ביים קצב געקאָכט געוואָרן אַ באָרשטש האָט מאָטל גאָר געהאַט אַ גרויסע גדולה. די גאַנצע בוראַקעס האָט ער באַקומען. הוה'לע האָט אים דאָס אָנגעשפּרעכנד צוגעגרייט, צעהאַקט מיט אַ האַק־מעסער, איבערגעפּרעגלט אויף דער פּאַטעלניע און באַשיט מיט אַ ביסל צוקער. זי האָט אים נישט געלאָזט זיך אַרומוואַלגערן אין די שטאַלן, און האָט פאַר אים געדונגען אַ „סטאַנציע", דאָס הייסט אַן אָרט צום שלאָפן, ביי בערל הויקער אין אַ קעלער אויף אַן אויסלייג־בעטל, און דערפאַר געצאָלט 8 זלאָטעס אַ חודש. הוה'לע האָט ווי ווייט מעגלעך זיך באַמיט, אַז מאָטל זאָל נישט אַרומלויפן אַפּגעריסן, נאַקעט און באָרוועס, פּלעגט זי פאַר אים קויפן אויך

דער „וואָלוווקע" אַ פּאָר אַלטע הויזן, אַ מאַרינאַרקע, אַ פּאָר אָפּגעטראָגענע שיך, און זיך באַמיט ער זאָל אויסזען ווי אַ מענטש.

די בלעכענע שעפּ איז געוואָרן צו קליין, האָט זי אים געקויפט אַ טאָפּ מיט אַ לעפל, ער זאָל נישט עסן מיט די הענט.

מאָטל, וועלכער האָט ביז איצט פאַר דער מוטער גאָר מורא געהאַט, ווייל זי פלעגט שטענדיק זאָגן, דאָס מאָר מען נישט, יענץ טאָר מען נישט, האָט איר אָנגעהויבן ליב האָבן. ביז איצט איז אים דאָס נעפּיל פון מוטער-ליבע געווען פרעמד, נאָר זייט זי האָט אָנגעהויבן זיך מיט אים צו אינטערעסירן, איז ער צו איר צוגעבונדן געוואָרן און אויך אָנגעהויבן איר העלפן ביי דער אַרבעט. ווען די מוטער האָט געוואַשן וועש, איז ער געשטאַנען ביי דער באַליע און געדרייט די וועש, ארויפגעשטעלט און אַראָפּגענומען די שווערע טעפּ מיט וועש פון דער קיך, ארויפגעטראָגן די וועש אויפן בוידעם, געהאַקט האָלץ, ארויפגעברענגט קוילן פון קעלער, און אַזוי האָט ער זיך ערלעך פאַרדינט דאָס באַקומענע עסן.

אינצווישן איז אויסגעבראָכן דער שרעקלעכער קריג און דאָ איז מיט מאָטלען געשען אַ מערקווירדיקע זאַך. אין רעזולטאַט פון די אויפּרייסלונגען איז ער פולשטענדיק געזונט געוואָרן. ער איז נישט געווען מער צו דערקענען, אַ רואיקער, סאָלידער מענטש געוואָרן, זיין געזיכטס-אויסדרוק און באַגעמונג האָט זיך פולשטענדיק געענדערט. הוה'לע איז מיט אים אַוועק צו אַ ספּעציאַליסט אַ פּסיכיאַטר. דער דאָקטאָר האָט מאָטלען פאַרשיידנאַרטיק אונטערזוכט, דורך קלאַפּן מיט אַ העמערל אין די געלענקען, רערביי אָבסערווירט, ווי אַזוי ער רעאַגירט, געשטעלט פאַרשיידענע פראַגן און אַלץ איז געווען אין אָרדענונג.

דער דאָקטאָר האָט הוה'לען אויפגעקלערט, אַז מאָטל האָט זיך געגוויטיקט אין אן אויפּרייסלונגס-קוראַציע פון קאַרדיאַסאָל אָדער איגסולין. די קריגס-געשעעניש האָבן גורם געווען ביי מאָטלען אַן אויפּרייסלונג אויף אַ נאַטירלעכן אופן, און דערמיט דערקלערט זיך, אַז ער איז איצט פולשטענדיק געזונט.

הוה'לעס אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען פאַר פרייד. גלייך אויפן וועג האָט זי מאָטלען געקויפט אַן אויבערהעמד און אַ קראַוואַט, ער זאָל אויסזען לייטיש, ווערן אַ מענטש, אַ לייט מיט לייטן גלייך, געגוג זיך אַרומגעוואַלגערט און געליטן.

מאָטל האָט אויך אָנגעהויבן אַנדערש טראַכטן און פאַרשטאַנען, אַז ער, אַ געזונטער יונג מיט הענט און פיס דאַרף ניט לעבן פון דער שווערער אַרבעט פון זיין אויסגעהאָרעוועטער מוטער, דערפאַר הויבט ער אָן זוכן אַ מעגלעכקייט צו פאַררינען.

די נאַצי-מאַכט האָט איינגעפירט צוואַנגס-אַרבעט און דער יידן-ראַט האָט פאַנאַנדערגעשיקט אויפפאָדערונגען צו שטעלן זיך צו דער אַרבעט. פאַרמעגלעכע יידן זיינען צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען, גאָר געדונגען דערצו אַנדערע, אָרעמע יידן. איינער פון די, וואָס האָבן זיך פאַרדונגען צו דער אַרבעט, איז געווען מאָטל. אויף אַזאַ אופן האָט ער יערן טאָג פאַרדינט 10 — 15 און אַפילו 20 זלאָטעס.

די אַרבעט איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע, אָפטמאָל זייער אַ שווערע, דערצו באַגלייט מיט קלעפּ און זידלערייען. וועגן דער ברוטאַלער באַהאַנדלונג ביי דער אַרבעט האָט מאָטל דער מאַמען קיינמאָל נישט דערציילט, ווייל זי וואָלט אים נישט דערלויבט זיך צו פאַרקויפן צו שקלאַפעריי.

מאָטל איז אַזוי לאַנג געגאַנגען פאַר פרעמדע צו דער אַרבעט ביז ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אַלס שטענדיקער צוואַנגס=אַרבעטער אויף אַן אַרבעטס=שטעלע אין רעמבערטאָוו. יעדן פרימאָרגן איז ער מיט אַ גאַנצער גרופּע אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אַ לאַסט=אויטאָ צו דער אַרבעט און אין אָוונט צוריקגעפירט געוואָרן.

אין אַ יוני=טאָג 1942 האָט די מוטער מער אים נישט דערוואַרט. דאָס הויז איז בייטאָג אַרומגערינגלט געוואָרן און אַלע איינוווינער זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן צום אומשלאַגס=פּלאַץ, און פון דאָרט קיין טרעבלינקע. דאָס האָט שווער און ביטער געטראָפן מאָטלען. איינער אַליין געבליבן אויף דער גרויזאַמער, האַרצלאָזער וועלט. ניטאָ מער די מאַמע, וואָס האָט זיך פאַר אים מוסר נפש געווען ביז צו די לעצטע מינוטן פון איר לעבן. ער באַשליסט נקמה צו נעמען פאַר זיין מאַמען. ווי אַזוי און אין וואָס פאַרא פאָרעם — דאָס ווייסט ער נאָך אַליין נישט, אָבער טיף אין האַרצן און אין געדאַנק קריצט זיך איין דער נדר: נ ק מ ה.

מאָטל האָט באַקומען אַ חבר, א פריינט, וואָס האָט צוזאַמען מיט אים געליטן ביי דער אַרבעט. יענער האָט זייער פיל געוווּסט, און פאַרשטאַנען וואָס צו טאָן. ער, דער פריינט, מיטן נאָמען דוד, האָט זיך מיט אים דורכגעשמועסט אַ גאַנצן אָוונט אין געטאָ און אויפגעקלערט אים, אַז נקמה נעמען דאַרף מען נישט בלויז פאַר זיין מאַמען, נאָר פאַר אַלע יידישע מאַמעס, טאַטעס, ברידער, שוועסטער, קינדער — פאַרן גאַנצן פאָלק.

מאָטל האָט צו אַלעם מסכים געווען, ער איז גרייט צום קאַמף, אַלץ צו טאָן וואָס מען וועט אים הייסן. די דערקלערונג פאַר דודן איז געווען דאָס אָפיציעלע אָנשליסן זיך אין דער אונטערגרונט=באַוועגונג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די טאָג=טעגלעכע אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע. באַשטאַנען איז זי אין אַרויסגנבענען געווער און אויפרייס=שטאָפן פון די מאַגאַזינען אין וועלכע דוד און מאָטל האָבן געאַרבעט. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך, יעדע מינוט האָבן זיי ריזיקירט מיטן לעבן, אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָבן זיי מיט מסירות נפש יעדן טאָג אַריינגעבראַכט געווער דורך פאַרשיידענע קונץ=שטיק. אַמאָל דורכגעשמוגלט גראַנאַטן אין אויסגעהוילטן ברויט, אַמאָל אין עמערס פון קאַווע, אַמאָל אין קעסלען, אין וועלכע מען האָט געפירט מיטאָק, אַרומגעבונדן זיך מיט טאַשמעס קוילן. יעדן טאָג מיט פאַרשיידענע איינפאַלן און דאָס איז מאָטלען שטאַרק געפעלן געוואָרן. יעדן אָוונט האָט זיך מאָטל געלערנט באַנוצן מיט געווער, שיסן, וואַרפן גראַנאַטן און ווי אַזוי צו פירן אַ קאַמף מיטן שונא פון אַ קליינער דיסטאַנץ. לייענען האָט מאָטל ניט געקענט, דערפאַר האָט אים דוד דערקלערט, וואָס עס שרייבן די אומלעגאַלע צייטונגען. מאָטל איז געווען פיזיש גוט

אַנטוויקלט און מיט דער צייט האָט ער זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אין פּאָליטישע און סטראַטעגישע פּראָבלעמען.

אין אַן אַפּריל־טאָג 1943 האָט דוד דערקלערט מאַטלען: מער גייען מיר נישט צו דער אַרבעט. עס הויבט זיך אָן דער קאַמף, דער אויפשטאַנד.

פון דעם טאָג אָן האָט מאָטל פאַרנומען די שווערסטע פּאָזיציעס, פּאַרטיידיקט בונקערס, געשאָסן אויפן פיינט פון רעוואָלווערן, געוואָרפן גראַנאַטן, אַרויסווייזנדיק העלדישן אויסדויער און מוט.

צוזאַמען מיט אַנדערע אויפשטענדלער איז מאָטל געפאַלן אין העלדישן קאַמף.

# צען זיינען זיי געווען

צען יידן זיינען געווען אין דער שטאָט אָפּטאָוואָצק, וואָס האָבן געגלויבט אין אַ נס מן השמים, אין אַ וווּנדער פון הימל. צען יידן זיינען דאָס געווען, וואָס האָבן געמאַכט פאַרשיידענע תלמודיש־פילאָסאָפישע אויסרעכענונגען, אַז דער בליץ־קריג וועט אין גיכן מוזן נעמען אַן עק צוליב טעכנישע אומשטענדן, אַז עס וועט דערנאָך ווערן אַ ברייטערע, לענגערע מלחמה און די דייטשן וועלן זיך מוזן צוריקציען. זיי האָבן געגלויבט, אַז מען דאַרף נאָר קענען אויסהאַלטן אַ פּאָר טעג אין אַ באַהעלטעניש, צו זיין אומבאַמערקבאַר פון די רוצחים.

די צען יידן זיינען געווען: דער אָטוואָצקער רב שליט"א מיט זיינע נאָענטסטע חסידים.

מיטוואָך פאַרטאָג, דעם 19 אויגוסט 1942, זיינען זיי אַוועק אין אַ בונקער, אין אַ באַהעלטעניש, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן איינגעפאַלענע בוידעם, ווו מ'האָט אַ־רויפגעבראַכט אַ ביסל בעטגעוואַנט, צוגעגרייט וואַסער און ברויט. די צען יידן האָבן מיט זיך מיטגענומען תפילין, טליתים, ווייסע קיטלען, קאַפּעלעך, סידורים, חומשים און גמרות.

ראשית האָבן זיי אָנגעהויבן צו דאַווענען, ווי שטענדיק מיט גרויס כוונה און אויסגעשריגן „שמע ישראל ה' אלוהנו ה' אחד". אין דעם מאָמענט זיינען אַלע ווי פאַרגליווערט געוואָרן. פון אַלע זייטן זיינען אַריינגעפאָרן לאַסט־אויטאָס מיט אוק־ראַינישע ס.ס. און עס האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט קרעכצן פון דערשאָסענע און אַ געוויין פון קינדער.

די צען יידן האָבן אָנגעהויבן אין דער שטיל צו בעטן גאָט: „רחם עלינו וקבל ברחמים וברצון את תפילתנו".

איינער פון די צען יידן, ר' יחיאל־מאיר זאָלבערג, דער אייגנטימער פון אַ רע־ליגיעזן פּענסיאָנאַט אויף שפּיטאַלנע 11, האָט איבערגעהערט צו דאַווענען און אָנגע־הויבן מאַכן אַ חשבון הנפש.

זיין האַרץ האָט געבראָזט פון פאַרדרוס, צאָרן און פּראָטעסט. אַ גאַנץ לעבן געדאַוונט און געבעטן, און גאָרנישט אויסגעבעטן. — אויב גאָט ווילן איז, אַז איך זאָל אומקומען, האָב איך נישט קיין עצה, איז פאַרפאַלן, האָב איך גאָרנישט

וואָס צו זאָגן, ווייל ער רעגירט מיט דער וועלט און נישט איך, אָבער אומקומען דורך מערדער, רוצחים, סאַדיסטן, וואָס זאָלן איבער מיר חוזק, שפּאָטן, לאַכן, ניט קומען צו קיין קבר ישראל, מען זאָל גאָר מיר גישט זיצן קיין שבעה, נישט זאָגן קיין קדיש, דאָס וויל איך נישט. ניין! דאָס וויל איך נישט, שרייט פון אים אַרויס אַן אינערלעכער פּראָטעסט.

ער ווערט אויף זיך אַליין אין כעס, וואָס פאַר אַן אומזין איז דאָס אויסבאַהאַלטן זיך, צו וואָס האָב איך מיך געלאָזט צורעדן צו דעם, פון וועמען האָב איך דאָס געלערנט; פון משה רבנו, וועלכער האָט געזען, אַז אַ מצרי טוט שלעכטס אַ יידן, האָט ער דעם מצרי געהרגעט, פון דוד המלך, וועלכער האָט געפירט אַ קאַמף אויף לעבן און טויט מיט דעם מעכטיקן גלית הפלישתי, פון מתתיהו בן יוחנן, דעם כוהן גדול, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיינע זין געפירט אַ מעכטיקן קאַמף קעגן דער גריכישער אימפּעריע, פון יהודה המכבי, וואָס האָט אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער אימפּעריע, פון רבי עקיבא, דעם גייסטיקן פּאַטראָן פון מכבי־אויפשטאַנד, וועלכער האָט געשיקט זיינע תלמידים צום קאַמף. און איך זאָל מיך אויסבאַהאַלטן, ווען מען מאָרדעט מיין פאַמיליע, פאָלקס־ברידער און שוועסטער?.

זיין געוויסן און שטערן ווערן באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס, וואָס דריקט אויס אַן אינערלעכע שאַנדע, ווען ער דערמאָנט זיך אין חיים נחמן ביאַליק, וועלכער ברויזט פון כעס אין זיין פּאָעמע „אין אַ שחיטה שטאָט", אויף די, וואָס אַנשטאָט צו קעמפן קעגן די פּאָגראָמטשיקעס אין קישיניעוו, האָבן זיך ווי ווערים, ווי מייז אויסבאַהאַלטן אין קעלערס און בוידעמער. עס דערשיינען רעפלעקסן אין זיין געדאַנק, די ידיעות, וואָס ער האָט געלייענט אין די צייטונגען, וועגן יידן, וואָס זיינען גאָרנישט באַדראָט געווען מיט זייער לעבן און האָבן געקעמפט פאַרן כבוד פון פאָלק.

וויפיל העלדנטאַטן האָבן אַרויסגעוויזן די אמתע זין פון פאָלק, ווי פּנחס דאַשעווסקי, וואָס האָט מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויפן העצער פון קישיניעווער פּאָגראָם קרושעוואַן, דאָס זעלבע האָט געטאָן אין פּאַריז שלום שוואַרצבאַרד קעגן פירער פון די יידן־פּאָגראָמען פּעטליוראַ, גרינשפּאַן קעגן נאַצי־אַמבאַסאַדאָר פאָן ראַט, דוד פראַנקפורטער קעגן נאַצי גאַו־לייטער גוסטלאָף אין דער שווייץ. אויך אַזעלכע יידן, וואָס האָבן אפשר קיינמאָל גישט געדאַווענט, נישט אָפּגעהיט צו גאָטס יושר, האָבן באַוויזן העלדנטאַטן: ווי הירש לעקערט אין ווילנע אין יאָר 1902, אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויפן צאַרישן גובערנאַטאָר פאָן וואַל, ברוך שולמאַן, אין יאָר 1905, אויפן וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר סטאַליפּין און פילצאָליקע אַנדערע העלדן.

דאָס העכסטע, וואָס די רעליגיעזע, פרומע, גאָטספאָרכטיקע יידן האָבן באַוויזן אין דער איצטיקער צייט, דאָס איז דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד. דער ראַדאָמסקער רבי אין וואַרשעווער געטאָ האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין וווינונג אויף דער סמאָטשע גאַס, איז ער צוזאַמען מיט זיין איידעם דערשאָסן געוואָרן אין דער וווינונג. דער טלושטשער רב, ר' יוסף בריקמאַן האָט אין יאַדאָווער געטאָ ניט אויסגעפירט

דעם ציניש באַפעל פון יידן־מערדער ליפּשער אויסצוגראָבן אַ גרוב פאַר זיך אַליין, און ווען מען האָט צו אים געשאָסן האָט ער אויסגערופן: שמע ישראל, תמחה את זכר עמלק, נקמה, נקמה.

ר׳ יחיאל מאיר זאָלבערג האָט אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַרעס פון בוידעם און זיך צוגעקוקט צו דער טראַגעדיע וואָס קומט פאָר. די יידישע געטאָ־פּאָליציי טרייבט צוגויף אַלע איינוווינער פון דער שטאָט: קינדער, פרויען, מענער און זקנים צום אויסזידלונגס־פּלאַץ ביים באַן־פּלאַטש אויף דער גורגע־גאַס. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט קראָנענבערג, וואָס באַטראַכט זיך אַלס קיסר פון געטאָ, פירט זיין אייגענעם פאָטער צו דער אויסזידלונג, בכדי צו באַווייזן זיין הויגדערט־פּראָצענטיקע אונטערטעניקייט און געהאָרזאַמקייט צום באַפעל פון די יידן־מערדער.

ער פילט, אַז זיין האַרץ ווערט צעריסן אויף שטיקער. עס באַהערשט אים אַ געפיל פון עין תחת עין, שן תחת שן. זיין גרעסטער אידעאל וואָלט געווען פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ שמשון הגיבור צו קענען אויספירן אַן ענלעכע טאַט, ווי תמות נפשי עם הגאַצים.

עס רייסן זיך געטאָ־פּאָליציאַנטן צום הויז, כדי אַלעמען אַוועקצופירן צום אויסזידלונגס־פּלאַץ. עס ווערט אַ טויט־שטילקייט אויפן בוידעם. די עפענונג איז גוט פאַרמאַסקירט מען זאָל גאָרנישט דערקענען. די צען יידן רייסן איבער דאָס דאַווענען, לייגן זיך אַריין אין בעטגעוואַנט מען זאָל גאָרנישט הערן פון זיי קיין שאָרך, קיין באַוועגונג.

ר׳ יחיאל מאיר זאָלבערג שעמט זיך פאַר זיך אַליין. וויפיל פּחדנות, אומבאַהאָלפנקייט שטעקט אין דעם און ער טראַכט זיך, — ווען איך וואָלט געווען אַליין, וואָלט איך מיך נישט אויסבאַהאַלטן, מיט אַ האַק אין דער האַנט וואָלט איך מיך געוואָרפן אויף יעדן אייגעם, וואָס וואָלט געצילט מיך אומצוברענגען. אינסטינקטיוו קומט אים אין קאָפּ דער געדאַנק, עס איז דאָך בפירוש געשריבן אין די עשרת הדברות „לא תרצח". ער רעדט צו זיך אַליין, דאָס מאַכט נישט. ווען מען פירט אויס אַ רציחה צוליב פּריוואַטן, מאַטעריעלן געגוס איז עס אַ פאַרברעכן, אָבער אין פאַרטיידיקונג קעגן רוצחים איז דאָס אַ מצוה.

מען הערט פונדערווייטנס דיימלעך די געשרייען און געוויינען פון די צוגויפגעטריבענע יידן, וואָס דערוואַרטן דעם צוג צום טראַנספּאָרט, צום לעצטן וועג, פאַרשניטן צו ווערן פון דער וועלט.

— אלי, אלי, למה עזבתנו, שרייט אויס ר׳ יחיאל מאיר זאָלבערג, פאַרוואָס ביסטו אַזוי גרויזאַם צו דיין פאָלק ישראל, פאַרוואָס? ענטפער! מאַך אומשעדלעך די רוצחים, באַשטראָף זיי און לאָז דיין פאָלק ישראל רואיק לעבן.

קיין ענטפער, קיין האָפענונג, קיין טרייסט. ניין! גאָרנישט, אפשר איז דאָס, רייסט זיך אַריין אַ ספקות אין ר׳ יחיאל מאיר זאָלבערגס האַרצן, אַ פּוסטע פאַנטאַזיע, גאָט קימערט זיך גאָרנישט מיט דער וועלט, נאָר בייזע, ווילדע רוחות פירן אָן מיט די מענטשן.

— אפשר האָב איך געלעבט אין אַ טעות,· געגלויבט אין אַ גאָט, וואָס עקזיס־טירט גאָרנישט. אפשר זיינען גערעכט די, וואָס גלויבן אינגאַנצן נישט, אפשר האָט אומזיסט דאָס יידישע פאָלק פאַרגאָסן ימים טרערן אין ימים בלוט צו פאַרטיידיקן זיין אמונה.

ר׳ יהיאל מאיר זאָלבערגס אויפמערקזאַמקייט איז געווען געווענדעט צום אומ־שלאָג־פּלאַץ און ער האָט געזען ווי ס׳איז אָנגעקומען אַ לאַנגער צוג מיט אומצאָ־ליקע פּי־וואַגאָנעס, די אומגליקלעכע, הילפסלאָזע יידן זיינען פאַרלאָדן געוואָרן, און מיט אַ הייזעריקן סאָפּען איז דער צוג אַוועקגעפאָרן.

אַלץ האָט אויסגעזען האַרצלאָז און יאָמערלעך. די נאַטור האָט זיך אויך אָ־רויסגעוויזן גרויזאַם, נישט אויסדריקנדיק קיין ברעקל מיטגעפיל. די זון האָט גע־שיינט, געוואַרעמט מיט דער גאַנצער קראַפט, פאַר אַלע לעבעדיקע וועזנס געשיקט לעבנס־לוסט און: גאָר פאַר די יידן — פאַרניכטונג און טויט.

אַ גאַנצן טאָג זיינען די צען יידן געזעסן אויפן בוידעם. קיינער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט עפּעס טועס צו זיין. קיינער האָט אויך נישט געקענט רעדן צום צווייטן, ווייל באַנוצן זיך מיט טרייסט־ווערטער, אָדער זיך שפּייזן מיט האָפע־נונגען איז געווען מער ווי אַן אומזין.

אַ פּאָר טעג זיינען פאַרביי. דאָס וואַסער און ברויט איז אויסגעגאַנגען. די צען יידן האָבן געליטן מאָראַליש און פיזיש. זיי האָבן אויך אויפגעהערט צו גלויבן אין אַ שנעלער פאַרענדיקונג פון קריג. עס האָט אַלעמען באַהערשט אַן אומווילן צום גרויזאַמען און זינלאָזן לעבן. דער רב האָט געהאַלטן אַ רעדע, אַז קעגן גאָטס ווילן קען מען זיך נישט קעגנשטעלן. די צען יידן האָבן באַשלאָסן פרייוויליק זיך מעלדן צום דערשיסן.

צומאָרגנס אינדערפרי האָבן די צען יידן זיך אָנגעטאָן אין זייערע ווייסע קיטלען, איינגעהילט זיך אין די טליתים, אַרומגעבונדן זיך מיט די גאַרטלען און מיט די קאַפּעלעך אויף די קעפּ אַוועקגעגאַנגען צום יידישן פּאָליציי־רעוויר.

דער קורצער וועג איבער דער הרוב געוואָרענער שטאָט האָט געמאַכט אַן אימהדיקן איינדרוק. אַלץ וויסט און פוסט, ליידיק און הפקר. פאַרשוווּנדן איז דאָס יידישע פולסירנדע לעבן. דאָס געשפּענסט פון טויט און פאַרניכטונג טריומפירט.

די איינציק געבליבענע „משטיינס־געזאָגט יידן" זיינען די געמאָ־פּאָליציי, אַהין זיינען זיי געגאַנגען.

דער „קיסר׳, בערנאַרד קראָנענבערג, קאָמענדאַנט פון דער געמאָ־פּאָליציי האָט מיט די צען יידן קיין גרויסן „צימעס" נישט געמאַכט. געהייסן אַריינזעצן אין תפיסה און פאַרטיק.

אָן אויפהער זיינען געכאַפּט געוואָרן יידן פון באַהעלטעניש, איינגעזעצט אין דער תפיסה, אין דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע פון וואַרשעווער קרייז אין רעמבערטאָוו ליפּשער, מיט זשאַנדאַרמען זיינען יעדן טאָג געקומען און דערשאָסן די יידן.

די צען יידן האָבן געוווּסט, אַז די שעהן און מינוטן פון לעבן זיינע געציילטע, זיי האָבן אין אַ יאָמערלעכן קול געזאָגט ווידוי.

דעת רב און עטלעכע הסידים האָבן גלייכגילטיק דערוואַרט דעם טויט, אַנדערע מיט שרעק און האַרץ־קלאַפּעניש, נאָר איינער ר' יחיאל מאיר זאָלבערג איז נאָך נישט פאַרטיק געווען מיט זיינע מחשבות. ער האָט צו זיך געמענהט, אַז אַ צום טויט־פאַרמשפּטער האָט דאָס רעכט אויסצודריקן זיין לעצטן ווונטש, און דאָס מוז דערפילט ווערן.

— מיין ווונטש איז: גאָט באַוויז ריך, זאָג פאַרוואָס זאָל דיין פאָלק גרויזאַם אומקומען.

עס האָבן זיך דערהערט זעלנערישע טריט. דער גרויזאַמער ליפשער מיט זשאַנ־דאַרן זיינען אַנגעקומען און געפרעגט דעם קאָמענדאַנט, בערנאַרד קראָנענבערג, אייב עס איז דאָ היינט וועמען „אומצולייגן".

מיט גרויס הכנעה האָט קראָנענבערג רערקלערט, אַז היינט איז דאָ אַ גרעסערע צאָל.

אויפן באַפעל זיינען די צען יידן ארויסגעפירט געוואָרן פון דער תפיסה אויפן הויף.

ליפשער, דערזעענדיק די צען יידן אין די קאַפּעלעך, טליתים און ווייסע קיט־לען איז אויפגעשפּרונגען פון רציחה.

— וואָס? דעמאָנסטראַציעס וועט איר דאָ מאַכן? דערפאַר וועלן צווי פּאָלי־ציאַנטן רערשאָסן ווערן.

בערנאַרד קראָנענבערג, ווי אַ הונט, וואָס ווערט געשלאָגן און לעקט דעם באַ־לעבאָס, האָט אָנגעהויבן צו בעטן ביי ליפשערן, ער זאָל נישט שיסן קיין פּאָלי־ציאַנטן, ווייל זיי האָבן „ערלעך און געוויסנהאַפט געאַרבעט". נאָכן אַריינשטופּן ליפשערן אַ זעקעלע מיט צירונג, האָט ער קיינעם פון די פּאָליציאַנטן נישט גערירט.

די צען יידן זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן צו קעלנערס ווילע צו אַ צוגעגרייטן מאַסן־קבר.

עס האָט זיך דערהערט דער לעצטער געשריי פון אַלע צען יידן: שמע ישראל, ה' נקום נקמת עמך.

די זשאַנדאַרן האָבן מיט דום־דום קוילן אָפּגעגעבן עטלעכע סאַלוועס צו די צען יידן. די גיפטיקע קוילן האָבן צעריסן זייערע שאַרבנס.



## דריטער טייל

# דערינערונגען

## דער ערשטער מאַי 1943 אין טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ

יעדן פרימאָרגן פלעגט מען דערהערן דאָס בלאָזן פון טרומייטער, וואָס האָט געוועקט די אויסגעמאַטערטע געטאָ-ייִדן אויפצושטיין צו דער שווערער, געצוווּנגענער, שקלאַפן-אַרבעט.

דעם ערשטן מאַי 1943 האָט מען דאָס בלאָזן פון טרומייטער נישט געהערט. ליכטיקע זון-שטראַלן האָבן זיך דורכגעריסן דורכן פאַרנעפּלטן הימל און אַריינגעשיינט אין די פענצטער, אָנזאָגנדיק די בשורה, אז דער טאָג איז שוין געקומען. שנעל האָבן זיך די איינוווינער פון געטאָ אָנגעטאָן, מיינענדיק, אַז זיי האָבן פאַרשלאָפן דאָס בלאָזן פון טרומייטער, און גלייך גענומען לויפן צום אויסגאַנגס-טויער, ביי דער נאַדזשעטשנאַ גאַס.

צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג איז געקומען די ידיעה: „היינט ווערט נישט געאַרבעט, היינט פאַרלאָזט מען נישט דאָס געטאָ”.

די ידיעה האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן באַאומרואיקונג און אויך פאַרשיידענע אויסטייטשונגען, אָפּטימיסטישע און פעסימיסטישע. די אָפּטימיסטן האָבן זיך געשטיצט אויף פאָלגנדע באַהויפּטונגען:

דאָס וועלט-געוויסן האָט זיך דערוועקט, און אין רעזולטאַט פון דער אינטערווענין פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן רויטן-קרייץ ווערן די ייִדן באַפרייט פונם נאַצי-טעראָר. די דייטשע פּאָליטיק האָט זיך געענדערט בנוגע די ייִדן, אונטערן דרוק פון זיגרייכן מאַרש פון דער רויטער אַרמיי. דאָס באַפרייען די ייִדן איז אַ הויפּט-יסוד צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די אַליאירטע פעלקער.

די פעסימיסטן האָבן געהאַט אַ פולשטענדיק קעגנזועצלעכע מיינונג, אַז די דייטשע פּאָליטיק האָט זיך גאָרנישט געענדערט, אַז די ייִדן פון קליינעם געטאָ זיינען דורך דער פירמע „האַסאַג” אויסגעבאָרגט פון דעם ראַדאָמער ס.ס.-דיסטריקט ביז דעם

ערשטן! מאי 1943. די באַדייטונג דערפון האָט מען קיינעם ניט געדאַרפט דערקלערן. די „האַסאַג"־פירמע האָט דעם 28 אַפּריל פאַנאַנדערגעקלעפּט אין די פאַבריקן גרויסע אַפישן, וועלכע האָבן געלויטעט: „דער ערשטער מאַי 1943 איז אַ נאָרמאַלער אַר־בעטס־טאָג. ווער עס וועט צו דער אַרבעט נישט קומען, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן". פאַר יעדן איינעם איז קלאָר געווען, אַז די געפאַר איז גרויס: יעדע מינוט קען קומען די ס.ס. און „ליקווידירן", ראָס הייסט אויסמאָרדן, פאַרניכטן די לעצטע איבערגעבליבענע יידן פון קליינעם געטאָ. עס האָט אויך באַאומרואיקט דער פאַקט, וואָס ביי דער אַרומצווימונג פון געטאָ זיינען געשטאַנען פאַרשטאַרקטע וואַכן.

אויף דער נאַדזשעטשנאַ 86, 88 און 90 איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג. דאָרט זיינען געווען די קעמערלעך פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיינען צוליב דער געשפּאַנטקייט פון דער לאַגע געווען קאָנצענטרירט און געגרייט זיך צו אַן עווענטועלער שלאַכט. אין אַלע ווינקעלעך פון די גאַסן און הויפן האָבן זיך געזאַמלט גרופּעס יידן און געטראַכט וועגן פאַרשיידענע פּראָיעקטן. די זאַכלעכסטע פון זיי זיינען געווען פאָלגנדע: שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, אויסבאַהאַלטן זיך אין בונקערס און אַנטלויפן אויף דער אַרישער זייט, און פון דאָרט אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער.

אַרום ערשטן פּראָיעקט האָבן זיך געקלאַמערט אַלע יונגע מענער און דרייסטע פרויען. עס איז געווען נאָר איין שוועריקייט — פאַרשאַפן זיך געווער.

איך האָב מיך פאַרשטענדיקט מיט מיין פריינט, מאָטעק, אַ מיטגליד פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג, און אים פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַן אַרויסצונעמען פון כירורגישן שפּיטאָל אַלע אָפּעראַציע־מעסערס, צו פאַרווענדן אַלס אָנגריפס און פאַרטיידיקונגס־געווער. מאָטעק האָט מיר דערקלערט, אַז דער פּלאַן איז אַ גוטער, ווייל דער הויפּט־דאָקטאָר פון שפּיטאָל, דער כירורג ד"ר שפּערלינג, האָט אויפגעזאַמלט אַלע אינ־סטרומענטן פון ליקווידירטן יירישן שפּיטאָל און פון די אומגעבראַכטע דאָקטוירים, דעריבער זיינען אין שפּיטאָל באַשטימט דאָ אַ גרעסערע צאָל אָפּעראַציע־מעסערס. אַן ענטפער האָט ער מיר צוגעזאָגט צו געבן אַ ביסל שפּעטער און איז אַוועקגעגאַנ־גען. ער איז טאַקע באַלד צוריקגעקומען און מיר מיטגעטיילט, אַז די קאָמענדאַנטור פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין געטאָ האָט מיך אָנגענומען אַלס מיטגליד און איך אונטערליג אַלע אירע באַפעלן.

ער, מאָטעק, איז געווען באַשטימט אַלס פאַרבידונגס־מאַן צווישן מיר און דער קאָמענדאַנטור. דער ערשטער באַפעל איז געווען, איך זאָל אויספירן דעם פאָרגע־לייגטן פּראָיעקט. איך האָב גלייך אויסגעאַרבעט אַ קאָנקרעטן פּלאַן, און פאַרלאַנגט פון מאָטעקן, ער זאָל צושטעלן צו מיין דיספּאָזיציע פיר מענטשן, זיך און נאָך דריי. איך האָב די מענטשן באַקומען און אַרויסגעגעבן אַן אינסטרוקציע, אַרויסצו־נעמען פון ערשטן הויז פאַרן שפּיטאָל, אויף נאַרנצאַרסקאַ־גאַס, אַ שמאָלע טיר פון קאָרידאָר, אַרויפלייגן אויף איר אַ חבר, וועלכער זאָל סימולירן אַ געהלשטן, אַ־בערדעקן אים מיט אַ קאָץ און אַריינטראָגן אין דער אַמבולאַטאָריע. אין דער צייט פון דער מעדיצינישער אונטערזוכונג האָבן דריי פון די פיר פּערזאָן, וועלכע וועלן

אריינטראָגן דעם „קראַנקן“, מאָמעק און נאָך צוויי, געדאַרפט אַרויסנעמען פון דער־בייאיקן אָפּעראַציע־צימער די מעסערס.

מיר האָבן אויסגעקליבן אַ חבר מיט אַרטיסטישע פעאיקייטן, ארויפגעלייגט אויף דער מיר און בלייז־שנעל אַריינגעטראָגן אין דער אַמבולאַטאָריע, אַרויסשטופנדיק פון דאָרט אַלע יוארטנדע צוליב דעם „שווערן פאַל“. אין אַמבולאַטאָריע האָבן מיר געטראָפן דעם ד״ר ברעסלער. איך האָב די דריי חברים אַרויסגעשיקט פון אַמבולאַטאָריע־צימער אייסצופירן די אויפגאַבע.

דער „קראַנקער“ האָט אויסגעצייכנט געשפּילט די ראָלע. צוערשט זיינען ביי אים די ציין געווען ווי פאַרהאַקט, פון די אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן, און דער ד״ר ברעסלער איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, וואָס מיט אים צו טאָן. צוערשט האָבן די איינגעגעבענע וואַלעריאַן־טראָפּן גאָרניט געווירקט, אָבער ווען ער האָט דערהערט, אַז די חברים זיינען שוין אַרויס פון אָפּעראַציע־צימער, איז אים „בעסער געוואָרן“. דער ד״ר ברעסלער האָט דורכאויס געוואָלט אויפנעמען אים אין שפּיטאָל אויף אָבסערוואַציע. איך האָב מיך קאַטעגאָריש קעגנגעשטעלט, דערקלערנדיק, אַז צוליב דער ערנסטער לאַגע אין געטאָ דראָט אין דער ערשטער ריי אַ געפאַר פאַר די קראַנקע, דעריבער קען איך אים נישט איבערלאָזן, און איך האָב ביי אים געבעטן איבאַלגינע מאַבלעטן. באַקומענדיק די טאַבלעטן, האָב איך מיט די איבעריקע חברים אַ נעם געטאָן די מיר און גלייך פאַרשוונדן. די מיר האָט מען צוריק אַריינגעשטעלט אין דעם זעלבן קאָרידאָר און אַלע זיינען זיך צופרידענע פאַנאַנדערגעגאַנגען.

נאָך דער געשיכטע האָט מען מיך באַשאָנקען מיטן נאָמען „רעזשיסער“ און דעם „קראַנקן“ — „אַרטיסט“. ביי די נעמען זיינען מיר געבליבן ביז צו דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ.

אין אַיונט, ווען עס זיינען פאַרשוונדן די לעצטע שטראַלן פון דער זון, איז געקומען אַ שרעקלעכע שפּאַנונג. מען האָט זיך געשראָקן, אַז אין דער פינצטערנייש פון דער נאַכט קען געשען עפּעס שרעקלעכס, פאַטאַלעס. אַלץ ארום זעט אויס סודותפול. אין דער פּראַכטפולער פרילינג־נאַכט, ווען די גאַנצע נאַטור פרייט זיך זאָרגלאָז און פריי, שוועבט דאָס געשפּענסט פון טויט איבער די געטאָ־איינוווינער.

אַלע פאַרשטייען, אַז דאָס לעבן הענגט אויף א האָר, אָבער די מענטשלעכע נאַטור פּראָטעסטירט קעגן דעם געדאַנק: קיינעם וויל זיך נישט גלויבן, אַז ס'איז געקומען זיין ריי צום לעצטן וועג.... מען קעמפט מיטן טויט. יעדער אויף זיין אָרט: מאַמעס באַהאַלטן זייערע קינדערלעך, וועלכע זיי האָבן מיט פאַרשיידענע „קונץ־שטיק“ אָפּגעראַטעוועט פון די ביז איצט פאָרגעקומענע שהיטות און סעלעקציעס; מענער בויען בונקערס, באַהעלטעגישן, און די יוגנט באַוואָפנט זיך.

פּאַסיוו איז אַ קליינע גרופּע רעליגיעזע יידן, וועלכע וואַרטן אויף אַ נס פון הימל. זיי דערקלערן: „מיר זיינען נישט בעסער און נישט ערגער פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, וועלכע זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם“. אויב גאָטס ווילן איז, מיר זאָלן אומקומען, וועלן מיר נישט אימשטאַנד

זיין דאָס צו ענדערן. אַ קורצע ידיעה איז אָנגעקומען אין דער שפּאַנענדער שטימונג, אַז דער פּאָליטישער דירעקטאָר פון „האַסאַג" מיטן נאָמען לים. איז געפאָרן קיין ראדאָם צו באַמיען זיך צוריקצובאַקומען די אומבאַלויגטע יידישע שקלאַפן.

דריי טעג און דריי נעכט האָט געדויערט די אָנגעשטרענגטע שטימונג און דע־גראַגגל צווישן לעבן און טויט.

דריי טעג און דריי נעכט זייגען אַרומגעגאַנגען די יידן פון קליינעם משעגסטאָ־כאָווער געטאָ מיט צעשראָקענע אויגן, בלאַסע געזיכטער, אויפגעברויזטע הערצער און מיט געביילטע פויסטן.

דער פּראָטעסט־רוף „פּאַרוואָס האָט זיך אויסגעגאָסן דער ביטערער גורל איבער אונדזערע קעפּ" איז געבליבן הענגען אין דער לופט אָן אַן ענטפער.

אויפן פערטן טאָג, אינדערפרי, האָט זיך ווידער דערהערט דאָס בלאָזן פון טרומייטער, וואָס האָט גערופן די איינוווינער צו דער אַרבעט.

דער דירעקטאָר לים האָט באַקומען די דערלויבעניש ווייטער צו באַשעפטיקן די יידן. פאַר די יידן פון קליינעם געטאָ האָט געקומען ליכטן אַ שוואַכער שטראַל פון האָפענונג איבערצולעבן די נאַצי־טיראַניע, פאַרן גרעסטן טייל, איז אָבער געקומען גאָר אַ פאַרלענגערונג פון זייערע ליידן, פּיין און שקלאַפעריי.



# דער שיינער מאַי איז פאַרביי

אין חודש יוני 1943 האָבן זיך די שיקאַנעס און רעפּרעסיעס איגם קליינעם משענסטאָכאָווער געטאָ פילפאַך פאַרערגערט. יעדן טאָג זיינען אַרויסגעהאנגען געוואָרן פאַרשיידענע באַקאַנטמאכונגען, וואָס האָבן מאָראַליש רואינירט דאָס יידישע לעבן. די באַקאַנטמאכונגען זיינען געווען די פאַראָרדענונגען פון ראַדאָמער דיסטריקט פון דער ס. ס. און אויך פון דעגענהאַרדט און זיין פאַרטרעטער צאָפּאַרט.

יעדע פאַראָרדענונג איז געווען אַ ווייטערע באַשרענקונג פון דער רעכטלאָזער לאַגע פון די יידן. צווישן די פילצאָליקע פאַראָרדענונגען זיינען געווען פאָלגנדע: פאַר יידן איז פאַרבאָטן צו גיין אויף די טראָטואַרן פון די גאַסן, נאָר אין געשלאָסענע רייען אין מיטן דער גאַס אונטער אַ באַוואַכונג.

פאַר יידן איז פאַרבאָטן צו באַזיצן עלעקטרישע טאַשן-לעמפּלעך.

אַלע יידן פון קליינעם געטאָ זיינען פאַרפליכטעט באַלד אָפּצוגעבן אַלע שאַרפע קעגנשטאַנדן, ווי העק, האַקמעסערס, לאַנגע מעסערס, פּרעס-אייזנס און ענלעכע מעטאַלענע קעגנשטאַנדן.

ביים אַרויסגיין פון געטאָ צו דער שקלאַפערישער אַרבעט, און ביים צוריקקומען פון דער ארבעט זיינען פאָרגעקומען שטרענגע רעוויזיעס. ווען מען האָט ביי וועמען געפונען די מינדעסטע זאַך, אַפילו אַ ברויט, איז דאָס ביי אים צוגענומען געוואָרן און ער איז צעשלאָגן געוואָרן. עס איז אויך פאַרבאָטן געווען צו טראָגן מיט זיך אַקטן-טאַשן און האַנט-קיישלעך.

עס זיינען שטענדיק געווען פאַרשיידענע ווערסיעס, שלעכטע און גוטע, דאָס איז געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג אין אַלע געטאָס בכלל און אין משענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ בפרט. יידן האָבן זיך איינגעבילדעט, אַז דאָס בייזע און שלעכטע איז פאַרביי. מער וועלן קיין סעלעקציעס, אויסזידלונגען, דערשיסונגען נישט פאָרקומען, ווייל די ס.ס.-מענער ווילן זיך „דעקן" און זיין אויף זיכערע ערטער. זיי האָבן מורא נעהאַט פאַר דעם מזרח-פראָנט, מען זאָל זיי נישט אַוועקשיקן אין די ערשטע פראָנט-ליניעס. צוליב דעם האָט מען געגלויבט, זיי זיינען פאַרינטערעסירט,

אַז דאָס ביסל יידן זאָלן בלייבן לעבן בכדי זיי זאָלן קענען האָבן באַסטנס אַלס אויפ־זעער, איבערוואַכער, און אַזוי אַרום אויסמיידן דעם פראָנט.

פאַר די רעאַל־דענקנדע יידן אין קליינעם געטאָ איז קלאָר געווען, אַז דער גורל איז אַ געחתמעטער. דער גענעראַל־אורטייל איבערן יידנטום איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך דער צענטראַלער נאַצי־מאַכט, און אויב די 6000 יידן פון קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ זיינען נאָך נישט אומגעבראַכט געוואָרן, האָבן נאָך נישט געטיילט דעם גורל פון זייערע פאָלקס־ברידער, איז דאָס נאָר צוליב דעם, ווייל דער פּאָליטישער דירעקטאָר ליט, פון די אַמוניציע־פאַבריקן „האַסאַג" האָט זיי אויס־געבאָרגט צו ש.־לאַפּישער אַרבעט. און אַלס גענעראַל און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט האָט ער איבערגענומען די אויפזיכט איבער די באַשעפטיקטע יידן אין זיינע פאַ־בריקן. דעם 26 יוני 1943 האָבן ווי יעדן טאָג די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס אַוועקמאַר־שירט אין געשלאָסענע רייען צו דער אַרבעט. אין אָוונט, ווען אַלע זיינען געווען פאַר־זאַמלט צוריקצוגיין אין געטאָ, און געשטאַנען אויסגעשטעלט צו פינפטלעך אויף דעם אַפּעל אין דער גרויסער האַלע, האָט אַריינמאַרשירט אַ גרעסערע טרופּע ס.ס.־מענער מיט די באַגנעטן אויף די ביקסן, מיט העלמען אויף די קעפּ, אין קאַמפּס־גרייטקייט. עס האָט זיך אויך באַוויזן דעגענהאַרדט, דער הויפּט־פירער פון אַלע אויסזידלונגען און סעלעקציעס פון גאַנצן דיסטריקט. נעבן דעגענהאַרדטן איז געשטאַנען דער פּאָ־ליטישער לייטער פון „האַסאַג" דירעקטאָר ליט. די ס.ס.־מענער האָבן זיך גלייך אַ־וועקגעשטעלט פון אַלע זייטן, און ביי יעדער גרופּע יידן איז געשטאַנען אַזאַ מחבל. עס איז גלייך געוואָרן אַ שרעקלעכע פּאַנישע שטימונג. מען האָט געפילט, אַז עס קומט פאָר עפּעס איבערנאַטירלעכעס. דער טיראַן דעגענהאַרדט האָט אָנגעהויבן רעדן. זיין עקלדיק געזיכט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן עגיפּטישער מומיען־קאָפּ, האָט אויסגעדריקט אויפרעגונג און פאַרביטערונג, און דערקלערט האָט ער פאָלגענ־דעס: „איר גייט נישט מער צוריק אין געטאָ. איר פאַרבלייבט דאָ אויף שטענדיק. איר לעבט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג איר אַרבעט אין „האַסאַג". אייער לעבן האָט איר צו פאַרדאַנקען דעם „האַסאַג", וועלכער דאַרף אייך האָבן אַלס אַרבעטס־קראַפט. פאַר אייך איז דער שיינער מאַי פאַרביי." נאָך דער „רעדע" האָט אַ לענגערע רעדע געהאַלטן דער דירעקטאָר ליט. ער האָט זיך באַמיט צו באַרואיקן די געמיטער און פאַרגעשטעלט דעם גאַנצן פּלאַן פון דער אָרגאַניזאַציע פון איינקאַזאַרמען די יידן. ער האָט דערקלערט: „אין דער ערשטער צייט וועלן די באַדינגונגען נישט זיין קיין גוטע, ביז די באַראַקן וועלן אויפגעבויט ווערן. אַלע יידן וועלן ווערן איינגעטיילט אין גרופּעס, לויט אָפּטיילונגען און שיכטן. אין דער שפּיין פון יעדער גרופּע וועט זיין אַ קאַפּאָ, וואָס וועט נישט אַרבעטן, נאָר וועט האָבן די אויפגאַבע צו זאָרגן פאַר דער פאַרפּלעגונג, באַקליידונג און פאַר שלאָף־געלעגנהייטן פאַר זיין גרופּע. די געשעעניש האָט אַלעמען צעטומלט. פיל האָבן פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט און אייז פרוי האָט באַקומען אַ היסטערישן אָנפאַל און גייסטיק קראַנק געוואָרן.

דעגענהאַרדט מיט זיינע ס.ס.־מענער זיינען אַוועק און זייער אָרט האָבן פאַר־

גומען די „האַסאַג" ווערק־שוצן, מערסטנטיילס אוקראַיִנישע רעגענעראַטן, פאַר־ברעכערישע עלעמענטן, געוועזענע פּאָגראָמטשיקעס און פּראָוואָקאַטאָרן אין דינסט פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

די ערשטע פאַראָרדענונג איז געווען, אַלע זאָלן זיך איינאָרדענען צום שלאָפן, אין דער זעלבער האַלע ווו מען איז געשטאַנען. די האַלע איז נאָך גייט געווען אויסגעפּערטיקט, די ווענט זיינען נאָך געווען פייכט פון די פאַרבן און דער בע־טאָנענער באָדן איז געווען אויסגעשמירט מיט קאַלך און פאַרב. ראָ האָבן די יירן געמוזט שלאָפן. די נאַכט־שיכט איז אָנגעקומען מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג און צוויי־דריי טעג שפּעטער זיינען אָנגעקומען אַרבעטנדע יירן פון אַ גאַנצער ריי פאַר־שיידענע אַרבעטס־פּונקטן, וואָס זיינען ליקווידירט געוואָרן. פון זיי האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דאָס קליינע געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן. דאָס ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ איז געווען פאַרבונדן מיטן קאַמף פון דער אונטערערדישער „זשאָב" (זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָוואַ — יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע) די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם משענסטאָכאָווער געטאָ האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט. זי האָט אויפגעבויט דריי גרויסע טונעלן אונטער דער ערד. דער ערשטער האָט זיך געצויגן פון דער נאַרזשעטשנאַ 80 ביז צו דער שטאָטישער קאַנאַליזאַציע. דער צווייטער טונעל איז געווען אַן אַרויסגאַנג צום פעלר, דורך רער יוראַנאָווסקאַ גאַס. דער דריטער טונעל איז געווען פון דער גאַרנצאַרסקאַ 42 און האָט זיך געצויגן ביז צום סטאַרי רינעק 17. די טונעלן זייגען צונעגרייט נעווען, אַז נאָך דער אַנטגילטיקער שלאַכט, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד אין גרויסן מאסשטאַב, זאָלן די קעמפער און די באַפעלקערונג קענען אַרויס דורך די טונעלן אויף רער אַרישער זייט. די דייטשן זאָלן אַריינגעשטויסן ווערן אין געטאָ און די אויפשטענדער זאָלן זיי ראַן אַרומרינגלען און אַנטלאָפענען.

די אונטערגרונט־באַוועגונג אין געטאָ האָט פּראָרוצירט גראַנאַטן אין די פאַ־בריקן פון בראַלאַנד, מעבל־לאַגער, האָראָוויטש און אויך אין האַסאַג. די צוגרייטונ־גען צום אויפשטאַנד זיינען געפירט געוואָרן אין אַ. פיבערהאַפטן טעמפּאָ. ביים בויען די טונעלן זיינען געווען באַשעפטיקט 600 מענטשן. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין צוויי שיכטן, ביי יעדן טונעל האָבן געאַרבעט 100 מענטשן. עס זיינען געווען פאַרבינדונגען מיטן וואַרשעווער געטאָ און מיט דער אָנפירונג פון רער פאָלקס־אַרמיי (אַרמיאַ לוראָוואַ). די אַלע צוזאַמענקונפטן, קאָנפערענצן און באַראַטונגען זיינען פאָרגעקומען אין דער פאַבריק פון „בראַלאַנד", ברידער לאַנרוי אויף דער קרוטקאַ גאַס.

דעם 23 יוני 1943 האָבן וואָדזשיסלאַווסקי און ווינטער נעמאַכט אַן אָפּמאַך מיט אַ דייטשן שאָפער, ער זאָל אַוועקפירן יירן אויף אַן אָרט ווי זיי וועלן אָנווייזן. די ערשטע גרופּע האָט נעזאָלט באַשטיין פון 10 מענטשן.

וואָרזשיסלאַווסקי און ווינטער האָבן געמיינט, אַז מען קען האָבן צוטרוי צום דייטשן שאָפער, ווייל ער האָט כלומרשט אַרויסגעוויזן מיטגעפיל צו די יירן פון

די יידן, און פאַרביטערונג קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. אַזוי האָט דער שאָפּער אויסגענאַרט געלט און פאַרשיידענע זאַכן, און צום סוף האָט ער גורם געווען בלוט פאַרגיסונגען, דורך באַליגן אַ מסירה צו דעגענהאַרדטן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז וואָדזשיסלאַווסקי און ווינטער זיינען דעם 25 יוני אַרעסטירט געוואָרן. די געסטאַפּאָ האָט פון זיי פאַרלאַנגט אויסגעבן ווער עס זיינען די 10 מענטשן, וועלכע זיי האָבן געוואָלט אַוועקפירן פון געטאָ. זיי האָבן בעסער באַצאָלט מיטן לעבן און נישט אויסגעגעבן זייערע 10 פּאָלקס־ברידער, נישט וועלנדיק פאַראורזאַכן 10 יידישע קרבנות. דעם סוד ווער עס זיינען די 10 מענטשן האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך אין קבר. דער ברוטאַלער, בלוטרורשטיקער יירן־מערדער דעגענהאַרדט האָט איבערגעריסן זייער יונג לעבן.

אַ טאָג שפּעטער, דעם 26 יוני 1943, ווען די קאָמאַנדאָס זיינען געווען ביי דער אַרבעט האָבן ס. ס.־זשאַנדאַרמען און „שופּאָ" אַרומגערינגלט די מאַגאַזינען פון אַמוניציע און באַקליידונג פון דער אונטערערדישער באַוועגונג און אָנגעהויבן אַ גענעראַל־אַטאַקע. עס זיינען דעמאָלסט העלדיש געפאַלן די אָנפירער פון דער באַוועגונג סומעק אַבראַמאָוויטש, מאַיטעק (זילבערבערג) מאַשאַ (רבקה גלאַנץ) און פון די שיסערייען זיינען געפאַלן ביי 200 מענטשן. די ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ האָט געקאָסט 2.000 קרבנות. די יירן־מערדער האָבן אויך אַוועקגעפירט עטלעכע אויטאָס מיט יידן צום רערשיסן. נאָך דער בלוטיקער אַרבעט איז געקומען דעגענהאַרדט מיט זיינע מחבלים אין „האַסאַג־פּעלצערן" און געהאַלטן די רעדע: „דער שיינער מאַי איז פאַר אייך פאַרביי."

# דער בריוו

אונטער שטעכיקע דראָטן און דיקע מויערן האָט זיך געפונען דער לאַגער „האַסאַג-פעלצערן” אין טשענסטאָכאָוו. ארום די מויערן און דראָט-פאַרצוימונגען זיינען געשטאַנען פּאָסטנס מיט ווערק-שוצן, וואָס האָבן געהיט, אַז קיינער פון די 6000 פאַרשפאַרטע און פאַרשקלאַפטע יידן זאָלן נישט אַנטלויפן. וואָס מער שטעכיקע דראָטן, וואָס מער מויערן און וואָס מער ווערק-שוצן, אַלץ גרעסער איז געווען דער באַגער און ווילן צו אַנטלויפן פון דעם נאַציש[ן] גהינום.

נאָך דער אַרבעט זיינען זיך צונויפגעקומען קליינע גרופּעס אויפן לאַגער-געביט, אָדער אין די באַראַקן, און באַקלערט און צוגעטראַכט מיטלען און וועגן ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פון דער נאַצישער שקלאַפעריי און ווי אַזוי מיטצווירקן, אַז זייער שנעלע מפּלה זאָל קומען.

די וואָס האָבן געפירט די געשפּרעכן האָבן געמוזט פאָרזיכטיק זיין מיט זייער רעדן, אַז אַ נישט געוווּנטשענער אויער זאָל זיך נישט צוהערן, ווייל דאָס האָט געקענט מיט זיך ברענגען טויט-שטראָף. מערסטנטיילס זיינען די געשפּרעכן געפירט געוואָרן צווישן צוויי דריי פּערזאָן און שפּעטער האָבן זיך די ידיעות פאַרשפּרייט פון מויל צו מויל. דאָס זיינען געווען ידיעות פון געהיימע ראַדיאָ-סטאַציעס און אַפילו פון לעגאַלע צייטונגען. דאָס לייענען לעגאַלע צייטונגען דורך די לאַגעריסטן איז אויך געווען פולשטענדיק פאַרבאָטן.

צווישן אַזעלכע געשפּרעכן האָט מען אויך גערעדט וועגן פאַרשיידענע אויסזיכטן פון אַנטלויפן, פאַרבינדן זיך מיט די פּאַרטיזאַנער אין קאַמף קעגן די הערשער פון שקלאַפעריי, און וועגן מעגלעכקייטן פון מאַכן באַהעלטענישן אויפן געביט פון לאַגער אָדער פּאַבריק, צו קענען זיך באַהאַלטן אין אַ טראַגישער מינוט.

איך האָב מיך פאַרבונדן מיט אַ לאַגעריסט הערש פראַנק. ער האָט געהאַט אַ פּאַרטיקן פּלאַן פון אַנטלויפן. ער האָט איבערגעקויפט אַ ווערקשוץ, אַ געוועזענעם רוסישן קריגס-געפאַנגענעם, אַז פאַרטאָג וועט ער אים דורכלאָזן מיט זיין טאָכטער. ווען ער וועט אַוועק פון לאַגער, וועט ער אַריינטרעטן אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער און וועט צו מיר דורך אַ געלעגנהייט מיטטיילן אַ פּאַרטיקן פּלאַן. די פּאָסט

איז געגאַנגען אויף פאָלגנדן אופן: אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט אַ פּאָר טויזנט פּאָלאַקן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען זייער אַ קליינע צאָל, וואָס האָבן געהערט צו דער אונטערערדישער באַוועגונג. דורך זיי האָט מען געשיקט בריוו אַהין און צוריק. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך, ווייל פאַר אַזאַ „חטא" האָט מען געקענט באַצאָלן מיטן לעבן.



אין אַ געוויסן פרימאָרגן איז הערש פראַנק מיט זיין טאָכטער ערנאַ און מיט נאָך אַ פּאָר פּערזאָן פאַרשוואונדן פון לאַגער. דורכמאַכנדיק אַ גאַנצע ריי טראַגישע פּאַסירונגען איז ער אָנגעקומען אין לאַגער „ראַקוווּ". דאָרטן זיינען געווען „גרויסע מעגלעכקייטן". די מויערן פון דער אייזן-הוטע ראַקוווּ האָבן זיך געגרענעצט מיט אַ וויסטער געגנט, נעבן אַ וואַלד, אין וועלכן עס האָבן געזאָלט זיין פּאַרטיזאַנער.

ווען איך האָב פון אים דערהאַלטן דעם ערשטן בריוו, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג און איך זאָל זיך צוגרייטן מיט אַ "פּעקל", דאָס הייסט מיט אַ גרופּע מענטשן, וואָס ווילן גיין צו די פּאַרטיזאַנער, און דער זעלבער ווערקשוין, וועט אונדז דורכלאָזן, איז מיין פרייד געווען זייער גרויס און איך האָב מיך גלייך גענומען צו דער אָרגאַניזאַציע-אַרבעט.

מיין אויפגאַבע איז געווען צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע אַנטשפּרעכנדע מענטשן פאַר דער פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג. איך האָב מיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט צוויי פּערזאָן: 1) פּראָפעסאָר יאַקוב שטייער (לינגוויסט, שפּראַכן-קענער) און 2) פּאָגעל.ביידע האָבן געאַרבעט אין אַ שאָפּ ביי טראַנספּאָרט. נאָר מיט די צוויי בין איך געווען אין פאַרבינדונג צוליב קאָנספּיראַטיווע צוועקן. איינער פון צווייטן האָט גאָרנישט געוווּסט און זיי האָבן אויך געהאַט זייערע פאַרטרויאונגס-מענער. זיי האָבן מיך אינפאָרמירט וועגן די צושטייענדע קאַנדידאַטן און דורך אַ פּאָר טעג איז די צאָל רעפלעקטאַנטן דערגאַנגען צו אַ פאַנטאַסטישער צאָל. ווער האָט דען נישט גע-

וואָלט אַנטלויפן פון דעם „לעבעדיקן קבר". איך האָב געטראַכט וועגן איינטיילן די קאַנדידאַטן אין אַ גאַנצער ריי גרופּעס, און ווען עס וועט נישט גיין מיט דעם ווערק־שוץ מיט גומי זאָל מען אים אַנטוואָפענען און אומשעדלעך מאַכן. דערווייל האָב איך דערוואַרט דעם בריוו מיט אינסטרוקציעס ווייל דאָס אַרויסרייסן זיך פון לאַגער אָן געווער, אָן מיטלען צום לעבן, איז אויך נישט געווען קיין לייזונג.

נאָך לאַנגע דערוואַרטונגען האָב איך באַקומען אַ בריוו, וואָס האָט אַרויסגע־רופן ביי מיר פון איין זייט אַ צופרידנהייט און פון דער אַנדערער זייט אַן אומ־געדולד. אין בריוו איז געווען געשריבן איך זאָל מיט דער גרופּע זיין גרייט אויף יעדן רוף, אָבער איך זאָל האָבן געדולד ביז ס'וועט קומען די אינסטרוקציע „גיין". דעם בריוו האָב איך געוויזן מיין פאַרטרויאונגס־מאַן, פּראָפעסאָר יאַקוב שטייער, ער זאָל דערמיט הייבן דעם גייסט פון די קאַנדידאַטן. זיי זאָלן נישט פאַרלירן דעם צוטרוי, דעם מוט און האָפענונג.

איך בין ווידער געגאַנגען צו מיין שווערער אַרבעט אין דער ווערשעריי, אין דער אָפּטיילונג רעקאַליברירונג. די היץ איז דאָרט געווען אַן אומדערטרעגלעכע און דער טומל פון קלאַפּנדיקע מאַשינען און זידנדיקע דאַמף־קעסלען האָט געגעבן אַ בילד פון אַ גהינום. די מייסטערס און פאָראַרבעטער האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קענינרייך פון שלעכטס ווי דער אשמדאי מיט אלע מלאכי חבלה. איך שטיי ביי מיין אַרבעט, ביי גרויסע עמבנעס, וואָס האָבן אַ טייוולאָנישן אויסזען און באַוועגן זיך אַהין און צוריק, ווי זיי וואָלטן קענען מיין ווילן נעפּראַוועט אַ ווילדן טאַניץ, כדי מיר אָפּצוטאָן אַליין צו להכעיס.

עס קומט צו מיר אַ פּוילישער אַרבעטער פון דער אינפאַנטעריע־אָפּטיילונג און זאָגט צו מיר „היינט גיי איך דאָרט אַהין, איר קענט מיר מיטגעבן אַ בריוו". איך האָב לאַנג נישט געטראַכט און אין ווינקל געמאַכט אַ באַהעלטעניש פון אַמוניציע־קעסטלעך. איך בין געזעסן אין דער מיט און אַרום מיר אויף אַ פּאָר מעטער הויך זיינען געווען אָנגעשטעלט קעסטלעך. איך האָב געשריבן אַ בריוו צו הערש פראַנק. לויטן אָפּמאַך האָט ער געהייסן וולאַדיסלאַוו. געשריבן האָב איך אין אַ צווייריטי־קער פאָרם, אָבער אַליין, וואָס עס איז מיר געלעגן אויפן האַרצן. ווי נאָר איך האָב פאַרענדיקט דאָס שרייבן און ליינ אַריין דעם בריוו 'אין קעשענע פון דער בלוזע, האָב איך דערזען דעם קאָפּ פון שטיגליין, דעם פאַרטרעטער פון ווערקשוץ־לייטער. ער פאַרהאַלט מיך, רעווידירט מיך און נעפינט דעם בריוו. ער פילט זיך ווי אַ זיגער, ער האָט מיך געפּאַקט. איך זע, אַז עס איז שלעכט.

שטיגליין איז געווען אַ מיאוסער נפש. מען האָט אים נערופן קאַרליק אָדער מאַלפּע. און ווירקלעך האָט ער אויסגעזען ווי אַ מיאוסע מאַלפּע. זיין איינציקער פאַרדינסט איז געווען דער, וואָס ער איז געווען פון די ערשטע נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטן אין דייטשלאַנד און זיין לעגיטימאַציע האָט געטראָגן דעם נומער 25 און ער האָט געהאַט דעם גאָלדענעם בלוט־מעדאַל.

ער האָט צוגעגערופן דעם מייסטער און די פאָראַרבעטער און זיי געמוסרט: „זעט ווי מען אַרבעט ביי אייך", אָנווייזנדיק אויף דעם בריוו.

איך באַמי זיך צו רעדן צום הויפּט־פּראַרבעטער יוזעק ליסעק, ער זאָל זען עפּעס צו מאָן, אַז שטיגליץ זאָל מיך אָפּלאָזן. ליסעק האָט געפּרוּווט שטיגליצן איינ־רעדן, אַז איך בין „אַ משוגענער פּאָעט”, אַז איך באַקום אַזעלכע אַטאַקן און שרייב לידער, נאַרישע מעשיות און ער זאָל מיך אָפּלאָזן. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן ער פירט מיך אויף דער הויפּט־וואַך. איך טראַכט: וואָס זאָל איך זאָגן, וואָס זאָל איך דערקלערן? געוווּסט האָב איך, אַז איך בין פאַרלוירן און דאָס איז דער לעצטער וועג וואָס איך גיי, און פון די מעררערישע הענט וועל איך זיך נישט ארויסדרייען! דאָס געוויסן האָט מיך געפּייניקט, אַז צוליב דעם בריוו קענען זיין אַ פּאָר צענדליק אומזיסטע קרבנות. איך טראַכט און טראַכט, און באַשליס זיך צו האַלטן אַנט־שלאָסן ביים טעקסט פון בריוו און אויף שנעל אויסגעאַרבעט א גאַנצן פּלאַן.

די ערשטע פראַגע, וואָס דער ווערקשן־לייטער הערמאַן האָט מיך געפרעגט איז געווען: — די האָסט געשריבן דעם בריוו?

איך האָב געענטפערט: יאָ!

ווי נאָר איך האָב געענטפערט האָב איך באַקומען צוויי פייערדיקע פּעטש אויףביידע זייטן פון געזיכט, אַז איך האָב פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט און אַנידערגע־פאַלן אויף דער ערד.

גלייך איז אַריינגערופן געוואָרן אַ סעקרעטאַרין, אַ פאָלקס־דייטשקע, צו אי־בערזעצן מיין בריוו אויף רייטש. ער איז געווען געשריבן אין פּויליש. זי איז גע־זעסן ביי אַ שרייב־מאַשין און ווערטלעך איבערזעצט דעם בריוו. נאָכדעם ווי זי איז פאַרטיק געוואָרן האָט רער ווערקשוץ־לייטער הערמאַן געהייסן פאַרלייענען. דער טעקסט האָט געלייטעט: זער געערטער וולאַדיסלאַוו. דער באַל טאַפּעטן איז צו יע־דער צייט צו באַקומען. דער באַל אַנטהאַלט אין זיך אַ גאַנצע ריי פּעקלעך און יעדעס פּעקל, באַזיצט ביי אַ צוויי צענדליק ראָלן. דאָס לעבן אין לאַגער איז נישט מקנא צו זיין. מיטן עסן איז שלעכט, נאָך ערגער איז מיטן שלאָפן. די אַרבעט איז שווער און עס איז נישטאָ וואָס אָנצוטאָן. דרינגענדע הילף איז נויטווענדיק. אין דערוואַרטונג אויף אייער באַלדיקן ענטפער, צייכן איך מיך (—)לעאָן

איך ווער גענומען אויף אַ קרייץ־פאַרהער, צו דערקלערן, וואָס באַדייטעט דער בריוו. איך דערקלער אַנטשלאָסן: ווען איך בין אַוועק פון געטאָ האָב איך דאָרט געלאָזן אַ באַל מיט טאַפּעטן. איצט לייר איך הונגער און קעלט, האָב איך געבעטן, מען זאָל פאַרקויפן די טאַפּעטן און מיר עפּעס אַריינשיקן צו עסן.

— ווער איז דער וולאַדיסלאַוו?

— דער הויז־וועכטער.

— ווי אַזוי איז זיין צווייטער נאָמען?

— איך ווייס נישט.

— ווי אַזוי שרייבסטו צו אַ מענטש, ווען דו קענסט נישט זיין צווייטן נאָמען.

— גאַנץ איינפאַך, עס איז גענוג צו זוכן אַ וולאַדיסלאַוו, וואָס איז אַ הויז־וועכ־טער, וועט מען אים געפינען.

— ווייסטו דען נישט, אַז פאַר אַרעסטאַנטן איז פאַרבאָטן צו שרייבן.

— ניין, איך ווייס נישט וועגן דעם, און ביז איצט האָב איך נישט געוווּסט, אַז איך בין אַן אַרעסטאַנט. איך האָב גאָר קיין שלעכטס נישט געטאָן איך זאָל זיין אַן אַרעסטאַנט.

דער ווערקשוין-לייטער נעמט דעם בריוו אין דער האַנט און לייענט, דערביי דערקלערט ער: ס'איז אמת. די אַרבעט איז שווער, צו עסן איז דאָ ווייניק, דאָס שלאָפן איז שלעכט, אָבער שרייבן מאָר מען דאָך נישט, און וואָסערע געשעפטן זאָל פירן אַ ייד מיט אַ פּאָלאַק. דאָס איז דאָך נישט דערלויבט.

איך פיל מיך עטוואָס זיכערער און ווען איך וואָלט געקענט, וואָלט איך מיך הויך צעלאַכט אויף דער עם-הארצות פון ווערקשוין-לייטער הערמאַן און זיין פאַרטרעטער שטיגליץ. אַז זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם בריוו.

הערמאַן, דער ווערקשוין-לייטער, האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, אַז איך זאָג ליגן, אַז איך נאַר אים אָפּ. איך ווייס ווי דער פּאָלאַק הייסט און וויל נישט זאָגן. אויב איך וועל אויסזאָגן דעם אמת, ווי דער פּאָלאַק הייסט, וועט ער מיך אָפּלאָזן, אויב נישט וועל איך באַקומען 25 שמייץ מיטן גומי-שטעקן.

איך האָב דערקלערט, אַז איך ווייס נישט ווי דער פּאָלאַק הייסט.

הערמאַן און שטיגליץ זיינען מיך באַפאַלן און מיט אַ גומי-שטעקן מיך שרעקלעך צעשלאָגן, אָפּציילנדיק 25 שמייץ.

אַ צעשלאָגענער און צעבראָכענער האָב איך מיך קוים דערשלעפּט צו דער אַמבולאַטאָריע צום דר. ברעסלער. ער האָט מיר געגעבן וואַלעריאַן-טראָפּן און איך בין אַריינגעגאַנגען אין באַראַק, האַלב-טויט האַלב-לעבעדיק, זיך אַוועקגעלייגט אויף דעם שטרוי-זאַק. איך האָב נישט געקענט ליגן, דער גאַנצער קערפּער איז געווען באַדעקט מיט רויט-בלויע פלעקן! יעדעס גליד האָט מיר וויי געטאָן און געשמערצט. די ערשטע זיינען צו מיר געקומען צוליבן פראָפעסאָר שמייער און פאָגעל. זיי האָבן מיך געפרעגט, וואָס האָט פּאַסירט. איך האָב זיי נאָר דאָס געענטפערט: זייט צופרידן, אַז אַזוי האָט זיך די געשיכטע געענדיקט, עס האָט געקענט זיין זייער ביטער. זיי האָבן אַלץ פאַרשטאַנען, מער האָב איך נישט באַדאַרפט צו רעדן.

הערש פראַנק האָט זיך גלייך דערוווּסט פון דער גאַנצער געשיכטע, דורך דעם פּוילישן פאַרבינדונגס-מאַן. ער האָט באַשלאָסן צוצואיילן דעם גאַנצן ענין, מיר זאָלן קענען וואָס שנעלער אַוועק פון דעם גהינום. איך האָב געוואַרט און געוואַרט אויף אַ בריוו פון אים, אָבער אומזיסט איז געווען מיין וואַרטן, אומזיסט האָב איך מיך געשפּייזט מיט האָפענונגען און באַגערן.

אויף מיינע פילמאָליקע אָנפראַגן ביים פּוילישן פאַרבינדונגס-מאַן האָב איך באַקומען אויסמיידנדיקע ענטפערס, ביז איך בין געוווּיר געוואָרן, אַז מער קיין בריוו פון הערש פראַנק וועל איך נישט באַקומען, ווייל פּוילישע כוליגאַנעס, פּראָוואָקאַטאָרן, האָבן אים פאַרנאַרט אין וואַלד נישט ווייט פון ראַקוּוו, באַרויבט און דערמאָרדעט.

# „האַסאַג"

## רעפּאָרטאַזש

נאָך לאַנגער, אומגעדולדיקער וואַרטעניש דערהערט זיך אַ לאַנגער סירענע־פייף, וואָס איז דער צייכן, אַז די אַרבעט פון דער טאָג־שיכט האָט זיך געענדיקט. די אויסגעמאַטערטע שקלאַפן, וואָס באַדינען די רווישנדיקע און קלאַפּנדיקע מאַשינען, זידנדיקע און ברויזנדיקע דאַמף־קעסלען, קענען פאַרלאָזן די אַרבעטס־פּלעצער און אַוועקגיין זיך אָפּרוען.

די פּראָצעדור פון אַוועקגיין פון דער אַרבעט און קומען אין באַראַק איז נישט אַזאַ איינפאַכע. צוערשט אַן אַפּעל, אָפּציילן און אונטער אַ פּאָליציי־אישער באַוואַכונג אַריינמאַרשירן אין לאַגער־געביט.

צוערשט מאַרשירט אַרויס די נאַכט־שיכט צו דער אַרבעט. בלייכע, איינגעצויגענע געזיכטער מיט איינגעפאַלענע באַקן, איינגעדאַרטע גופים, איינגעהילטע אין פאַרשיידנפאַרביקע קליידער־שמאַטעס, וואָס באַדעקן זייערע אויסגעדאַרטע קערפּערס.

די טאָג־שיכט מאַרשירט אַריין אין לאַגער־געביט, וואָס זעט אויס מיט זיינע 10 באַראַקן ווי אַ קריגס־איינהייט אין אַ קרומען שפּיגל. אַלע צעלויפן זיך איבער די באַראַקן אָדער בלייבן אויפן פּלאַץ אַ ביסל אָפּרוען די אויסגעמאַטערטע גלידער פון דער שווערער אַרבעט.

אויף פאַרשיידענע ערטער, אין די באַראַקן און אויפן פּלאַץ, רעדן קליינע גרופּעס מענטשן אין געהיים, קיין זייטיק אויער זאָל ניט הערן, וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אין דעם וועלט־צירק, וואָס רופט זיך שלאַכט־פעלדער, ווען עטיק און מאָראַל האָט ווייט, ווייט און טיפער אַרונטערגעזונקען, ווי די עטיק פון אָקסן־קאַמף אין שפּאַניע. יעדעס מאָל ווערט די פּאָליטישע און סטראַטעגישע סיטואַציע אַזוי פאַרוויקלט, ווי אַ פאַרנעפּלטער הימל, נאָך וועלכן עס קומט אַ פינצטערע נאַכט און מען קען זיך נישט דערוואַרטן קיין העלע זונען־שטראַלן.

אַלע אויסרעכנונגען, אַלע דערוואַרטונגען ברענגען אַנטוישונג און פאַרביטערונג. אין אָנבליק פון דער טראַגישער „האַסאַג"־ווירקלעכקייט זעט מען נישט קיין רעטונג, נישט געזוקט אויף דעם, וואָס יעדן טאָג מאַרשירן די אַליאירטע אַרמייען

פאַראויס. מען באַקומט דעם איינדרוק, אַז דער רייכישער קרינס־אַפּאַראַט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ באַנר־וואָרם־חיה, ווייל נישט געקוקט אויף דעם, וואָס יערן טאָג ווערט פון אים אָפּגעהאַקט גאַנצע שטיקער, דאָך לעבט ער, באַוועגט זיך און רעגענערירט זיך.

עס קומט אָן אַ שוואַרצער יונגערמאַן אין ברילן, וואָס אַרבעט אויף דער עלעקטראָ־טעכנישער אָפּטיילונג, ער איז אַ קוואַל פון ידיעות, יערן טאָג נייע, דירעקט פון געהיימען ראַדיאָ. דאָס איז אַ זעלטנהייט, ווייל פאַר די רייכישע מייסטערס איז אויך פאַרבאָטן צו הערן ידיעות פון אַנדערע ראַדיאָס. ער אַרבעט אָבער ביים מייסטער ווירבאַס, וועלכער וויל טראָגן אַלע פאַרשריפטן הערן יערן טאָג דעם ראַדיאָ, דעריבער נעמט ער דעם שוואַרצן יונגנמאַן אין די ברילן, פאַרשליסט אים אין אַ נישט צוגענגלעך אָרט ווו ער הערט דעם ראַדיאָ אין רוסיש און נימט אים איבער די ידיעות אויף רייטש. יערן טאָג ווערט ער דערוואַרט, מען זאָל פון אים הערן די ידיעות. מען שלינגט יערעס וואָרט, יערן זאַץ, יעדע נייעס. ער באַזיצט אַזאַ דערציילערישן טאַלאַנט, אַז די צוהערער, ראָס זיינען עטלעכע מענטשן, צוליב קאָנספּיראַציע, פאַרגעסן אין דער טראַגישער ווירקלעכקייט און הויבן אָן שוועבן אין אַ וועלט פון טרוימען און פאַנטאַזיעס, ראָס הייסט אין אַ וועלט פון פרייהייט, פון רעכט און גערעכטיקייט. ער איז אָפּטימיסטיש געשטימט און רעדט מיט אַ זיכערקייט וועגן אַ שנעלער באַפרייאונג. די צוהערער צעטראָגן די ידיעות פאַר אַנדערע און אַזוי וואַנדערן זיי פון מויל צו מויל. ביים באַראַק נר. 7, פאַרן שפּיטאָל, זיצט אַ פרוי ביי אַ 35 יאָר, מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן און ברעכט זיך די הענט פון פאַרצווייפלונג. איז דען אַ וואונדער, אַז מיט 6 וואָכן צוריק ביי דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז איר מאַן דורך מערדערישע הענט אומגעבראַכט געוואָרן. איין טאָכטער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און אין לאַגער־שפּיטאָל נעשטאָרבן. איצט איז איר צווייטע טאָכטער, דאָס לעצטע קינד, קראַנק געוואָרן און ליגט אין שפּיטאָל. זי איז צוריקגעקומען פון אַ טאָג שווערער אַרבעט און ווייל זיך זען מיט איר קינד, אָבער מען לאָזט איר נישט אריין אין שפּיטאָל. קען רען ווער פאַרשטיין איר פאַרביטערט און צעוויי־טיקט האַרץ. איר גאַנצע פאַמיליע, עלטערן, ברידער, שוועסטער האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל, וואָס ראָס גאַנצע אייראָפּעאישע יירנטום און דעריבער איז איר פאַרביטערונג און פאַרצווייפלונג גרענעצלאָז. אין איר שוואַרצן קאָפּ האָר רייסן זיך אַריין טאָג טעגלעך פאַסמעס גרויע האָר. זי איז פאַרצווייפלט, שרעקט זיך פאַר זיך אַליין. זי באַטראַכט זיך אַלס אַ לעבעדיקע, אַרומגייענדע מצבֿה אויפן גרויסן פאָלקס־ און פאַמיליע־קבר.

אין פאַרשיידענע ווינקעלעך אין די 10 באַראַקן ליגן קראַנקע, וואָס האָבן נים זוכה בגורל געווען אויפגענומען צו ווערן אין שפּיטאָל. נעבן יערן איינעם שטייט א שיסעלע וואַסערדיקע זופּ, וואָס ער האָט נישט געקענט עסן, און ראָס זעלבע איז אויך מיטן האַרטן, פאַרשימלטן שטיקל ברויט. די באַראַק־איינוווינער באַקלאָגן זיך פאַר דער קראַנקן־שוועסטער, פאַרוואָס לאָזט זי די האַלב־טויטע, פאַרשמאַכטע קראַנ־

קע קרעכצן אַ גאַנצע נאַכט, און פֿאַרוואָס ווערן זיי נישט אויפגענומען אין שפּיטאָל. די קראַנק־שוועסטער מעסט די טעמפּעראַטור פֿון די ליגנדיקע קראַנקע אין באַראַק און פֿאַרענטפֿערט זיך, אַז זי האָט שוין אַ פּאָר מאָל אינטערווענירט וועגן דעם ביים הויפּט־דאָקטאָר, אָבער אָן דערפֿאָלג. דער הויפּט־דאָקטאָר האַלט זיך ביי זיינע פֿאָרשריפֿטן, דער וואָס האָט נישט קיין הויכע טעמפּעראַטור, איז נישט קיין קראַנ־קער. דאָס זיינען פֿיזיש דערשעפּטע און דאַרפֿן האָבן גוט צו עסן און דערהאָלונג. דאָס שפּיטאָל איז נישט קיין סאַנאַטאָריע, ווייל וואָלט דאָס אַזוי געווען, וואָלטן אַלע 6.000 לאַגערניקעס געדאַרפֿט אויפגענומען ווערן.

אויף די פּרימיטיווע אויף שטרוי־זעק, ליגן די אויסגעמאַטערטע קערפּערס פֿון די לאַגערניקעס, מאַנכע שלאָפֿן און אַנדערע טראַכטן, קלערן. עס דערוועקן זיך רעפֿלעקסן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, וועלנדיק אַריבערשפּרינגען פֿון דער טראַגישער קעגנוואַרט צו אַ פֿרייער צוקונפֿט.

אין באַראַק נר. 7, רעכטס ביים פֿענצטער, זיצט דער ראַבינער אָלעווסקי, ישראל יוסף קוטנער מיט אַ גרופּע רעליגיעזע לאַגערניקעס, און לערנען געשמאַק אַ „דף־יומי”, פֿאַרגעסן אין דער טראַגישער ווירקלעכקייט און לעבן מיט דער האָפֿענונג, אַז די באַפֿרייאונג וועט דאָך קומען אומגעריכט, ווי אַ צווייט יציאת מצרים, מעבדות להירות.

עס זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס פֿון פֿאַרצווייפֿלונג זיינען זיי פֿולשטענדיק צעבראָכן געוואָרן און פֿאַרלוירן די האָפֿענונג. זיי גלויבן נישט אין דער מעגלעכקייט איבער־צולעבן דאָס גהינום. פֿון זייערע מיילער רייסן זיך אַרויס די ווערטער:

האַסאַג, האַסאַג מיט דיינע אייזערנע טויערן,
האַסאַג, האַסאַג מיט דיינע שטעכיקע דראָטן און מויערן.
ווער וועט אונדז דערמאָנען און באַדויערן,
ווער וועט נאָך אונדז אַמאָל טרויערן.

אין אַנדערע ווינקעלעך זיצן גרופּקעלעך און דערציילן די לעצטע נייעסן. די פּאַר־טיזאַנער האָבן צוגענומען צוויי וואַגאָנען אַמוניציע פֿון „האַסאַג”. ווי נאָר דער צוג איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון פֿאַבריק איז ער דורך זיי איינגעהאַלטן געוואָרן, די פּאָסטנס זיינען אַנטוואָפֿנט געוואָרן און געמוזט זיך פֿאַרשעמטערהייט צוריקקערן אין דער פֿאַבריק. ברידער, געדולד, מוט, אויסדויער און קאַמף. עס הערט זיך אין דער שטיל זייער געזאַנג:

נישט לאָז פֿון צווייפֿלען זיך באַהערשן,
מוט דעם יאוש אין דיין ברוסט.
פֿאַר דער פֿרייהייט מוז מען קעמפֿן,
ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט.



# ווען דער גהינום נאָך לאַנג דויערן?

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע פונם קליינעם געטאָ אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיך פרישע ווונדן צעאייטערט אינם קליינעם יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. פרישע קרבנות זיינען געפאַלן. ווידער איז יידיש בלוט פאַרגאָסן געוואָרן. צו דער נאַציישער הפקירות האָט נישט געקומען קיין סוף. דאָס לעבן פון איינגעקאַזאַרמעטע יידן אין „האַסאַג־פעלצערן" איז געווען ערגער ווי טרויעריק. געשלאָפן זיינען צו עטלעכע הונדערט פערזאָן אין האַלעס און אין „צירק" אויפן דיל, אונטערגעשפרייט מיט האָלץ־וואָל. די סיטואַציע איז געווען אומדערטרעגלעך, די אַרבעט שווער און דער הונגער האָט געפייניקט. צו די אַלע צרות איז יעדער איינער געווען פאַרביטערט און פאַר־אומערט פון די אַלגעמיינע געשעענישן און פון דער ליקווידאַציע פונם קליינעם געטאָ.

טעג זייגען געקומען לאַנגע, זוניקע און הייסע. די זון האָט געשיינט און באַצירט די נאַטור. אַלץ האָט זיך אַנטוויקלט. די צווייגן אויף דיביימער האָבן זיך צע־וואַקסן, דאָס גראָז אויף די פעלדער האָט אָנגענומען אַלץ שענערע פאַרבן. די פייגל זיינען פריי אַרומגעפלויגן און איבער זייערע נעסטן געזונגען. מענטשן פון אַלע פעל־קער קענען לעבן און פריי זיך באַוועגן, נאָר די יידן ווערן געיאָגט און געפּלאָגט. דאָס לעבן איז הפקר און יעדער כוליגאַן און מערדער קען אומגעשטערט פאַרניכטן דאָס יידישע לעבן, צעשטערן יידישע קולטור־ווערטן.

ליגנדיק אויפן געלעגער אויפן דיל פון „צירק", האָט מען דערהערט אַ ווילד געשריי „אַפּעל". אַלע האָבן זיך גלייך געדאַרפט פאַרזאַמלען ביי דער אָפּטיילונג רעקאַליברירונג. מיין שכן און ליידנס־חבר מאָטל יאַבלאָנקעוויטש האָט מיר דער־קלערט: איצט זע איך דעם סוף, איך קען מיך מער נישט מאַטערן, וואָס ס'וועט זיין זאָל זיין, אין איינמאָל פאַר אַלעמאָל זאָל אן ענדע נעמען צום ביטערן לעבן. איך בין צוזאַמען מיט אים געגאַנגען צום אַפּעל. דאָ האָט מען דערזען די טראַגישע ווירקלעכקייט, דאָס וואָס איז דורך די דייטשע מערדער גערופן געוואָרן „סעלעקציע". אויפן באַפעל זיינען אַלע געווען אויסגעשטעלט לענגאויס פון דער גאַס פון רעקאַליב־רירונג־אָפּטיילונג, צו פינפטלעך לויט גרופּעס און אָפּטיילונגען. יעדעס פינפטל

האָט פֿאַרביימאַרשירט דורכן געסל, וואָס האָט געפֿירט צו דער אינפֿאַנטעריע־אָפּטיילונג. דאָס געסל איז נאָך דעם גערופֿן געוואָרן מיטן נאָמען „סעלעקצינאַ“ (סעלעקציע־גאַס). די סעלעקציע האָבן אַדורכגעפֿירט די באַטריבס־לייטער און די מייסטערס פֿון די באַזונדערע אָפּטיילונגען. זיי זיינען געשטאַנען אויף אַ העכער אָרט, וואָס איז געווען שטאַרק באַלויכטן. עס האָבן פֿאַרביימאַרשירט פֿינפֿטלעך. אַלע עלטערע און שוואַכערע זיינען אַרויסגענומען געוואָרן. ביי דער אָפּטיילונג פֿון רעקאַליברירונג, אין וועלכער איך בין געווען, האָבן די סעלעקציע דורכגעפֿירט: באַטריבס־לייטער איגזש. פֿראַנצקע, מייסטער מאַטיאַס און מייסטער ווילי ניציאָלעק. ביי יעדער אַנדערער אָפּטיילונג האָבן דעצידירט די באַטריבסלייטערס און מייסטערס פֿון די באַזונדערע אָפּטיילונגען. די גאַנצע צייט פֿון דער סעלעקציע זיינען אַנוועזנד געווען: דער פּאָליציישער לייטער דירעקטאָר ליט, ווערקשוצלייטער קלעם, זיין פֿאַרטרעטער שטינליין און פֿיל אַנדערע ווערקשוצן. ווי מען האָט שפּעטער דערקלערט, איז צו דער סעלעקציע מאָביליזירט נעוועזן די גאַנצע שוץ־פּאָליציי און ס. ס. אין פֿולער קריגס־גרייטקייט. זיי זיינען נעוועזן באַהאַלטן פֿאַר דער פֿאַבריק, אין וווין־געביט פֿון די מייסטערס, וואָס מען האָט גערופֿן „קאָלאָניע“. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז 300 פּערזאָן, עלטערע יידישע פֿרויען און מענער און דערשעפּטע פֿון די שווערע שקלאַפֿישע אַרבעטן, זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פֿון די פֿינפֿטלעך און אַריינגעפֿירט נעוואָרן אין דער האַלע, וווּ עס איז שפּעטער נעוועזן דער ווערקצייג־בוי. צו מאָרגנס זיינען זיי אונטער אַ שטאַרקער באַוואַכונג אַוועקגעפֿירט נעוואָרן אויפֿן יידישן בית־עלמין. זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן און אין אַ מאַסן־גרוב באַערדיקט געוואָרן. מיין שכן מאָטעק יאַבלאָנקעוויטש איז צוריקגעקומען פֿון דער סעלעקציע פֿולשטענדיק נידערגעשלאָגן. אין זיין נעראַנק האָבן זיך דערוועקט רעפֿלעקסן פֿון זיין פֿאַמיליע, פֿון זיין פֿרוי און צוויי קינדערלעך, צוויי גראָטענע זין, וועלכע ער האָט פֿיל מאָל אָפּגעראַטעוועט פֿון טויט, ריזיקירנדיק שטענדיק מיטן לעבן. זיי זיינען געבליבן אין קליינעם געטאָ, באַהאַלטן אויף אַ בוידעם. ער ווייסט באַשטימט, אַז מער וועט ער נישט זען די פֿרוי און קינדער, אָדער זיי זיינען אומגעקומען פֿון הונגער און דורשט, אָדער די סאַדיסטישע מערדער האָבן זיי געכאַפּט און דערשאָסן. אַ ציטער גייט דורך איבער זיין קערפּער און נישט ווילנדיק רייסט זיך אַרויס פֿון זיין מויל אַ פֿראַגע: „זאָגט מיר, וועט דער גהינום נאָך לאַנג דויערן?“

דאָס לעבן איז ווייטער געגאַנגען, יעדער טאָג האָט זיך איינגעשריבן מיט בלוט און טרערן אין דער געשיכטע פֿון די „האַסאַג“־העפֿטלינגע.

אינדערפֿרי דער אַפּעל, און גלייך צו דער שווערער אַרבעט. דאָס עסן האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ס'וואָלט געווען פֿאַר הינט. אַ שטיקל עקלהאַפֿטיק ברויט, פֿאַרשימלט אָדער האַלב־רוי, נישט אויסגעבאַקן און דער מיטאָג אַ פֿאַרעפּושטע זופּ, וואָס האָט געשטונקען פֿונדערווייטנס, און ביינאַכט — דאָס שלאָפֿן אויף די שטרוי־זעק. אַזוי האָט געיאָגט איין טאָג דעם צווייטן, ווי אַ כישוף־ראָד. יעדער טאָג איז געווען ענלעך צום מאָרגנדיקן און צום נעכטיקן.

אַלץ האָט זיך „נאָרמאַליזירט". די דייטשע מייסטערס, פּאָלקס-דייטשן און ווערקשוצן, דעגענעראַטן מכל המינים האָבן געגלויבט, אַז דאָס וועט אַזוי אייביק בלייבן. זיי וועלן זיין די הערן, די זיגער, און די אַנדערע, די באַזיגטע — שקלאַפן. די הפקרות איז געוואָרן גרעסער. נאָך אַ נאַכט שווערער אַרבעט, ווען די נאַכט-שיכט אין דער רעקאַליברירונג האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן די אַרבעט, איז איינער פון די אַרבעטער אַרייגעגאַנגען אין קלאָזעט. אַ ווערקשוץ האָט אָן אַ שום סיבה אַריינגעשאָסן דורכן פענצטער, טרעפנדיק רעם יידישן אַרבעטער אין האַלדז. ער איז גלייך אַנידערגעפאַלן אַ באַגאָסענער מיט בלוט, פאַרענדיקנדיק דאָס טראַגישע לעבן. די פּאַסירונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג און דענערווירונג. ס'איז כלומרשט געפירט געוואָרן אַן אויספאָרשונג, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער ווערקשוץ האָט ריכטיק געהאַנדלט.

די צוויי ברידער ב. און י. בעגדער, וועלכע האָבן בייגעוווינט די טראַגישע סצע-נע, זיינען געקומען אין באַראַק גר. 7 מיט דער פראַגע: „ווען דער גהינום גאָך לאַנג דויערן?"

דאָס יאָר 1944 איז געווען אַ יאָר פון גרוסע דערוואַרטונגען און צוגלייך פון גרויסע אַנטוישונגען. מען האָט געהאָפט און געמיינט, אַז יעדן טאָג וועט קומען אומ-געריכט די באַפרייאונג, און דערווייל האָבן זיך די רעפּרעסיעס און שיקאַנעס פאַר-גרעסערט. צו אַלעמענס אַנטוישונג און פאַרבימערונג איז רער לאַגער איבערגעגאַנ-גען אונטער דער אויפזיכט פון ס. ס.-טיראַן באַמענשלאַגער. ער האָט אָנגעהויבן איינצופירן גייע מעטאָדעס. ראָס ערשטע איז געווען, אַז אַלעמען, סיי מענער סיי פרויען, האָט מען פאַרשמירט די קליידער מיט רויטן שערלאַק, דאָס צווייטע —'מען טאָר נישט גיין איינציקווייז פון די באַראַקן אין דער פאַבריק אַריין, נאָר אין גע-שלאָסענע רייען. פאַר גיין אַליין אויפן געביט פון דער פאַבריק האָט געדראָט דער-שאָסן צו ווערן. ביים אַריינגיין אויפן געביט פון די באַראַקן איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך. מען האָט נישט געטאָרט ארויסגיין און נישט אַריינגיין, נאָר אין געשלאָסענע רייען. צום דורכפירן רי גייע פאַראָרדענונג האָט דער נאַצי-טיראַן באַ-טענשלאַגער געבראַכט דריי יידישע רעגענעראַטן. אייגעם מיטן נאָמען גאָלרשטיין, אַ דייטשער ייד, אַלס לאַגער-פירער, וואָס איז פריער געווען אַ גאַנצע שישקע אין לאַגער פּלאַשאָוו ביי קראָקע, און צוויי פּאָליציאַנטן פון לאַגער „וואַרטאַ" אין טשענ-סטאָכאָוו. אייגער פון רי צוויי פּאָליציאַנטן איז געווען אַ קראָקעווער פיש-הענדלער, אייגער פון רי גרעסטע „גאוגים" פון דער אונטערוועלט. ער האָט אונדז „געטרייסט", אַז די דייטשן וועלן באַהערשן דעם ראַטנפאַרבאַנד און גאַנץ אייראָפּע. מיר זאָלן גע-וויסנהאַפט אַרבעטן, וועלן די דייטשן אונדז לאָזן לעבן. בהיגם וועלן זיי אונדז קיין ברויט נישט געבן, אַרבעטן מוז מען, און טאַקע שווער. דער געקומענער דייטשער ייד האָט זיך אָנגעטאָן אויפן אָרעם אַ באַנד מיטן אויפשריפט „לאַגער-פירער". ער האָט באַוויזן, וואָס ער קען: געמאַכט אַפּעלן, געלערנט גיין, מאַכן איבונגען, אַרויס-געבן באַפעלן „אָפּציילן", „מיצן אויף", „מיצן אַפּ", „רעכטס", "לינקס" א.א.וו..

עד האָט זיך צעשדיגן הויך אויפן קול: איינס, צוואָ, לינקס פיר, לינקס צוואָ, לינקס, פיר. באַטענשלאַגער איז אַרומגעלאָפן צעווילדעוועט מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט. זיינע געהילפן ס. ס.=מערדער האָבן זיך גענומען פאַרוואַנדלען דעם לאַגער אין אַ ריכטיקן „גהינום=קאַצעט“. אַ טייל פון באַראַק 10 האָט מען אָנגעהויבן איבערבויען אויף אַ „וואַכע“. מען האָט אָנגעהויבן בויען אַ נייע קיך אויפן געביט פון לאַגער, און אויך אַ נייעם גרויסן באַראַק. דער טעראָר און די רעפּרעסיעס האָבן זיך פאַרשטאַרקט פון שעה צו שעה. די דייטשע מייסטערס, וועלכע האָבן זיך ביז איצט געפילט ווי „אומבאַזיגטע הערשער“ האָבן אַליין אויך מודה געהאַט פאַר די ס. ס.=מענער, און צוליב דעם נאָך מער געיאָגט, געפּלאָגט און געמאַטערט ביי דער אַרבעט. אַנדערע מייסטערס האָבן פאַר יעדער קלייניקייט געפּידט אויף דער „וואַכע“. דאָס איז געווען דאָס ערגסטע. דאָס אַדיינפידן אויף דער וואַכע האָט באַדייט, אַז מען האָט זיך פאַרזינדיקט, און פון דאָרט איז מען אָן 25 שמיץ נישט אַרויס. באַקומען 25 שמיץ מיט אַ גומי=שטעקן פון די נאַצי=סאַדיסטן האָט באַדייט, זיין האַלב=טויט, פאַרחלשט, דער קערפּער באַדעקט מיט רויט=בלויע צייכנס. אַ לענגערע צייט נישט קענען זיצן און נישט ליגן. דאָס אַרבעטס=טעמפּאָ האָט זיך פילפאַך פאַרגרעסערט. וואַגאָנען זיינען אַריינגעפאָרן אין דער פאַבריק און אַרויסגעפאָרן. עס איז געבויט געוואָרן אַ נייער אָפּצווייג פון דער באַן=ליניע. עס זיינען אָנגעקומען צעגדליקער וואַגאָנען מיט מאַשינען פון עוואַקואירטע פאַבריקן פון סקאַרזשיסק ביי ראַדאָם. עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין, וואָס פאַראַ שדים=טאַנץ עס קומט פאָר. ביז איצט האָט מען געמיינט, אַז יעדן טאָג קען די דערלייזונג קומען. מען האָט געהאָפט, אַז דער דייטשער צוזאַמענברוך וועט קומען צוגלייך פון מזרח און מערב אין רעזולטאַט פון אַ גענעראַל=אָפענסיווע פון אַלע זייטן. לויט אַלע אין געהיים=באַקומענע ידיעות איז די לאַגע פּאָליטיש און סטראַטעגיש געווען זייער גוט. די פּאַקטישע לאַגע פון די יידישע אַרבעטער אין „האַסאַג“ איז געווען אַ ביטערע און האָט אויסגעזען ווי אויסזיכטסלאָז. די נייע יידישע פּאָליציי, וואָס איז געבילדעט געוואָרן דורכן נאַצי=טיראַן באַטענשלאַגער און אָנגעפירט געוואָרן דורך די „דדיי“: גאָלדשטיין און צוויי פּאָליציאַנטן פון „וואַרטאַ“, איז געוואָרן בדוטאַל. אויב אַ פּאָליציאַנט האָט אַ לאַגערניק נישט געגעבן קיין שטויס מיטן פוס, אַ פּאַטש אין פּנים אָדער געטריבן ביי דער אַרבעט, האָט ער דעם לאַגערניק געטאָן אַ „טובה“, ווייל זיין באַפעל איז געווען: שטויסן, שלאָגן, פּאַטשן און טרייבן צו דער אַרבעט.

די אַלע נייע דערשיינונגען האָבן געפירט צו אַ דעזאָריענטאַציע, צו גייסטיקן און פיזישן צוזאַמענברוך ביי די לאַגערניקעס, פון אַלעמענס מיילער, האָט מען געקענט הערן די פראַגן: וואָס הערט זיך? וואָס מעלדעט דער לעצטער קאָמוניקאַט? וועט דער גהינום נאָך לאַנג דויערן?

די נייע ס. ס.=אָנפירערשאַפט האָט דערקלערט, אַז די צאָל אַרבעטס=קרעפטן פאַר דער פּראָדוקציע אין „האַסאַג“ איז צו גרויס. מען האָט אָנגעהויבן רעדוצירן יידן פון דער אַרבעט. „רעדוצירן“ האָט געהייסן שיקן אויף „יענער וועלט“. אָדער

ווי מען האָט אָנגערופן „צו דער הימל־קאָמאַנדע". אין בעסטן פאַל האָט רעדוקציע באַרייט, איבערשיקן אין אַן אַנדער פאַבריק פון דער גענעראַל־גיבערניע אָדער קיין דייטשלאַנד.

אין נאָוועמבער 1944 איז אַ גרופּע רעדוצירטע אין אַ צאָל פון עטלעכע הונדערט יידן, מענער און פרויען, איינגעשפּאַרט געוואָרן אין באַראַק נר. 7 אונטער אַ שטרענגער באַוואַכונג פון דער יידישער פּאָליציי און ווערקשוץ. נאָך צוויי טעג און נעכט אַפּזיי: אונטער דער באַוואַכונג, זיינען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען קיין דייטשלאַנד. ווי מען איז שפּעטער געווויר געוואָרן, זיינען די מענער אַוועקגעפירט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכנוואַלד, און די פרויען אין אַ אויסערן־לאַגער, וואָס האָט אונטערליגט דער בוכנוואַלדער ס. ס..

דער טאָג פון טראַנספּאָרטירן די יידן איז געווען אַ קאַלטער און פּראָסטיקער. די מענטשן האָבן געטרוימט וועגן באַפרייאונג און נישט צו זיין אַ בלוטיק שפּילצייג פאַר עקספּערימענטן אין די הענט פון דער ס. ס.. פון זייערע מיילער האָט זיך געריסן די פראַגע: ווען דער גהינום נאָך לאַנג רויערן?

געקומען איז דער מאָנטיקדיקער טאָג פון 15 יאַנואַר, דער טאָג פון דער עוואַקואַציע. קיינער פון די יידן האָט נישט געוווּסט, אַז די סאָוויעטן מאַכן אַ גיגאַנטישן מאַרש אויף טשענסטאָכאָווו פון אַלע זייטן, סיי פון קעלץ, סיי פון קאָלושקי און ראַדאָמסק. צוערשט איז געמאַכט געוואָרן אַן אַפּעל פון אַלע רעדוצירטע. אויסגעשטעלט אין רייען, האָט מען זיי אַוועקגעפירט צום וואַקזאַל און צו 120 פּערזאָן פאַרלאָרן אין פי־וואַגאָנען. שפּעטער זיינען גענומען געוואָרן אַלע פון דער נאַכט־שיכט און דאַן לויט אָפּטיילונגען פון דער טאָג־שיכט. עוואַקואירט זיינען געוואָרן בלויז מענער. די פרויען זיינען געבליבן, צוליבן פעלן פון וואַגאָנען. דער גאַנצער טראַנספּאָרט איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין בוכנוואַלד. דאָרט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ דעזינפעקציע פונם טראַנספּאָרט, וועלכע האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג און אַ האַלבע נאַכט. פון אַלעמען זיינען צוגענומען געוואָרן די קליידער, און נאָכן באָדן האָט יעדער באַקומען אַנדערע קליידונג: אַ העמד, אַ פּאָר הויזן, אַ רעקל און אַ פּאָר הילצערנע שיך. אַלע האָבן געציטערט פון קעלט צוליבן שטאַרקן פראָסט. אין דער דאָזיקער קליידונג האָט מען געמוזט שטיין עטלעכע שעה אויף אַפּעלן, און שפּעטער שלאָפן אין אומבאַהייצטע הילצערנע באַראַקן, איינגעפּרעסט צו 400—300 פּערזאָן אין איין באַראַק. די צרות און פאַרביטערונג האָבן דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט: דאָ האָט מען געפילט, אַז ס'איז דער סוף, דאָס איז נישט מעגלעך אויסצוהאַלטן, און פון אַלעמענס בליקן און געזיכטער האָט מען געקענט אָראָפּלייענען די פראַגע: ווען דער גהינום נאָך לאַנג דויערן?

די טשענסטאָכאָווער זיינען אין בוכנוואַלד איינגעקוואַטירט געוואָרן אין די באַראַקן 57, 59 און 62. די באַראַקן זיינען געווען די ערגסטע און דערצו אָפּגעצוימט פון גאַנצן לאַגער, אַלס אַ באַזונדערער קליינער לאַגער. מען האָט דעם קליינעם לאַגער אָנגערופן ביים ריכטיקן נאָמען: טויטן־לאַגער.

אויך אין טויטן=לאַגער האָט מען די משענסטאָכאָווער נישט געגעבן קיין רו, און נאָך דער קאַראַנטין=צייט איבערגעשיקט קיין „ראַדאָם”, אויסערלעכע שטעלע פון בוכנוואַלד. דאָ זיינען געווען נאָך גרעסערע צרות. 4 אַזייגער פאַרטאָג אין פראָסטיקע נעכט אויפשטיין צו רי אַפּעלן און שפּעטער גיין אין די ריזיקע טונעלן צו דער שווערער אַרבעט. מען האָט קיינמאָל נישט געזען די זון פאַר די אויגן. אַן אייביקע שוואַרצע, פינצטערע נאַכט. יעדער טאָג איז געווען ווי אַן אייביקייט. יעדן טאָג זיינען געווען טויטע אויף אַ „נאַטירלעכן” אופן. געשטאָרבן פון הונגער, קעלט, שלאָגן און רערשעפּונג, דערצו זיינען יעדע פּאָר טעג אויפגעהאנגען געוואָרן אומצאָליקע העפטלינגע. רער אויוון פון רער קרעמאַטאָריע האָט געברענט אָן אויפהער, בייטאָג און ביינאַכט, בכדי צו פאַרברענען די טויטע קערפּערס.

מיין שכן, שמעון גאָסטינסקי, איז פון הונגער, קעלט און שווערע אַרבעט געשוואָלן געוואָרן. ער איז צו מיר צוגעקומען און מיט אַ שוואַכער שטימע און מיט בעטנדיקע ווערטער געווענדעט זיך צו מיר: זאָגט מיר אַ פּאָר טרייסט=ווערטער, וועט דער גהינום נאָך לאַנג דויערן? ווייל לענגער קען איך נישט אויסהאַלטן. אין רעם לאַנג=רויערנדן גהינום האָט ער שמעון גאָסטינסקי, רוד וואַטענבערג, פּראָפעסאָר יאַקוב שטייער, מאָריץ איינהאָרן און פיל אַנדערע באַצאָלט מיט זייער לעבן אַלס קרבנות פונם נאַצי=גהינום.

# ק א ש ע

## ר ע צ י ט א צ י ע

ווער קען מיך פֿאַרשטיין? ווער וויל מיך פֿאַרשטיין, אריינדרינגען אין מיין האַרץ אין מיין נשמה, דערגרייכן צו מיינע מאַטערנדע פּיין, מיטפילן מיט מייגע אינערלעכע וווּנדן? ווער וויל דאָס? קייגער נישט.

איך פיל כיין אייגזאַמקייט און דאָס פֿאַרביטערט מיך נאָך מער. צוזאַמען מיטן טויט פון מיינע פֿאָלקס=ברידער און שוועסטער, איז אויך פֿאַר מיר די וועלט אָפּגעשטאָרבן. ווער וויל פֿון מיר וויסן, ווער וויל פֿון מיר הערן?

מיט די דאָזיקע געדאַנקען בין איך גאָך אַ גאַנצער גאַכט שווערער אַרבעט געגאַנגען אין באַראַק נר. 10 שלאָפֿן. קען איך דען שלאָפֿן, אַז מיין קאָפּ איז פול מיט פֿאַרשיידענע רעיונות און דמיונות?

אָט ליג איך אויפֿן שטרוי=זאַק, און דאָס הייסט געשלאָפֿן. איך מאַך צו די אויגן, און פֿאַרשיידענע בילדער דערשייגען פֿאַר מיין געדאַנקען=בליק. מיין מוח פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ פילם=לענטע, אויף וועלכער עס קומט פֿאָר אַ שפּיל פֿון מיין אייגן לעבן. איך זע פֿאַרשיידענע בילדער און עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז די ווירקלעכקייט.

אָט איז מיין שטוב, מיין אייגענע שטוב; דער טיש איז נאָך באַצירט מיט דעם יום=טובדיקן וויס טישטוך, עס שטייען די לייכטער און עס ברענען די ליכט, דיקע גרויסע יום=כּפּורדיקע ליכט. דער טאַטע און די מאַמע ווינטשן אַלעמען אַ גוט יאָר. די קינדערלעך, אָנגעטוענע אין יום=טובדיקע קליידער גייען צום זיידן און צו דער באָבען, ווינטשן אַ גוט יאָר, און נאָך דעם אין דער שול אַריין. דער חזן דאַוונט, און ווען עס הויבט זיך אָן טראָגן אַ טרויעריקער ניגון, דערהערן זיך געוויינען פֿון דער ווייבערישער=שול. די שול איז פול, אַלע זייגען אייגגעהילט אין ווייסע קיטלען און טליתים; מען דאַוונט, מען בעט רחמים און . . . עס שטימט עפּעס גישט. מיין מוח=לענטע האָט זיך איבערגעריסן, אַנדערע בילדער האָבן זיך באַוויזן, די אויגן און דאָס האַרץ ווילן נישט גלויבן, אַז דאָס איז די ווירקלעכקייט.

די בתי=תפילות זייגען ליידיק געוואָרן, אין די וויגונגען, ביי די שיין=סערווירטע טישן זיצט נישט קייגער, אַלץ איז געוואָרן ליידיק און פּוסט.

איבערגעריסן זיינען געוואָרן די הילכיקע שטימען פון יונגע מענער און פרויען, איבערגעריסן איז געוואָרן דאָס שפּילן פון די קינדער, און איבערגעריסן זיינען געוואָרן די תּפילות פון די אַלטע און קראַנקע, צוזאַמען מיט זייערע לעבנס.

די זון שיינט בייטאָג . . . אָבער נישט פאַר מיר. זי איז פאַר מיר אַ קללה געוואָרן, ווייל זי האָט אַליץ געזען און געשוויגן.

דאָס ערגערט מיך. ביי דער אַרבעט, אונטער דער שווערער לאַסט, ווער איך באַגאָסן מיט ביטערן שווייס. זי, די זון, שווייגט, ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. די לבנה אין שטערן שפּאַצירן זיך הויך אויפן הימל, און עס גייט זיי גאָרנישט אָן מיין אומגליק. אומזיסט האָבן פּאָעטן פאַרגאָסן טינט און פאַרלוירן צייט זיי צו באַזינגען אַלס די. וואָס ברענגען גליק דער מענטשהייט.

פאַר מיר זיינען זיי שטומע עדות, וואָס קוקן זיך צו גלייכגילטיק צו מיינע פּיין. יאָ! די וועלט אָפּערירט מיט אויסדרוקן: מענטשן-ליבע, פעלקער-פאַראייניקונג, גלייכהייט, פרייהייט, ברידערלעכקייט, קאָנסטיטוציע, דעמאָקראַטיע, עמאַנציפּאַציע. איז דאָס נישט קיין חוזק? איז דאָס נישט קיין ביטערער געלעכטער דורך פאַרהאַקטע ציין? די מענטשהייט האָט פאַרקריפּלט יעדן באַגריף, יעדן אויסדרוק און יעדע דערנידעריקונג. טעכניק! וואָס פּרייסטו זיך? גרויסע וועלט! אנשטאָט צו באַגליקן די מענטשהייט מיט דיינע דערפינדונגען, פּראָדוצירסטו קוילן, גראַנאַטן, באָמבעס און גאַזן צו דערשיסן, דערמאָרדן, פאַרגאַזן און דערשטיקן די מענטשהייט אין די גאַז-קאַמערן און פאַרברענען די קערפּערס אין די קרעמאַטאָריעס.

איך האָב דערפילט אַ האַנט, אַ צאַרטע האַנט, באַשעס האַנט. זי האָט מיך געוועקט: „מנשה. מנשה, שנעלער שטיי אויף און נעם די פּאָרציע קאַשע, ווייל גלייך איז דער אַפּעל".

איך עפן אויף מיינע האַלב-פאַרמאַכטע אויגן און קוק מיך אַרום, ווו איך געפין זיך און שריי אויס:

„ווער האָט פאַרקאָכט אַזאַ וועלט-קאַשע ?!
ווער האָט פאַרקאָכט אַזאַ וועלט-קאַשע ?!
ווער האָט פאַרקאָכט אַזאַ וועלט-קאַשע ?!"



# סעניאָריטא
## (באַגעגעניש)

אין אַ פרילינג=טאָג, דעם 22 מערץ 1943, האָב איך ווי יעדן טאָג, צוזאַמען מיט טויזנטער ייִדן, מענער און פרויען, פון קליינעם משעגסטאָכאָווער געטאָ, אין געשלאָסענע ד״יען, באַוואַכט דורך וועדקשוצן, מאַרשירט פאַרטאָג צו דער אַרבעט אין דער פּאַבריק „האַסאַג”. מיין אַרבעטס=פּלאַץ איז געווען אין אַ גרויסער האַלע, וווּ עס האָבן זיך רוישיק באַוועגט פאַרשיידענע מאַשינען און דאַמף=קעסלען. דאָס רוישן און קלאַפּן פון די מאַשינען, ווי אויך דאָס זידן פון די דאַמף=קעסלען האָט אָנגעגעבן אַן אייננאַרטיקייט דער אַרבעטס=האַלע, ווי זי וואָלט געווען אַ גהינום. די שטיקנדיקע פּליסיקע זויער=שטאָפּן, וואָס זיינען דאָרט באַנוצט געוואָרן, און דאָס כסדר פליסנדיקע וואַסער ביי אַלע מאַשינען, ווי אויך די גרויסע היץ, וואָס האָט דאָרט געהערשט, האָט אַלעמען אויסגעמאַטערט. קומענדיק אינדערפרי צו דער אַרבעט, האָט יעדער אויסגעקוקט, דער טאָג זאָל וואָס שנעלער פאַרביי, בכדי צו פאַרלאָזן דעם גהינום, וואָס האָט אַרויסגעצויגן פון אַלעמען די כוחות.

אין רייען זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט מאַשינען צום פּאָלירן מעטאַלענע הילזן, וועלכע מ'האָט גערופן „בענבענס”. ביי אַזאַ מאַשין, בענבען, האָב איך געאַרבעט. דער באָדן איז אַדום און אַדום געווען נאַס פון וואַסער און זויער=שטאָפּן, דערפאַר האָט מען געמוזט טראָגן אַרבעטס=שוין קליידונג, בכדי נישט צו פאַרברענען דעם קערפּער, הענט און פיס.

מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַריינלייגן מעטאַלענע הילזן אין דער מאַשין, בענבען, אַריינגיסן וואַסער, אַריינשיטן סאָדע און די מאַשין לאָזן אין באַוועגונג. נאָך אַ שעה צייט, האָט מען אַרויסגענומען די הילזן, אַריינלייגנדיק זיי אין אַ מעטאַלענעם קויש, וואָס איז נעווען אַריינגעפּאַסט אין אַ מעטאַלענער באַליע מיט פליסנדיק קאַלט וואַסער. דעם קויש מיט די הילזן האָט מען געמוזט צוטראָגן צו איינעם פון די באַוועגנדע זיך עלעקטרישע טרוקן=מאַשינען, צום טרוקענען. דער קויש האָט געהאַט צוויי אויערן און געטראָגן האָבן אים צוויי מאַן. די אַרבעט איז

גלייך אַזוי געווען אײַנגעשטעלט, אַז צוויי אַרבעטער האָבן געאַרבעט צוזאַמען.

איך האָב געאַרבעט מיט דוד יאַקובאָוויטש און צוזאַמען מיט אים האָב איך געטראָגן די שווערע קוישן נאַסע הילזן צום טרוקענען.

דעם 22 מערץ 1943 איז בײַ דער טרוקן־מאַשין געשטאַנען אַן אַנדערע אַרבעטערין. זי האָט נאָך נישט געוווּסט, אַז בײַם אויסשיטן די נאַסע הילזן דאַרף מען זיך אַ ביסל אָפּרוקן, ווײַל מען קען באַשפּריצט ווערן פון די פליסיקייטן. דער פאַרטוויבנ־דער גערויש פון די מאַשינען האָט אוממעגלעך געמאַכט צו הערן אַ וואָרט, און ווענ־דיק אויפמערקזאַם מאַכן די אַרבעטערין, זי זאָל זיך אַ ביסל אָפּרוקן, האָב איך אויסגעשריגן פּ ע נ י אָ ר י ט אַ. זי האָט דערהערט, און אָפּרייסנדיק זיך פון די מחשבות, אין וועלכע זי איז געווען פאַרזונקען, האָט זי זיך אָפּגערוקט, דערבײַ מיך אָבסערווירט. די משונהדיקע קליידונג, וואָס איך האָב געטראָגן, אַלץ פון גומי: שטיוול, פאַרטוך און הענטשקעס, האָט מיך פולשטענדיק פאַרענדערט, און דאָס האָט אַרויסגערופן איר אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז געווען די ערשטע באַגעגע־ניש אין וועלכער איך האָב דערפילט איר אויפמערקזאַמקייט. אירע פאַרטרוימטע אויגן האָבן אויסגעדריקט דעם אינערלעכן שמערץ, וואָס האָט געוויימיקט אין איר האַרצן, און איז געקומען צום אויסדרוק אין איר פאַרטרויערטן, מיט שוויים באַגאָסענעם געזיכט.

די באַוועגלעכע עלעקטרישע טרוקן־מאַשין מיט אַן אינערלעכער טעמפּעראַטור פון 170 גראַד היץ, בײַ וועלכער זי האָט געאַרבעט, האָט איר פולשטענדיק דער־שעפּט. זי איז געווען איבעראַיִטט פון הערן אין דעם „האַסאַג"־גהינום, דאָס שפּאַ־נישע וואָרט סעניאָריטאָ. מײַן מיטאַרבעטער דוד יאַקובאָוויטש, וואָס האָט געאַר־בעט אויך בײַ אַ בענבען, בײַ אַזאַ מאַשין ווי איך, האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס איז די אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטײַן.

איך האָב אויסגעדריקט די אומצופרידנהייט פון דער שווערער אַרבעט, וואָס איז באַגלייט מיט מאָראַלישע פּײַן, דערנידערונגען און באַליידיקונגען, צוגעבנדיק: פאַר אייך איז באַשטימט די אַרבעט צו שווער. איר האָט דאָך קיינמאָל נישט גע־אַרבעט בײַ אַזאַ שווערער פיזישער אַרבעט, דערצו די היץ און די שטיקנדע גאַזן.

— ווער זאָגט דאָס אייך — האָט די אַדוואָקאַטין עפּשטײַן געענטפערט — איך האָב שטענדיק געאַרבעט אין פאַבריקן, בײַ אַנדערע מאַשינען, און דאָ וועל איך זיך אויך צוגעוווינען.

זי איז נאָך געווען אונטערן אײַנדרוק פון דער סעלעקציע, וואָס איז פאַר־געקומען אין קליינעם געטאָ דעם 20 מערץ 1943, ווו ס׳איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן די גאַנצע יידישע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ. מיט דער גרעסטער אכזריותדיקייט זײַנען די פאַרניכטונגס־פּײַלן פון דער נאַצי־מאַכט צוערשט געווען געווענדעט צו דער אינטעליגענץ, דערפאַר האָט די אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטײַן אויסגעמיטן צו רעדן וועגן איר פּראָפעסיע, נאָר להיפך, אָנגעגעבן זיך אַלס פיזישע אַרבעטערין.

בײַ דער אַרבעט פלעגן מיר זיך אָפט טרעפן, אָבער זי פלעגט אויסמײַדן דאָס

רעדן מיט מיר, ווייל מיינע טעמעס זיינען געווען צו „געפּערלעכע". בכדי מיך אַריינ־צופירן אין אַ צווייפל, אַז זי איז אַן אַדוואָקאַטין, פלעגט זי מיר ענטפערן: — איר רעדט עפּעס אַזוי מאָדנע, אַז איך קען אייך גאָרנישט פאַרשטיין, איר זאָגט אַזוינע ווערטער ווי „העניאָרימא", „אינוואַזיע", „אָפענסיווע", איך האָב דאָך אין לעבן נישט געהערט אַזאַ רעדן, וואָס באַדייט דען דאָס.

אונדזערע געשפּרעכן פלעגן איבערגעריסן ווערן דורך אַ ווילד געשריי פון דייטשן מייסטער ניציאָלעק, פאַרוואָס איך שטיי נישט ביי מיין אַרבעט און פּלאָנטער זיך אַרום ביי אַנדערע מאַשינען.

אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען. אויסער דער שווערער אַרבעט זיינען אויך געווען כסדרדיקע אַנטוישונגען פון די געמאַכטע האָפענונגען אויף אַ שנעלער באַפרייאונג אין רעזולטאַט פון אַלגעמיינע, אויסערלעכע און אינטערנאַציאָנאַלע פאַקטאָרן.

אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג, דעם 15 יאנואר 1945, בין איך עוואַקואירט גע־וואָרן קיין בוכנוואַלד און איין טאָג שפּעטער האָט די אַדוואָקאַטין עפּשטיין געטיילט דעם זעלבן גורל, ווערנדיק עוואַקואירט קיין ראַווענסבריק.

שווערע טעג זיינען אָנגעקומען: הונגער, פיזישע און מאָראַלישע פּיין האָבן באַ־גלייט דאָס לעבן, און שטייענדיק שוין ביים ראַנד פון פולשטענדיקער דערשעפּונג, ביים ראַנד פון טויט, איז די באַפרייאונג געקומען.

אין חודש אויגוסט 1945, נייענדיק אויף דער געטע־שטראַסע אין מינכען, איז מיר אומגעריכט אַנטקעגן געקומען די אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטיין. דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, אַ וואַרעמער און ס'האָט זיך אויסגעדראכט ווי זי, די זון, האָט זיך פאַר אונדז געשעמט, אַז אַזוי פיל יאָרן האָט זי אונדז פאַרלאָזט און פאַר אונדז נישט געשיינט. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס אַדוואָקאַטין עפּשטיין האָט מיך געפרעגט איז געווען: — געדענקט איר, ווי איר האָט צו מיר אין „האַסאַג" דאָס ערשטע וואָרט געזאָגט „סעניאָרימא"?

— יאָ! איך געדענק, נישט גאָר דאָס, נאָר אויך פיל, פיל אַנדערע עפּיזאָדן, וואָס האָבן באַגלייט אונדזער פּייַנפול לעבן אונטער דער נאַצי־הערשאַפט.

— ווי זייט איר געווען די גאַנצע צייט?

איך דערצייל איר און רעכן אויס די קאָנצענטראַציע־לאַגערן בוכנוואַלד, דאָראַ און בערגן־בעלזן.

— אפשר האָט איר געזען מיין ברודער נאַטעק, איך האָט דאָך אים געקענט. הגם איך האָב געגוי געוווסט, אַז ער איז אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאָראַ", האָב איך דאָך אַזאַ בשורה נישט געוואָלט אָנזאָגן.

איך האָב איצט געהאַט די מעגלעכקייט איר צו אָבסערווירן, באַמערקן די ענ־דערונגען, וואָס זיינען מיט איר פאָרגעקומען. אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט אַן אומגעדולד און באַגער צו געפינען דעם ברודער, פאַמיליע און באַקאַנטע, איר שלאַנ־קער קערפּער איז פאַר דער צייט נאָך מער איינגעדאַרט געוואָרן, דאָס געזיכט איז נאָך נישט פעאיק געווען אויסצודריקן קיין צופרידנקייט אָדער אַ שמייכל, ווייל צו

פריש זיינען נאָך געווען די ווונדן אין האַרצן פון דעם דורכגעלעבטן פּיין. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ מיליטערישן אוניפאָרם, נאָך נישט באַוויזן צו „אָרגאַניזירן“ אַ ביסל קליידונג. און האָט זיך געאײַלט צום ד. פּ. מקום מקלט, צום „דייטשן מוזעאום“.

א יאָר שפּעטער, דעם 20 אָקטאָבער 1946, האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אין לאַנדסבערג, אויף אַ גרויסער, פייערלעכער הזכרה צום אָנדעק פון די געפאַלענע קדושים פון טשענסטאָכאָוו. דאָס מאָל איז זי שוין געווען אַן אַנדערע, אָנגעטאָן אַנשטענדיק, און אַלס פאָרזיצערין פון צייטווייליקן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט איז זי געווען די גאַסט־געבערין פון 1.200 לאַנדסלייט. עס זיינען ביי איר געווען אין שאָטן אַלע פּריוואַטע ענינים, פאַרנעמענדיק זיך אויס־שליסלעך מיט געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. דאָס איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין איר דערעפענונגס־רעדע אויף דער הזכרה.

איך האָב מיך מיט איר נאָך עטלעכע מאָל געטראָפן; זומער 1947 אין באַד־קיסינגען, אויף קאָנגרעסן און אויף זיצונגען פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, און שטענדיק דערינערן מיר זיך די ערשטע באַגעגעניש אין טרייעריקן „האַסאַג־פעלצערן“־לאַגער מיט דעם וואָרט סעניאָרימא.

פערטער טייל

# היסטארישע אפהאנדלונגען

## די געשיכטע פון געטאָס

אָנקומענדיק קיין איירָאפּע האָבן זיך די יירן באַזעצט אין אַ גאַנצער ריי לענ־דער. דער יירישער לעבנס־שטייגער איז געווען דורכגעדרונגען מיטן רעליגיעזן גייסט, מיט וועלכן עס איז געווען פאַרבונדן דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן. כדי אָפּצוהיטן געמיינזאַמע תפילות, לערנען אַ בלאַט גמרא, באַנוצן זיך מיט ריטועלע בעדער, און זיין אומגעשטערט פון דער אַרומיקער היידנישער און קריסט־לעכער סביבה, ווי אויך צוליב זיכערהייטס־טעמים, האָבן זיך יידן באַמיט צו וווינען קאָנצענטרירט אַרום די יירישע רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

די אַלע גרונטלאַגן האָבן מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייאונג פון יידישע זיד־לונגען, יידישע וווין־קוואַרטאַלן.

אין יערער שטאָט איז אוממיטלבאַר אַנטשטאַנען אַ יידישער וווין־קוואַרטאַל מיט אַ קהילה, בית־המדרש, רעפּאָרמירטע שול, ריטועלע באָד און שולן פאַר קינ־דער. מיטן צוּוואוּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיך געשאַפן אַלץ מער און מער אינסטיטוציעס, פון רעליגיעזן, קולטורעלן און ווילטעטיקן כאַראַקטער.

די געביטן, אויף וועלכע יירן האָבן געוווינט, זיינען דורך דער אָרטיקער באַ־פעלקערונג אָנגערופן געוואָרן „יירן־קוואַרטאַל". (יודעקאַ).

אין פראַנקרייך איז שוין אין ניינטן י"ה געווען באַקאַנט די עקזיסטענץ פון יידישע קוואַרטאַלן אין די שטעט בעסיעי נים, ארל און אַנדערע, ווי אויך אין 16־טן י"ה אין אַוויניאָן און קאַרפּענטראַס. אין דייטשלאַנד אין צענטן און עלפטן י'ה אין רעגנסבורג, מאַגדעבורג, וואָרמס, קעלן און מאַינץ.

אין דער צייט פאַר די קרייץ־צוגן, אין עלפטן י"ה זיינען פאָרגעקומען איינצל־נע פאַלן פון עקסצעסן קעגן יירן. דער הער פאָן שפייער, בישאָף רידיגער, האָט אין יאָר 1084 אָפּגעגעבן אַ געביט פאַר אַ יידן־קוואַרטאַל, און בכדי די יידן זאָלן זיך פילן זיכער איז דאָס געביט אַרומגעבויט געוואָרן מיט אַ שוין־מויער. פאַר דעם „חסד" האָבן יידן געצאָלט אַ ספּעציעלן שטייער.

אין איטאַליע זיינען אויך אין עלפטן י"ה באַקאַנט געווען יידן־קוואַרטאַלן פון

פאָלגנדע געשיכטלעכע פאַקטן. אין יאָר 1086 האָט די אלמנה פון הערצאָג ראָבערט גיסקארד ארויפגעלעגט אַ שטייער אויף די איינוווינער פון יודעקא, יידישן ווין־קוואַרטאַל אין באַרי. דריי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1089, זיינען באַשטייערט געוואָרן די איינוווינער פון יידן־קוואַרטאַל אין סאַלערנאָ. אַ טייל פון די שטייערן זיינען געווען באַשטימט פאַר דער קאַטוילישער קירכע.

אין צוועלפטן י"ה, ווען אַ פאַליע פון עקסצעסן האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אייראָפּע צוליב די קרייץ־צוגן, האָבן זיך יידן נאָך מער קאָנצענטרירט אין די באַזונדערע קוואַרטאַלן, בכדי נישט צו זיין איינזאַם ביים שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

אין די כראָניק־ידיעות פון די יאָרן 1146—1151 פון אַמאָליקן רוסלאַנד, ווערט דערמאָנט וועגן אַ יידן־טויער אין קיעוו, וואָס ווייזט אָן אויף דער עקזיס־טענץ פון אַ יידן־קוואַרטאַל. די איינוווינער פון די יידישע ווין־געביטן, האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג באַוועגט פריי אין דער שטאָט, געהאַט אונטערנעמונגען און געפירט געשעפטן, נאָר אין די אָוונטן פלעגן זיי קומען אין דעם יידן־קוואַרטאַל

אין שפּאַניע, אין צוועלפטן י"ה, זיינען באקאנט געווען יידישע ווין־געביטן אין קאָרדאָוואַ און סעווילאַ, אויך אין אַראַגאָניע אין די שטעט סאראגאָסאַ, באַר־צעלאָנאַ, באַרבאַסטראָ, לערידא, וואַלענציאַ, טאָרטאָזאַ, געראָנאַ, בעסאַלו, קאַלאַ־טאַיוד, דאַראָקאַ, הועסקאַ, פּערפּיגנאַן, מאָנטפּעליער און אין אנדערע אָרטשאַפטן.

צום ערשטן מאָל באַגעגנט מען זיך מיט דער פאַראָרדענונג פון יאָר 1247 פון קעניג יאַקוב דעם ערשטן, אַז די יידן אין די צוויי יידישע ווין־קוואַרטאַלן אין מאָנט־פּעליער איז פאַרבאָטן צו ענדערן זייערע ווין־אָרטשאַפטן אָן אַ קעניגלעכער דער־לויבעניש, אויך דאָס אויסוואַנדערן פון יענע ערטער קיין אויסלאַנד איז געווען פאַר־בונדן מיט גרויסע שוועריקייטן.

די יידן־קוואַרטאַלן זיינען געווען פאַרזען מיט מויערן און אויך מיט טויערן.

אין שפּאַניע האָט דער קעניג אַלפאָנס דער דריטער, (1285—1291) דערלויבט אין וואַלענציע און ווילאַפראַנקא, אין יאָר 1287, די יידן־קוואַרטאַלן מיט טויערן אָפּצוצוימען, וואָס האָט געדינט אַלס שוץ־מיטל.

אין פערצנטן י"ה, אין די יאָרן 1304—1356, ווערן דערמאַנט יידן־קוואַרטאַלן אין פּוילן: קראָקע, סאַנדאָמיר, פּויזן, קאַליש און לעמבערג. אין אַכצנטן י"ה איז אויך געווען אַ געטאָ אין טשענסטאָכאָוו מיט אַ טויער צווישן קלמן רייכערס און געווערצמאַנס הויז. דאָס געטאָ איז געווען פון איין זייט פון דער אַלטער ראַמפּע ביז צו חיים שיינס הויז , וווּ עס האָט געוווינט דער גרויסער למדן איצקע סופר.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע, אין יאָר 1516, באַשליסט דער סענאַט פון ווענעדיק, אַז יידן זאָלן וווינען אין אַ געטאָ און טראָגן, אַלס יידן־צייכן, אַ סאַפראַן־געלן הוט.

דער פּויפּסט פּאַול דער פערטער האָט איינגעפירט אין רוים א געטאָ פאַר יידן. דער פּלאַן איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 26 יולי 1555.

אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי, אין דער הערשאַפטס־צייט פון פערדינאַנד דעם

רריטן (1608—1657) איז באקאנט געווען א געטאָ אין דער הויפּט־שטאָט פּראג.
פאַרן אָנהויב פון 30 יאָריקן קריג, (1618—1648) איז דער יידישער וווינ־קוואַרטאַל אין פראַנקפורט אַם מיין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געטאָ.

אין רער הערשאַפטס־צייט פון זיגמונט רעם דריטן, אין פּוילן, 1587—1632, האָבן יידן א ביסל פרייער געלעבט. גאָך זיין טויט, אין דער הערשאַפטס־צייט פון זיין זון, דעם טראָן־נאָכפאָלגער, וולאַדיסלאַוו רעם פערטן (1632—1648) האָט זיך די יידישע לאַגע ווידער פאַרערגערט. די יידן ווערן אַרייגגעדרענגט אין די באַזונ־דערע קוואַרטאַלן אין די שטעט ווילנע, מאָהילעוו וויטעבסק און אַנדערע.

אין די יודעקאַס , יירישע ווין קוואַרטאַלן זייגען די רעכט נישט געווען באַ־גרענעצט. יידן האָבן זיך געקענט פריי באַוועגן אין דער גאַנצער שטאָט פאַרנעמען זיך מיט זייערע פּראָפעסיעס און פירן געשעפטן.

אין רי געטאָס זייגען רי רעכט פו רי יידן געווען שטרענג באַגרענעצט; דערביי האָבן זיי געמוזט טראָגן שאַנד־צייכנס; געלע לאַטעס, געלע געטאָ־קאַפּעלושן;פרויען — געלע קאָפּ־צודעקן.

די אַלע באַגרענעצוגגען זייגען איינגעפירט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון דעם קאַמף פון קאַטוילישן קלער קעגן דער יידישער רעליגיע.

רער אויסדרוק „געטאָ" שטאַמט פון איטאַליע. דאָרט איז צום ערשטן מאָל געקומען צום אויסדרוק רער ראַזיקער באַגריף דורכן סענאַט אין ווענעדיק, אין יאָר 1516.

אין מייערס קאָנווערסאַציע־לעקסיקאָן ,אויסגאַבע פון 1 מערץ 1876, באַנד 7, זייט 804 ווערט דערקלערט דער אויסדרוק אויף פאָלגנדן אופן: „געטאָ", — וואַרשיינלעך פון תלמוד, „גט", אָפּזונדערונג, יידן־קוואַרטאַל. אין איטאַליע און איז אָריענטאַלישע שטעט זייגען פאַר די יידן געווען אָנגעוויזן גאַסן צום וווינען, ווו אין אָוונט האָבן זיי זיך אָפּגעשלאָסן, אָדער זייגען אָפּגעשלאָסן געוואָרן. דאָס באַרימטע געטאָ אין רוים האָט אייגגעריכטעט דער פּויפּסט פּאַול דער פערטער".

אין רעזולטאַט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס איז געווען אַ קאַמף פאַר פרייהייט, רעכט און גלייכבאַרעכטיקונג, זייגען די געטאָס אומעטום דורך די פראַנצויזישע טרופּן אויפגעלייזט געוואָרן.

רעם 11 יולי 1797 איז דאָס געטאָ־טויער אין ווענעדיק געעפנט געוואָרן, און יידן האָבן באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג. עס זייגע אָפּגעשאַפט געוואָרן אַלע באַגרענעצונ־גען און שאַנד־צייכנס. יידן האָבן גלייך אַרייגגעדרונגגען אין אַלע טיילן פון רער שטאָט, און אָנגעהויבן שפּילן א באַרייטנדע ראָלע אין ווירטשאַפטלעכן, געזעל־שאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. דריי יירן ווערן באַשטימט אַלס פאַרטרעטער מיט באַראַטונגס־ און שטים־רעכט אין רעם ניי־געשאַפענעם דעמאָקראַטישן שטאָט־ראַט.
ענלעך איז געווען רי לאַגע אין דער שטאָט פּאַדוואַ. גאָכן אַרייגמאַרש פון די פראַנצויזישע טרופּן, אין אַפּריל 1797, האָבן זיי גלייך באַפרייט פון אַרעסט דעם יידישן דאָקטאָר, מיכאל סאלאָם, וועלכער איז פון יאָר 1793 געזעסן אין אַרעסט.

צוליב סימפּאַטיעס פאַר די אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ער איז געוואָרן אויסגעוויילט אַלס ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט. דעם 28 אויגוסט האָט די פּראָוויזאָרישע רעגירונג אין פּאַדוואַ אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט מיט פאָלגנדן אינהאַלט: די יידן איז דערלויבט צו וווינען אין אַלע שטאָט־טיילן. די באַרבאַרישע באַצייכענונג „געטאָ" דאַרף געענדערט ווערן אויף דעם נאָמען „פרייהייטס־גאַס".

אויף אַ פיל וויניקער אידעאַלן אופן איז אויפגעלייזט געוואָרן דאָס געטאָ אין פראַנקפורט אַם מיין און אין אַנדערע דייטשע שטעט.

אין דער טשעכישער הויפּט־שטאָט פּראַג איז די יידן דערלויבט געוואָרן זיך צו באַזעצן אין אַנדערע טיילן פון דער שטאָט נאָר מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון די אַנטשפּרעכנדע מאַכט־אָרגאַנען.

נאָר אין פּוילן איז די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג נישט איינגעפירט געוואָרן אין פולשטענדיקן זין. עס זיינען ווייטער נעבליבן ווירטשאַפטלעכע און וווין־באַגרעניצונגען.

אַלע היסטאָרישע פאַקטן באַשטעטיקן, אַז די „יודעקאַס", יידישע וווין־קוואַרטאַלן, זיינען דורך די יידן זעלבסט געשאַפן געוואָרן, בכדי אומגעשטערט זיך אויסצולעבן רעליגיעז און קולטורעל — אין דער אייגענער סביבה.

די געטאָס זיינען אַנטשטאַנען אין רעזולטאַט פון די רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען פון דער קריסטלעכער וועלט.

אַ גאַנץ אַנדערע באַדייטונג האָט באַקומען דער באַגריף געטאָ אין דער צייט פון נאַצי־רעזשים.

אין דער יידן־פראַגע האָט די היטלער־הערשאַפט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צוצורויבן דאָס פאַרמעגן, אויסצונוצן די אַרבעטס־קראַפט צו אומבאַלוינטע שקלאַפישע אַרבעט, און צום שלוס אויסצומאָרדן דאָס יידנטום. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מיט אויסזידלונגען פון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי די פּוילישע יידן. שפּעטער זיינען איינגעפירט געוואָרן סיסטעמאַטישע באַגרענעצונגען; יידישע וווין־קוואַרטאַלן, דאָס געמען יידן צו אומבאַלויגטע צוואַנגס־אַרבעט, כסדרדיקע פאַרשיקונגען אין פאַרשיידענע אַרבעטס־לאַגערן, צוואַנגס־לאַגערן און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. צוערשט זיינען געבילדעט געוואָרן אָפענע געטאָס און עס האָבן זיך אָנגעהויבן עוואַקואַציעס פון קלייגע אָרטשאַפטן אין די גרויסע געטאָס. אין פּוילן: קיין לאָדזש, וואַרשע, לובלין, ביאַליסטאָק, קראָקע, טשענסטאָכאָוו. דער זעלבער סיסטעם איז אָנגעווענדעט געוואָרן אין אַלע באַזינטע לענדער. צום שלוס ווערן געשאַפן פאַרמאַכטע געטאָס, באַוואַכטע דורך דייטשע ס.ס.־מענער און הילפס־דינסט פון דעגעגעראַטן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, ווי אוקראַינער, ווייסרוסן, לעטן, ליטווינער, רומענער, אונגאַרן, סלאָוואַקן, און אויך פּוילישע פּאָליציי.

אין קאַמף פאַר צורויבן דאָס יידישע פאַרמעגן, אויסנוצן די אַרבעטס־קראַפט און אויסמאָרדן, האָט דער באַרבאַרישער נאַצי־רעזשים געשטעלט צו דער דיספּאָ־

זיציע אַ גאַנצן אַפּאַראַט פון מערדער און אויך אַ ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטיילונג.

די אַמאָליקע געטאָס זיינען אויפגעלייזט געוואָרן אין רעזולטאַט פון דער באַפרייאונגס־אידעע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט מיט זיך אויסגעדריקט די לאָזונג פון פרייהייט גלייכהייט און ברידערלעכקייט.

די געטאָס. וואָס דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער רעזשים האָט געשאַפן, האָבן פאַקטיש אין יאָר 1945 מער נישט עקזיסטירט, אַלע יידן זיינען כמעט אויסגעמאָרדעט געוואָרן. עס זיינען נאָר געבליבן קליינע רעשטלעך יידן אין די באַזונדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ביי שקלאַפישער אַרבעט.

מיטן פאַלן פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן רעזשים, דורך דעם זיגרייכן מאַרש פון די אַליאירטע אַרמייען, איז דער סיסטעם פון רויב, מאָרד און שקלאַפעריי אָפּגעשאַפט געוואָרן. די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זיינען אויפגעלייזט געוואָרן, אָבער ביים לעבן איז געבליבן אַ קליינע צאָל געראַטעוועטע יידן, וואָס דריקן אויס זייער שטרעבונג נישט צו זיין מער קיין אָביעקט פון עקספּערימענטן פון שוואַרצע, רעאַקציאָנערע כוחות אין דער געשיכטע.

# משומדים

דער היטלעריסטישער רעזשים האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן משומדים און יידן.

אין איינקלאַנג מיט די ראַסן און בלוט־טעאָריעס זיינען זיי צוגלייך פאַרפאָלגט געוואָרן. געצוואונגען געוואָרן צו טראָגן יידן־אָפּצייכענונגען, אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די דירות, איינגעשפּאַרט געוואָרן אין די געטאָס, געכאַפּט געוואָרן צו צוואַנגס־אַרבעט און צום סוף — אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט טראַנספּאָרטן צום פאַרגאַזן און פאַרברענען.

די משומדים האָבן זיך געפונען אין אַ ספּעציעל טראַגישער לאַגע. אין פּרינ־ציפּ האָבן זיי זיך נישט געוואָלט אנערקענען אַלס יידן, נישט געוואָלט רעדן קיין יידיש, און די אַרישע פריינט האָבן זיי פון זיך אָפּגעשטויסן.

יעדער משומד איז געווען ווי אַן אָפּגעזונדערטע, פאַרמאַכטע וועלט פאַר זיך. אָפּגענאַרט און אַנטוישט פון זיין נייעם גלויבן און שיקזאַל.

עדיט שטיין

געלעבט פאַר אַ פרעמדער וויסנשאַפט,

אומגעקומען צוליב יידישער אָפּשטאַמונג

ווי אַן עפּעלע, וואָס פאַלט אַראָפּ פוןביימעלע און קאָלערט זיך ווייט, ווייט אַוועק, פאַרגעסנדיק זיין אָפּשטאַם — קען פאַרגליכן ווערן די פילאָסאָפין עדיט שטיין.

זי איז געבוירן געוואָרן דעם 12 אָקטאָבער 1891 אין דייטשלאַנד, אין דער שטאָט ברעסלאַו אַלס טאָכטער פון יידישע עלטערן. נאָכן ענדיקן די פאָלקס־שולע און גימנאַזיע, שטודירט זי גערמאַניסטיק און שפּעטער גייט זי איבער אויף פי־לאָסאָפיע. נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט־שטודיום, ווערט זי אין פרייבורג די אַסיסטענטין פון וויסנשאַפטלעכן באַגרינדער פון פענאָמענאָלאָגיע, פּראָפעסאָר עדמונד הוסערל. עס ווערט באַהויפּטעט, אַז זי האָט אַ גרויסן אנטייל אין דעם ווערק.

עדיט שטיין פאַרטיפט זיך אין דער מיטלאַלטערלעכער טאָמיסטישער פילאָ־סאָפיע, דאָס הייסט אין דער פילאָסאָפיע פון טאָמאַס פון אַקווין, דעם וויסנשאַפט־לעכן באַגרינדער פון קריסטנטום. זי ווערט איינע פון די גרעסטע קענערס און אינ־טערפּרעטאַטאָרן פון דער טאָמיסטישער לערע, און האָט איבערזעצט 2 בענדער, צוזאַמענגעריק אירע פילאָסאָפישע קאָמענטאַרן. אירע ווערק רופן אַרויס אַ באַוווּנ־דערונג אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט און אין דער ערשטער ריי אין דער קאַ־טוילישער וועלט, וועלכע האָט אין אַ יידיש מיידל באַקומען אַ פילאָסאָפישן פילאַר און באַגרינדער פון קריסטנטום.

זי האָט נישט בלויז טעאָרעטיש שטודירט און באַגרינדעט דאָס קריסטנטום, נאָר האָט עס אויך אַליין אָנגעווענדעט אין דער פּראַקטיק. זי האָט אויך גענומען פּראַקטיש אויספירן פון איר נייעם גלויבן. אין יאָר 1922 שליסט זי זיך אויס פון די רייען פון יידישן פאָלק און טרעט אַריין אין דער קאַטוילישער קירך.

אין יאָר 1930 דערשיינען אירע 2 ביכער ווענן דער קריסטלעך־טאָמיסטישער פילאָסאָפיע, און אין 2 יאָר שפּעטער ווערט זי פאַרבעטן קיין מינסטער, ווו זי ווערט דאָצענטין אין „דייטשן אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפטלעכער פּעדאַגאָגיק".

3 יאַר שפּעטער, אין 1933, מאַכט זי אַ ווייטערדיקן שריט אין איר קריסטלעך־קאַטוילישן לעבנס־וועג, אַריינטרעטנדיק אין קעלנער קאַרמעליטן אָרדן.

עס איז מער ווי אומפאַרשטענדלעך, אַז אין 20־טן יאָרהונדערט האָט אַ יידי־שע פילאָסאָפין זיך באַהעפט מיט אַ פרעמדער וויסנשאַפט פון 13־טן יאָרהונדערט, (טאָמאַס פון אַקווין האָט געלעבט אין די יאָרן 1224—1274) ווערנדיק איר באַ־גרינדערין. שוין אין 14־טן יאָרהונדערט איז די טאָמיסטישע לערע באַקעמפט גע־וואָרן דורך דער אָקאַמיסטישער פילאָסאָפיע. (ווילהעלם פאָן אָקאַם, געבוירן אין ענגלאַנד, געשטאָרבן אין 1347) די שטרעבונג פון דער פילאָסאָפיע איז צו זוכן אַלץ נייע אידעען און שטרעמונגען, צו פאַרפולקאָמען די וויסנשאַפטן, און דולדעט נישט קיין גייסטיקע באַריערס פאַרן מענטשלעכן דענקען.

נישט געקוקט אויף די פילצאָליקע נייע פילאָסאָפישע שטרעמונגען, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק נאָך דער הויך סכאָלאַסטישער (טאָמיסטישער) איז דאָס יידישע מיידל, די פילאָסאָפין עדיט שטיין, געבליבן פאַרגליווערט אין די מיטלאַל־טערלעכע דאָגמעס און באַגריפן. מיטן קומען פון היטלעריזם צו דער מאַכט, דעם סימבאָל פון טיראַניע, פאַרפאָלגונגען און פאַרניכטונג פון מאַטעריעלע, פיזישע און גייסטיקע ווערטן, איז אויך דער קאַרמעליטן אָרדן פאַרפאָלגט געוואָרן.

עדיט שטיין הויבט אָן פילן, אַז אין איר געבורטס־לאַנד, ווו זי האָט באַלערנט די קריסטלעך־קאַטוילישע דאָגמעס פון ליבע, האָפענונג און גלויבן, ברענט דער באָדן אונטער די פיס און עס איז פאַר איר נישטאָ מער קיין פּלאַץ.

עס איז מער ווי טראַגיש, אָבער אַ פאַקט, אַז ווען די נאַציס האָבן זיך גע־פרייט און געוויילט, און באַשטימט אויך עדיט שטיינס שילערינס און שילער, איז

זי אַליין אין דער סילוועסטער־נאַכט 1938, אַנגעטאָן אין איר קאַרמעליטן־קליידונג, מיט אַ קליינעם באַגאַזש אַוועק קיין האָלאַנד.

אין האָלאַנד איז עדיט שטיין אויפגענומען געוואָרן דורכן קאַרמעליטן־אָרדן, וווּ זי האָט ווייטער פאָרגעזעצט איר וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט.

זי האָט אָנגעשריבן אַ פילאָסאָפיש ווערק וועגן „אייביקן און ענדלעכן זיין", פאַרבינדנדיק די פּראָבלעמען מיט דער מאָדערנער פילאָסאָפיע פון דעסקאַר־טעס ביז היידעגער.

איר אַנטלויפן פון דייטשלאַנד קיין האָלאַנד איז געווען אומזיסט, ווייל די נאַצי־מאַכט האָט אויך דאָס דאָזיקע לאַנד אָקופּירט, פאַרשפּרייטנדיק אירע פאַרברעכע־רישע געזעצן אומעטום, ווי זי האָט זיך באַוויזן, און קודם כל — פאַרניכטעט די יידן.

די דייטשע פּאָליציי (געסטאַפּאָ) איז געקומען אויף די שפּורן, אַז עדיט שטיין שטאַמט פון יידן, און שוין דערמיט זי באַטראַכט אַלס יידישקע, הגם זי האָט שוין לאַנג נישט געהאַט קיין שיכות מיטן יידישן פאָלק.

אין יאָר 1942 איז די געסטאַפּאָ געקומען אין קאַרמעליטן־אָרדן און געצוווּנגען עדיט שטיין אויסצוטאָן די קאַרמעליטן־קליידונג.

די פילאָסאָפין, עדיט שטיין, איז אין ציווילער קליידונג מיט אַן אָרעמען רוקזאַק אויף די פּלייצעס אַרויסגעפירט געוואָרן, דורך דער געסטאַפּאָ, פון הויז פונם קאַר־מעליטן־אָרדן צום לעצטן און טראַגישן מאַרש, פון וועלכן זי איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

עדיט שטיין האָט געלעבט פאַר אַ פרעמדער וויסנשאַפט, און אומגעקומען צו־ליב יידישער אָפּשטאַמונג.

# קישיניעוו

פּאַראַלעל מיט די טראַגעדיע-געשעענישן פון פאַרניכטן דאָס יידנטום אין אייראָפּע דורך דעם באַרבאַרישן און וואַנדאַלישן נאַציזם, איז אויך קישיניעוו געפאַלן אַלס קרבן. די שטאָט קישיניעוו האָט הינטער זיך אַ געשיכטע פון יידן-פאַרפאָלגונגען. די פאַרפאָלגונגען האָבן אויך אַ פּאָליטישע אונטערלאַגע.

אין ענדע פון 19-טן יאָרהונדערט זיינען אַנטשטאַנען אָרגאַניזירטע פּאָליטישע, אומלעגאַלע באַוועגונגען, וועלכע האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן אַבסאָלוטיזם און מאָנאַרכיזם, וואָס האָט געהערשט אין אַמאָליקן רוסלאַנד. אין די אַלע פרייהייטס-באַוועגונגען האָבן זיך באַטייליקט און אויך געווען די וואָרט-פירער -- יידן. די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך נישט באַגרענעצט מיט פּראָגראַמאַטישער אויפקלערונגס-אַרבעט. נאָר אויך אויסגעפירט טעראָר-אַקטן. אין יאָר 1902 איז אויסגעפירט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויפן אינערן-מיניסטער פון צאַרישן רוסלאַנד — סיפּיאַנין. אין זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אַ 1.-מאַי-דעמאָנסטראַציע פון יידישע אַרבעטער אין ווילנע. דער צאַרישער גובערנאַטאָר פון ווילנע האָט באַשטראָפט אַ גרופּע דעמאָנסטראַנטן מיט שמייסן. דער יונגער ווילנער יידישער העלד, הירש לעקערט, האָט נישט געקענט נלייכנילטיק צוזען די דערנידערונג פון זיינע חברים, און אַלס פּראָטעסט קעגן דער צאַרישער מאַכט, האָט ער געשאָסן אויפן גובערנאַטאָר פאָן וואַל. ביי די דאָזיקע באַדינגונגען איז דורך דעם צאַר באַשטימט געוואָרן אַלס אינערן-מיניסטער, דער רעאַקציאָנער און מאָנאַרכיסט, פּלעווע. דער אינערן-מיניסטער פּלעווע, וועלנדיק פאַרניכטן די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, האָט אונטערשטיצט דעם אַנטיסעמיטיזם. אין יענער צייט איז דערשינען אַן אַנטיסעמיטישע צייטונג „נאָוואָיע וורעמיאַ". דער פינאַנץ-באַאַמטער קרושעוואַן האָט רעדאַגירט זייט דעם יאָר 1897 אַן אַנטיסעמיטישע צייטונג „בעסאַראַבעץ", דער צענזאָר איז געווען דער וויצע-גובערנאַטאָר מיטן נאָמען אוסטרוגאָוו. ער אַליין האָט אויך געשריבן אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען און דערמיט אונטערשטיצט די אַנטיסעמיטישע טעטיקייט פון קרושעוואַן. קרושעוואַן האָט אומגעשטערט גערופן צו פּאָגראָמען און מאָרד-טאַטן, פאַרשפּרייטנדיק רכילות און בלוט-בילבולים. דער צופאַל האָט געוואָלט,

אַז אין דער שטאָט דובאָסאַרי איז פאַרלוירן געוואָרן אַן אַריש ייִנגל, וואָס איז דער־מאָרדעט געוואָרן דורך זיינע קרובים צוליב אַ ירושה־קאָנפליקט. קרושעוואַן האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, און געהעצט די אַרישע באַפעלקערונג צו פּאָגראָמירן די ייִדן, ווייל זיי האָבן דערמאָרדעט דאָס ייִנגל צו פאַרווענדן זיין בלוט אויף מצות. דעם לעצטן טאָג פּסח, זונטיק דעם 6־טן אַפּריל 1903 איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין דער שטאָט קישיניעוו. דער אויפגעהעצטער המון האָט זיך געוואָרפן צו פּלינדערן די ייִדישע געשעפטן און הייזער, דערביי געשלאָגן און געמאָרדעט ייִדן. אויף די אינטערווענצן פון די פאָרשטייער פון דער ייִדישער קהילה ביים גובערנאַטאָר, האָט ער געענטפערט, אַז ער דערוואַרט אַ טעלעפאָן פון אינערן־מיניסטער.

צוויי טעג, דעם 6־טן און 7־טן אַפּריל 1903, האָט געדויערט דער פּאָגראָם. דער רעזולטאַט פון פּאָגראָם איז געווען: 45 טויטע, 89 שווער און 500 לייכט־פאַרווּנ־דעטע, ווי אויך ביי 1500 צעראַבעוועטע געשעפטן און וווינונגען. נאָך צוויי טעג פּאָ־גראָמירן איז געקומען אַ „פּריקאַז" פון פּלעווע, איינצושטעלן די פּאָגראָמען מיט דער הילף פון מיליטער. דער פאַל האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אויפברויז אין דער וועלט קעגן דער ווילקירלעכער צאַרישער מאַכט און קעגן דעם אינערן־מיניסטער פּלעווע. אַלע ציימונגען אין דער וועלט האָבן געשריבן מיט פאַרביטערונג וועגן פּאָ־גראָם. די ייִדישע דיכטער ביאַליק און פרוג האָבן באַשריבן דעם פּאָגראָם אין פּאָ־עמען. אין 30 שטאָטן פון אַמעריקע זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן 12 טויזנט אונ־טערשריפטן פון פּאַרלאַמענטאַריער, גייסטלעכע און אַנדערע גרויסע פּערזענלעכ־קייטן, וואָס האָבן ווי אַמשאַרפסטן פּראָטעסטירט קעגן פּאָגראָם.

דאָס ייִדישע געוויסן האָט נישט געקענט רוען און איז געקומען צום אויסדרוק דורך פּנחס דאַשעווסקי. ער האָט שטודירט אין קיעווער פּאָליטעכניקום און גע־הערט צו דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פראַקציע. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער הויפּט־שולדיקער פון פּאָגראָם, קרושעוואַן, דער וואָס האָט געהעצט דעם המון צום פּאָגראָם, געפינט זיך אין פּעטערסבורג, אין דער רעדאַקציע פון דער אַנטיסע־מיטישער צייטונג „זנאַמיאַ".

דעם 17־טן יוני 1903 איז פּנחס דאַשעווסקי אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערסבורג און אוסגעפירט אַן אַטענטאַט אויף קרושעוואַנען, פאַרוווּנדעטדיק אים אין האַלדז. ער איז דערפאַר פאַרמשפּט געוואָרן צו 5 יאָר צוואַנגס־אַרבעט.

קישיניעוו, די הויפּט־שטאָט פון בעסאַראַביע, האָט דאַן געציילט 60 טויזנט קריסטן און 50 טויזנט ייִדן.

דער פּאָגראָם פון יאָר 1903 האָט אויפגערודערט די וועלט און איז פאַראיי־ביקט געוואָרן אין דער ייִדיש־העברעאישער ליטעראַטור און פּאָעזיע.

די שרעקלעכע טראַגעדיע פון די קישיניעווער ייִדן אין דער נאַצי־הערשאַפט, וואָס איז געווען אַ פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון גאַנצן דאָרטיקן ייִדישן ישוב איז געבליבן אָן אַן עכאָ. עס זיינען אויך ווייניק עדות געבליבן, פון דעם בלוט־באָד, וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגעשפּילט.






דאָס בילד לינקס אויבן — דער קישיניעווער רב אָנגעטאָן אין קיטל אונטער דער קאַפּאָטע. ער האָט ווייזט אויס געהאַט אַ שלעכט פאָרגעפיל. די נאַציס האָבן פון אים אַראָפּגעוואָרפן דעם הוט.

די קישיניעווער יידן זיינען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אויף גרופּעס, פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער. מען האָט זיי דערקלערט, אַז מען פירט זיי צום אַרבעטס־פּלאַץ צום רעגיסטרירן.

די יידן זיינען גרופּנווייז אַוועקגעפירט געוואָרן אין א וואַלד און דאָרט דערשאָסן געוואָרן. אַפּריל 1943 — דאָס איז די טראַגישע דאַטע פון ליקווידירן דאָס יידנטום אין קישיניעוו.

די רוסישע אָפּענסיווע האָט צוריקגעשטויסן די נאַציסטישע פאַרברעכער פון אַלע פראָנטן און ווען די סאָוויעטישע אַרמיי האָט געפירט דערפאָלגרייכע שלאַכטן ביים שוואַרצן ים, האָבן די נאַציס אומגעבראַכט די יידן.

די דאַטע אַפּריל 1943 שליסט דאָס טראַגישע קאַפּיטל געשיכטע פון יידנטום פון דער בעסאַראַבישער הויפּט־שטאָט.

# דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער רעזשים

יעדע פּאָליטישע מאַכט מוז זיך שטיצן אויף צוויי קאָנסעקווענטע גרונט־יסודות: אויף אַ ווירטשאַפטלעכן און סאָציאַלן. ווען נישט, מוז זי פריער אָדער שפּעטער פאַלן אין רעזולטאַט פון איגערלעכע און אויסערלעכע שוועריקייטן, אָדער אונטערן דרוק פון די קעגנזעצלעך געזעלשאַפטלעך־ווירקנדע כוחות, געשטירצט און צוזאַמענגעבראָכן ווערן. דער ווירטשאַפטלעכער סיסטעם איז אָפּהענגיק פון געגעבענעם לאַנד, וואָס קומט צום אויסדרוק דורך זיין סטרוקטור. עס זיינען פאַראַן אינדוסטריעלע, אַגראַרע און האַלב־איגרוסטריעלע און האַלב אַגראַרע לענדער.

יעדעס אינדוסטריע־לאַנד מוז זיין אייגגעשטעלט אויף עקספּאָרט פון אינדוסטריע־אַרטיקלען און אויף אימפּאָרט פון אַגראַרע פּראָדוקטן, דערביי מוז דער האַנדלס־בילאַנס האָבן אַ גלייכגעוויכט, וואָס זאָל נישט דערפירן דאָס לאַנד צו פינאַנציעלע קריזיסן.

יעדעס אַגראַר־לאַנד מוז אימפּאָרטירן אינרוסטריעלע אַרטיקלען און עקספּאָרטירן זייגע אַגראַרע.

דער סאָציאַלער גרונט־יסוד פון יעדער פּאָליטישער מאַכט דריקט זיך אויס אין רעגולירן די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען פון געגעבענעם פאָלק איגם לאַנד און צו דער אויסערלעכער וועלט, וואָס ווערט געמאַכט דורך דער געזעצגעבונג, רעליגיע, באַציאונגען צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, ווי אויך דורך אַ קאָנקרעטן פילאָסאָפישן וועלט־סיסטעם. די אידעאַלסטע געזעצגעבונג פון אַ לאַנד איז די, וועלכע אַנטשפּרעכט די באַדינגונגען פון דער צייט און שאַפט אַן אומשטרייטבאַרע האַרמאָניע צווישן די ווירקנדע געזעלשאַפטלעכע כוחות איגם לאַנד און רעגולירט די באַציאונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט.

די אויפגאַבע פון דער רעליגיע איז צו רעגולירן דאָס עטישע און מאָראַלישע לעבן, פאַרהיטן פאַר פאַרברעכן און מאָרד, באַקענענדיק דאָס פאָלק מיט די עטישע לערן פון די טעאָלאָגישע אויטאָריטעטן.

אַזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירט דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונגס־סיסטעם און

פריוואַט־קאַפּיטאַל, מאָר נישט פאַרטושט ווערן די פראַגע פון דער עקזיסטענץ פון קלאַסן און זייער ווידערשפּרוכן. די ענינים דאַרפן רעדלייִדיקט ווערן אויף אַ ווירדיקן אופן.

די פילאָסאָפיע מיט אַלע אירע הילפס־וויסנשאַפטן דאַרפן שאַפן די גרונט־פּרינציפּן צו אַן אירעאַלן לעבנס־סיסטעם נישט נאָר פאַר דעם געגעבענעם פאָלק און לאַנד, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און פאַר דער גאַנצער וועלט, ווייל די פילאָסאָפיע אַלס קעניגין פון אַלע וויסנשאַפטן מוז זיין אינטערנאַציאָנאַל.

דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, אַלס פּאָליטישע מאַכט, איז געווען אַ „קרומער שפּיגל" פון אַלע גרונט־פּרינציפּן, וואָס אַנטשפּרעכן אַ מלוכה־סיסטעם.

דייטשלאַנד, אַלס אינדוסטריע־לאַנד, איז אָנגעוויזן אויפן אימפּאָרט פון אַגראַר־פּראָדוקטן פון די אַרומיקע שכנותדיקע לענדער און אויפן עקספּאָרט פון אינדוס־טריע־פאַבריקאַטן. די גאַנצע אינדוסטריע איז ביים היטלער־רעזשים איבערגעשטעלט געוואָרן אויף קריגס־רעלסן, און צוליב דעם נישט געהאַט מיט וואָס צו דעקן פאַר אימפּאָרטירטע פּראָדוקטן. די רעגירונגען, וואָס האָבן עקספּאָרטירט קיין דייטש־לאַנד, נישט באַקומענדיק קיין דעקונג, האָבן איבערגעריסן די ווייטערדיקע ליפע־רונגען, ווייל דאָס האָט געדראָט מיט באַנקראָט פאַר די עקספּאָרט פירמעס אין די באַטרעפנדע לענדער. דער נאַצי־רעזשים האָט זיך צוליב דעם ווירטשאַפטלעך איזאָלירט פון אַלע שכנותדיקע לענדער, איינפירנדיק דעם סיסטעם פון אויטאַרקיע, ד. ה. זעלבסטאויסקום אָן אימפּאָרט. דער ווירטשאַפטס־סיסטעם איז געווען אַ זעלבסטמאָרד־פּאָליטיק, וואָס האָט פריער אָדער שפּעטער געמוזט פירן צו אַ באַ־וואָפנטן קריג צוליב צוויי מעמים: 1) דאָס פּראָדוצירן אַמוניציע אין ריזיקע סכומים און אויסהאַלטן אַ קאָלאָסאַלע אַרמיי און 2) דאָס פעלן פון אַגראַר־פּראָדוקטן.

דער נאַצי־רעזשים האָט זיך נישט נאָר ווירטשאַפטלעך איזאָלירט פון די אַ־רומיקע לענדער, נאָר אויך פּאָליטיש, דורך אַרויסטרעטן פון דער פעלקער־ליגע. די צוויי פאַקטן האָבן געגנוי באַדייט, אַז נאַצי־דייטשלאַנד שטעלט זיך אויסער די רייען פון פרידן־שטרעבנדע פעלקער. אין דער זעלבער צייט, ווען אין די אייראָפּע־אישע לענדער איז געווען אַן איבערפלוס פון אַגראַר־פּראָדוקטן צו שפּאָט ביליקע פּרייזן, פירט איין דער נאַצי־רעזשים אַ ראַציאָנירונג פון לעבנסמיטלען, דורך איינ־פירן דעם סיסטעם פון לעבנסמיטל־קאַרטן, צוליב זיין אייגענער זעלבסטמערדערי־שער ווירטשאַפטלעכער אויטאַרקיע־פּאָליטיק.

דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער רעזשים האָט געוואָלט אָפּשאַפן די קלאַסן־דיפערענציאַציע דורך צוטרייבן אין ערשטע רייע דאָס יידישע פאַרמעגן, און שפּעטער פון די סלאַווישע פעלקער, איינפירנדיק די ראַסן־טעאָריע און באַגריף „ייד".

די ראַסן־טעאָריע אַלס וויסנשאַפט באַשעפטיקט זיך אויסשליסלעך מיט די אייגנאַרטיקייטן פון בוי פון מענטשן, חיות און פלאַנצן.

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע ראַסן־טעאָריע, האָט געבוירן אַ בלוט־טעאָריע, וואָס איז אין ווידערשפּרוך פון יעטוועדער לאָגיק, ווייל די פּרובטן פון בלוט־מישונגען

זיינען געזונטע קינדער און די פּרוכטן פון בלוט־קרובהשאַפט זיינען אין יעדער הינ־זיכט שוואַך אַנטוויקלטע קינדער.

דער נאַצי־רעזשים האָט געצילט מיט זיין ראַסן און בלוט טעאָריע, אין דער ערשטער ריי, צו דיסקרעדיטירן דאָס יידישע פאָלק אין די אויגן פון זיינע פריינד און דערמיט געבן אַן אַטוט פון רויבן און מאָרדן.

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע ראַסן־טעאָריע קען געגליכן ווערן צו אַ רולעטקע־שפּיל. דער האַזאַרד פון רולעטקע־שפּיל דערפירט דעם מענטשן צו מאַטעריעלן באַנקראָט און דער אומזין פון דער נאַצישער ראַסן־טעאָריע — צו גייסטיקן באַנקראָט.

די נאַצישע ראַסן־טעאָריע איז אַ פאַרלעצונג פון יעטווערן פילאָסאָפישן באַגריף. די סאָציאַל־פילאָסאָפיע באַלערנט אונדז, אַז יעדער מענטש איז גלייך געבוירן און האָט גלייכע רעכט. די סאָציאַלע און עטישע געזעצן זיינען אַ פּראָדוקט פון מענטש־לעכן גייסט און פאַרפליכטן פאַר אַלע מענטשן גלייך.

דער באַגריף „ייד" איז פאָרמולירט אין „רייכסבירגערגעזעץ" פון 15 סעפּ־טעמבער 1935, און דער ערשטער הויפּט־פּונקט לויטעט, אַז אַ ייד איז דער, וועל־כער שטאַמט מיגרעסטנס פון דריי דורות יידן. וויטער גייט אַוועק אַ סדרה דער־קלערונגען וועגן מישלינגען, האַלב־יידן און פערטל־יידן.

דער נאַצי שטאַטס־סעקרעטאַר דר. ווילהעלם שטוקאַרט און אָבערגירונגס־ראַט דר. האַנס גלאָקע, ביידע געווען באַשעפטיקט אין רייכס און אין פּרייסישן אינערן־מיניסטעריום, האָבן געטאָן דער וועלט אַ בערישע טובה און די געזעצן באַ־אַרבעט אין בוך־פאָרם, צוגעבנדיק דערצו קאָמענטאַרן, ארויסגעגעבן אין יאָר 1936. דאָס בוך הייסט „קאָמענטאַרן צו דייטשער ראַסן־געזעצגעבונג" און אַנטהאַלט 299 זייטן. מען קען שטוינען און באַוואונדערן, מיט וואָס די נאַצי־יוריסטן האָבן זיך באַ־שעפטיקט, און נישט ווילנדיק קומען אויפן געדאַנק די ווערטער פון עסטרייכישן סאָציאַליסטישן טעאָרעטיקער אָטטאָ באַוער, וועלכער האָט דערקלערט אויף איינער פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן: שאַפן טעאָריעם האָט דאָס רעכט יעדער איינער, עס קען קיינעם קיין שאָדן ברענגען דאָס אַרומגיין מיט אַ פיקס־אידעע, וועל־כער אָבער אָנווענדן אַ פאַלשע טעאָריע אין דער פּראַקטיק און דערצו נאָך זי באַגרינדן, דאָס איז אַ פאַרברעכן. די קלאָרע און דייטלעכע דערקלערונג פון אָטטאָ באַוער איז פולשטענדיק אָנווענדבאַר בנוגע צו די נאַצי יוריסטן. פאַר דער פילאָסאָפיע, אַלס אוניווערסאַלע וויסנשאַפט, איז פרעמד דער באַגריף ייד, דייטש, עסטרייכער אָדער אַנדערע נאַציאָנאַליטעט. די פילאָסאָפיע באַטראַכט דעם באַגריף מענטש. דער גריכישער פילאָסאָף אַריסטאָטעלעס, געב. אין יאָר 384 פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, געלעבט ביז 322, באַגרינדעט, „דער מענטש איז אַ געזעלשאַפטלעכע „חיה" עס איז קלאָר פון דער באַגרינדונג, אַז אַ חיה האָט אין זינען נאָר זיך, דאַ־קעגן אַ מענטש דאַרף זאָרגן נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר דער גאַנצער גע־זעלשאַפט. אין איינקלאַנג מיט דער באַגרינדונג דאַרף מען פאַרשטיין, אַז אַ דיפּ־

לאָמאַט, אַ מלוכה־מאַן, דאַרף זאָרגן פֿאַר דער געזעלשאַפֿט פֿון פֿעלקער. מיטן אָפּזונדערן זיך פֿון דער אומגעבונג און מיטן וועלן פֿאַרשאַפֿן נאָר פֿאַר זיך אינדיווידועל מאַטעריעלע פֿאַרמעגנס, הערן אויף די מענטשן צו זיין געזעלשאַפֿטלעכע חיות, און ווערן פֿאַרוואַנדלט אין איינפֿאַכע חיות.

אַט די נאַצי־אינדיווידואומס האָבן געמאַכט דעם רויב־צוג אויף איראָפּע און ווי ווילדע חיות געוואָרפֿן זיך אויף די פֿעלקער צו רויבן און מאָרדן. עס איז נישט געווען קיין לאַנד און נישט קיין שטאָט וווּ די נאַצי־מאַכט זאָל באַטרעטן און נישט איינאָרדענען ווי אויף פֿאַרווייל[ו]נג, אַ בלוט־באָד איבער דער ציווילער באַפֿעלקערונג. די ס.־ס.־טרופּן האָבן נישט גלייך דערשאָסן די קרבנות, זיי האָבן דערפֿון צוערשט געמאַכט אַ שפּיל, אָנגעווענדעט אַלע ספּעציעלע אויסגעלערנטע סאַדיסטישע שטיק, געפּייניקט די קרבנות ביז האַלב טויט און שפּעטער אַלס „טובה" דערשאָסן. פֿאַר אַן ערנסט און לאָגיש דענקענדן מענטש האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע, איז דען מעגלעך אויסצופֿירן אַזעלכע באַרבאַריען, אפֿשר זיינען די מערדער בכלל קיין מענטשן ניט. באַזיצן ניט קיין געפֿילן, קיין סענטימענטן. אפֿשר זיינען דאָס טייוולאָנים אין געשטאַלט פֿון מענטשן, פֿירן אויס אַ טייוולאָנישע ראָלע?

אין דער פֿילאָסאָפֿיע ווערט געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן מענטש און פּערזאָן. „פּערזאָן", דאָס איז די מאַסקע פֿון שוישפּילער. אַ שוישפּילער פּערסאָניפֿיצירט זיך דורך אַ מאַסקע, ער קען שפּילן די ראָלע פֿון אַ מלאך און קען שפּילן די ראָלע פֿון טייוול.

וועגן דער נאַצי־מאַכט קען מען דעריבער נישט רעדן ווי וועגן מענטשן, נאָר וועגן פּערזאָנען, וואָס האָבן אויסגעפֿירט טייוולאָנישע ראָלעס.



דער קעניג קסענאָפֿאָן פֿון אַגעסילאַאָס האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל צו זיינע זעלנער, נישט צו באַטראַכטן די געפֿאַנגענע פֿאַר פֿאַרברעכער און ניט נקמה געמען אין זיי, נאָר פֿאַרקערט באַהאַנדלען זיי ווי מענטשן און באַשיצן.

אין פֿערטן יאָרהונדערט פֿאַר דער קריסטלעכער ערע האָט קיראָס דערקלערט צו זיינע זעלנער: ס'איז אַן אייביק געזעץ ביי די מענטשן, אַז אין אַ דעראָבערט לאַנד געהערט דאָס פֿאַרמעגן פֿון דער באַפֿעלקערונג צו די דעראָבערער. עס איז קיין אומרעכט ווען איר וועט עפּעס נעמען, אָבער מחמת מענטשן־ליבע, זאָלט איר נישט נעמען.

מיט 2600 יאָר שפּעטער, ווען די וויסנשאַפֿט און טעכניק האָט געמאַכט גיגאַנטישע פֿאָרשריטן איז די עטיק און מאָראַל ביים נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן רעזשים טיף, טיף אַרונטערגעזונקען. די קריגס־געפֿאַנגענע זיינען נישט באַטראַכט געוואָרן פֿאַר מענטשן, זיי זיינען באַרבאַריש באַהאַנדלט געוואָרן, געצוווּנגען געוואָרן צו שווערער אַרבעט, נישט באַקומען קיין עסן. זייער אַפֿט אָן שום סיבה דערשאָסן און פֿאַרברענט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס.

דער פילאָסאָף פּאַנעטיאָס, געב. אין יאָר 180 פאַר דער קריסטלעכער ערע אין ראָדאָס, האָט רעפּינירט, אַז „אַ מענטש איז עפּעס בעסער פון אַ היה".

די נאַציס אַלס אָקופּאַנטן זייַנען זיך גרויזאַמער באַגאַנגען, אין די אָקופּירטע לענדער, ווי חיות.

אַ ווילדע היה, ווען זי שטילט איר הונגער, ווערט זי אומשעדלעך פאַר דער אומגעבונג. די נאַציס דאַקעגן האָבן נאָכן באַרויבן די קרבנות זיי דערמאָרדעט. די באַנעמונג פון ווילדע חיות שטייט פיל העכער פון דער באַנעמונג פון די נאַציס אַלס אָקופּאַנטן.

דאָס אייַנפירן פון אומבאַלוינטער צוואַנגס־אַרבעט איז אין ווידערשפּרוך מיט יעדער לאָגיק און עטיק. מען געפינט אין תנ"ך דעם געדאַנק „דו זאָלסט נישט איבערנעכטיקן מיטן געהאַלט פון דייַן אַרבעטער". דאָס איז קלאָר און פאַרשטענדלעך. אַן אַרבעטער איז אָנגעוויזן צו לעבן פון זייַן אַרבעטס־קראַפט. נאָכן אָוועקגעבן זייַן אַרבעטס־ענערגיע דאַרף גלייַך רעאַליזירט ווערן דער גלייַכגעוויכט, דאָס הייסט צו קענען צוריק אַקומולירן זייַן אַרבעטסקראַפט.

די נאַציס האָבן אייַנגעפירט פולשטענדיק אומבאַלוינטע אַרבעט, דורך צוואַנג אויסצופירן לייסטונגען איבער די פיזישע מעגלעכקייטן, דערצו מערדערלעך געשלאָגן. די אַרבעטער, אין רעזולטאַט פון די פיזישע פּיין און אָן דערנערונג, זייַנען בייַ דער אַרבעט געפאַלן טויט. די האַנדלונג שטייגט פיל איבער די באַגריפן פון פאַרברעכן און מאָרד. דער לעקסיקאָן האָט ניט קיין אויסדרוק צו באַצייכענען די האַנדלונג. מיר געפינען דעם געדאַנק אין תלמוד „ווען דייַן פייַנט וועט פאַלן זאָלסטו זיך ניט פרייען". דער געדאַנק דאַרף פאַרשטאַנען ווערן: אויב דו ביסט הייַנט דער זיגער, זאָלסטו נישט טיראַניזירן דעם באַזיגטן, ווייל עס קען קומען אַ מאָמענט, ווען דו וועסט באַזיגט ווערן און דו וועסט זייַן אין דער זעלבער לאַגע, און יענער זאָל זיך נישט רעוואַנזשירן מיט דייַנע מעטאָדן.

בנוגע דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן רעזשים דאַרף דער געדאַנק נישט אָנגעווענדעט ווערן, להיפּך, מען דאַרף זיך פרייען, ווייל ער האָט באַדראָט די גאַנצע מענטשהייט, געווען דער אויסדרוק פון מאָרד, שקלאַפעריי, פאַרניכטונג פון אַלע גייסטיקע ווערטן און עטישע סענטענצן.

עס איז שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן דורך די גייסטלעכע דער גרונט־געדאַנק פון מאַטעאוּש (22.21) „גיב דעם קייסער דאָס קייסערלעכע און גאָט דאָס געטלעכע". זיי, די גייסטלעכע פון אַלע רעליגיעס, אַפילו אין די אָקופּירטע לענדער, האָבן אויף דעם גרונט געפּרעדיקט פולשטענדיקע געהאָרכזאַמקייט פאַר יעדער מאַכט. ס'איז נישט ריכטיק. די פליכט פון די בירגער בנוגע דעם הערשער איז צו טראָגן געוויסע לאַסטן, וואָס דריקן זיך אויס אין צאָלן שטייערן און דינען אין מיליטער. דער הערשער, דאַקעגן, איז פאַרפליכטעט צו באַשיצן דעם בירגער, געבן אים די מעגלעכקייטן פון פירן אַ רואיק, זיכער און זיטלעך לעבן. קענען אַרבעטן און שאַפן, נישט נאָר פאַר זייַן פאָלק און לאַנד, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און

פאַר דער גאַנצער וועלט. מיט דעם מאָמענט, וואָס דער הערשער דערפילט נישט די באַדינגונגען, ער ווערט אַ טיראַן, דאַן פאַרפליכטעט נישט קיין געהאָרכזאַמקייט, להיפוך לויט יאָהאַנעס אַלטרוסיוס, דעם רעכטסדענקער אין דער צייט פון דער רע־פאָרמאַציע אין 16־טן יאָרהונדערט, דאַרף אַזאַ מאַכט געשטירצט ווערן.

אויב אַ פאָטער זאָל באַלערגען זיין זון צו באַגיין אַן אומעטישע טאַט, צום ביישפּיל אויספירן אַ גנבה אָדער אַ רויב־אָנפאַל, מוז נישט דער זון אויספירן דעם פאַרלאַנג פון זיין טאַטן, אומגעקערט, דער פאָטער איז שולדיק און וועלן אויסאיבן זיין אייגנפלוס אויף דעם זון און דאַרף דורך דער געזעלשאַפט, און דורך דער יוסטיץ פאַראורטיילט ווערן. אויב אַ פערד וואָלט געוווּסט, אַז עס איז שטאַרקער פון דעם רייטער, וואָלט דאָס פערד נישט דערלויבט דעם רייטער אויף זיך צו רייטן און דער־לויבן מיט זיך צו קירעווען, אומגעקערט עס וואָלט דעם רייטער פון רוקן אַראָפּ־געשליידערט. דאָס פערד, מיט זיין זוי־אָרגאַן, זעט אָבער אַלעס אין אַ זעקספאַכיקער פאַרגרעסערונג, און עס גלויבט, אַז דער רייטער איז מעכטיק און שטאַרק. דערצו איז דאָס פערד נאַריש. דעריבער לאָזט עס אומגעשטערט הערשן איבער זיך.

אַ פאָלק, וואָס האָט אַ טיראַנישן הערשער, איז זיין פליכט דעם טיראַן אַראָפּ־צושליידערן פון דעם פאָלקס רוקן, אין אויב עס טוט דאָס נישט, מיט דער באַ־גרינדונג, אַז דער הערשער איז מעכטיק און שטאַרק, איז עס נאַריש ווי דאָס פערד.

דער פראַנצויזישער קאָנווענט האָט געגעבן דעם היסטאָרישן ביישפּיל. ער האָט געוואָלט אַ סוף מאַכן מיט דער הערשאַפט פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע. האָט ער דעם רעכטמעסיקן קעניג, לודוויג דעם 16־טן, פאַראורטיילט צום טויט דעם 17 יאַנואר 1793. דעם 21 יאַנואר 1793, 10 אַזייגער פאַרמיטאָק, ווען לודוויג דער 16־טער האָט איבערגעטראָטן דעם עשאַפאָט און איז געבונדן געוואָרן צום גיליאָטי־נירן, איז זיין לעצטער ווונטש געווען, אַז מיט זיין בלוט זאָל דאָס גליק פון פראַנ־צויזישן פאָלק געשטאַרקט ווערן.

צו קען מען מאַכן אַ פאַרגלייך פון לודוויק דעם 16־טן מיטן ברוטאַלן מער־דער אַדאָלף היטלער? ווען היטלער האָט געגוי געוווּסט, אַז דער קריג איז 100% פאַרשפּילט האָט ער כסדר געשיקט גייע דיוויזיעס אויף די פראָנטן צו אַ זיכערן טויט, אין בעסטן פאַל צו ווערן אינוואַליד אָדער אין געפאַנגענשאַפט אַריינצופאַלן. ווען די אַליאירטע אַרמייען זיינען אַריינגעדרונגען פון אַלע זייטן אויף דער דייטשער טעריטאָריע איז היטלער באַפעל געווען, פאַרניכטן די שטעט און פאַרגאַזן די באַ־פעלקערונג, און דאָס פאָלק האָט אַלץ געשוויגן און אַלץ געדולדעט.

אויפן ערשטן קולטור־צוזאַמענפאָר גאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט, פאָרגע־קומען אין לייפּציג, אָרגאַניזירט דורך דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, האָט אַ רעד־נער דערקלערט; ווען דאָס דייטשע פאָלק וואָלט אַרויס אין אַקטיוון קאַמף קעגן דעם נאַצי־רעזשים, וואָלטן געווען אַ פּאָר צענדליק טויזנט קרבנות, און דאָס אומגליק פון פאַרניכטן אייראָפּע און מיליאָנען טויטע וואָלט אויסגעמיטן געוואָרן, אָבער קיינער פון די דייטשן האָט נישט געוואָלט ריזיקירן מיט פאַרלירן די פרייהייט, דורך איינ־

געשפּאַרט ווערן אין קאָנצענטראַציע לאַגער, אָדער צו פאַרלירן דאָס לעבן. דערפאַר איז די אַלגעמיינע קאַטאַסטראָפע געקומען פאַר דעם פּרייז פון אַ צעשמעטערטער אייראָפּע, אַ געשטערט דייטשלאַנד, מיליאָנען הרוגים, אינוואַלידן, אלמנות און יתומים.

דער פראַנצויזישער פילאָזאָף פון 18-טן י"ה, זשאַן זשאַק רוסאָ, 1712—1778, שטעלט פעסט, אַז די הערשאַפט פון אַ מאַכט איז אַ רעזולטאַט פון אַ געזעלשאַפטלעכן אָפּמאַך, און אַזוי הייסט זיין ווערק „דער געזעלשאַפטלעכער אָפּמאַך”. אויב די מאַכט אַנטשפּרעכט נישט דעם פאָלק, איז אַזוי ווי עס ווערן אויפגעלייזט איינפאַכע אָפּמאַכן, קען אויך דער געזעלשאַפטלעכער אָפּמאַך אויפגעלייזט ווערן.

אין דער געשיכטע זיינען דאָ פיל ביישפּילן אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק דער געזעלשאַפטלעכער ווילן סיי פון פאָלק, סיי פון הערשער.

אין יאָר 1215 האָט דאָס ענגלישע פאָלק פאַרלאַנגט אַ גאַנצע ריי ענדערונגען אין געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. דער דעמאָלטדיקער הערשער אין ענגלאַנד, דער פראַנצויז יאָהאַן אָן ערד, האָט איינגעזען, אַז דאָס פאָלק איז שטאַרקער פון אים און האָט אויסגעפירט דעם ווילן פון פאָלק. אין רעזולטאַט דערפון איז אַנטשטאַנען די „מאַגנאַ-כאַרטאַ”, די גרויסע באַפרייאונגס-קאַרטע, וואָס איז געווען דער גרונטשטיין צו דער אַנטוויקלונג פון די דעמאָקראַטישע אידעען אין דער וועלט.

אַ פאַרקערטער פאַל איז געווען מיטן פראַנצויזישן קעניג פיליפּ דעם פערטן, מען האָט אים אויך גערופן דער שיינער (1268—1314). צוליב אַ פינאַנציעלן שטרייט מיטן פּויפּסט באָניפאַצי דעם 8-טן, האָט ער גענומען צו הילף דאָס פאָלק, דערביי געגעבן אַ פּריווילעגיע אין דער פאָרם פון אַ פּאַרלאַמענט. ער האָט איינגעפירט אין יאָר 1302 די אַזוי-גערופענע גענעראַל-שטאַנדן. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז פיליפּ דער שיינער האָט געוווּנען דעם קאַמף קעגן פּויפּסט.

מיט דער אַנטוויקלונג פון די נייע גייסטיקע שטרעמונגען, וואָס האָבן באַלערנט די פעלקער צו קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט, פאַלן די אַבסאָלוטע מאָנאַרכן אין רעזולטאַט פון אויפשטאַנדן, רעוואָלוציעס און ס'ווערן איינגעפירט דעמאָקראַטישע רעפּובליקן אויפן גרונט פון קאָנסטיטוציעס און זעלבסט-באַשטימונגס-רעכט.

אין ווידערשפּרוך צו די אַלע געשעענישן אויף דער וועלט, קומט אין האַרץ פון אייראָפּע, אין דער רעזידענץ פון רעפאָרמאַציע און הומאַניסטישע שטרעמונגען, אינם לאַנד וווּ עס האָבן געווירקט לוטער, מעלאַנכטאָן, געטע, קאַנט און אומצאָליקע פילאָסאָפן, דענקער און וויסנשאַפטסמענער, וואָס האָבן באַלערנט די מענטשהייט עטיק, מאָראַל, לאָגיק און פרייהייטס-אידעען, אַן אוואַנטוריסטישע מאַכט פון געוואַלד און טעראָר.

שוין אין 16-טן י"ה איז גאַנץ דייטשלאַנד איינגעטיילט אין צוויי רעליגיעזע ריכטונגען, קאַטוילישע און עוואַנגעלישע, וועלכע שטרעבן צו געטלעכער פאַרפולקאָמענהייט. דאָס קומט צום אויסדרוק אין פּויערים-אויפשטאַנד פון יאָר 1524, אונטער דער לאָזונג „ציוויטאַס דעאיס”, דאָס הייסט גאָטס קעניגרייך. איינפירן די אידעאַלע פאָרמען, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד.

אַנשטאָט גאָטס קעניגרייך איז מיט 409 יאָר שפּעטער איינגעפירט געוואָרן די הערשאַפט פון טייוול, היטלערס נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישער רעזשים. ווי אַ טיפוסבאַציל, וואָס רייסט זיך אַריין אין מענטשלעכן אָרגאַניזם און צעשטערט זיין גאַנצע סטרוקטור, פאַראורזאַכנדיק קאָמפּליקאַציעס, דערפירנדיק צום טויט, אַזוי האָט געבושעוועט דער נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישער רעזשים מיט זיינע אַוואַנטוריסטישע צוועלף מיט אַ פערטל יאָר הערשאַפט אין דייטשלאַנד און פינף=יעריקע אָקופּאַציע=הערשאַפט אין אַ גאַנצער ריי לענדער אין אייראָפּע.

קאָנפוציוס, דער שעפער פון דער כינעזישער רעליגיע, דערקלערט, אַז די העכסטע מאָס פון גוטס קען דערגרייכט ווערן דורך גוטן ביישפּיל פון אויבן, וואָס דרינגט אַריין אין אַלע שיכטן און פירט אַרויף אויפן ריכטיקן וועג.

מירזאַ אַלי מהמד פון שיראַז, געב. אין יאָר 1820, דער פאָרשטייער פון דער באַביסטישער ריכטונג אין איסלאַם, דערקלערט, אַז דאָס באַדייטנדסטע איז די עטישע לערע, וואָס פאָדערט די גלייכהייט פון אַלע מענטשן.

אין קעגנזאַץ צו די אַלע באַגריפן האָט דער נאַציאָנאַל=סאָציאַליזם, פאַרקריפּלט און צעשטערט אַלע גייסטיקע ווערטן.

די דערציאונג פון די קינדער פון פאָרשול=עלטער איז געוואָרן אַ מיליטאַריסטישע. די קינדער=שפּילצייגן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיליטערישע אָביעקטן. אין די עלעמענטאַר=שולן און אין די גימנאַזיעס ווערט אַלץ מיליטאַריזירט. אַנשטאָט דערווערבן וויסן און אַלגעמיינע בילדונג ווערט געלערנט שיסן און מיליטערישע איבונגען. אין די הויכשולן, דער רעזערוואַר פון נייע גייסטיקע קרעפטן, ווערן געהאַלטן פאָרלעזונגען, וואָס באַצוועקן צו פאַרגעטערן היטלערן, דעם טיראַנישן דעספּאָט. דעם 3=טן נאָוועמבער 1933 האָט דער רעקטאָר פון פרייבורג, פּראָפעסאָר היידעגער, דערקלערט: „נישט לער=זאַצן און אידעען רעגולירן אייער זיין. דער פירער, אויסשליסלעך און אַליין, איז די היינטיקע און צוקונפטיקע ווירקלעכקייט און איר געזעץ”. אַן אַנדערער אוניווערסיטעט=פּראָפעסאָר האָט צו זיינע סטודענטן דערקלערט: „איר דאַרפט היטלערס לאַנד לאָיאַל אַקצעפּטירן, ווען נישט זייט איר האַלונקען”. (ציטאַט פון קורט היללערס רעדע, געהאַלטן דעם 31 מאַי 1947 אין האַמבורג). אַנשטאָט צו אַנטוויקלען די אידעען פון די גרויסע וויסנשאַפטס=דענקער, זיינען די אוניווערסיטעטן געוואָרן נעסטן פון פאַרקריפּלונג, און דאָס איבעריקע האָט די נאַצי=מאַכט פאַרניכטעט, אויף שייטער=הויפנס פאַרברענט די גייסטיקע שאַפונגען, וואָס האָבן מיט זיך רעפּרעזענטירט די אידעע פון ליב האָבן דעם פריינט, ווי זיך זעלבסט.

אויפן אָרט פון זיטלעכן פאַמיליען=לעבן איז איינגעפירט געוואָרן דער אַזוי גערופענער לעבנס=באָר, דער שענדלעכסטער פּראָסטיטוציע=סיסטעם פּראָטעזשירט און אָנגעפירט דורך דער נאַצי=מאַכט. פרויען זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין סאַנאַטאָריעס, ווו ס.ס. און ס.א.=מענער זיינען געווען אויף דערהאָלונג, צו טרייבן פּראָסטיטוציע. נאָך דער געבורט זיינען די פרויען געווען עטלעכע חדשים מיט די

קינדער, בכדי זיי צו זויגן, און ראַן באַקומען רערפאַר באַצאָלט, פאַר אַ ייִנגל 4000 מאַרק און פאַר אַ מיידל 2000 מאַרק. די מוטער האָט זיך מער נישט געראַפּט קימערן וועגן קינד און ווייטער געטריבן פּראָסטיטוציע. די קינדער האָבן קיינמאָל נישט באַראַפּט זען זייערע עלטערן, און די עלטערן האָבן גאָרנישט געראַפּט וויסן פון דער עקזיסטענץ פון די קינדער. די גענעראַציע האָט געדאַרפט מיט זיך פאָר־שטעלן די אויסדערוויילטע קאַסטע פון דער היטלער־מאַכט.

דער פּוילישער סאָציאָלאָג פון 16־טן י״ה אַנדזשעי פריטש מאָדזשעווסקי האָט אין זיין ווערק באַטראַכט דאָס פּראָבלעם פון געזעלשאַפטלעכער שויץ. ער האָט דער־קלערט, אַז אַלטע און קראַנקע מענטשן דאַרפן געניסן פון געזעלשאַפטלעכער הילף, ווייל זיי האָבן אין זייער לעבן געאַרבעט, געשאַפן, געצאָלט שטייערן, און ווען זיי זיינען אומפעאיק געוואָרן צו דער אַרבעט איז די פליכט פון דער רעגירונג און פון די מאַגיסטראַטן זיי אויסצוהאַלטן.

מיט 400 יאָר שפּעטער האָט די נאַצי־מאַכט געפונען אַ „בעסערע לייזונג פאַר דעם פּראָבלעם" — זי האָט פאַרגיפטעט אָדער דערשאָסן די קראַנקע און אומפעאיקע צו דער אַרבעט. יעדע געזעצגעבונג האָט פאַר זיך אַ ציל צו באַשיצן דאָס לעבן און אייגנטום פון בירגער. די נאַצי־געזעצגעבונג, איז אַ קולטור־שאַנדע פון דער מענטשהייט, זי האָט פאַרעפנטלעכט געזעצן ווי אַזוי צו באַרויבן דאָס אייגנטום פון אירע בירגער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט.

אין איינקלאַנג מיט דעם געדאַנק: „אַ גוטע טאַט פאַראורזאַכט גוטע טאַטן, אַ שלעכטע טאַט פאַראורזאַכט שלעכטע טאַטן", האָט זיך אַנטוויקלט ביים נאַצי־רעזשים אַ קענטעניש פון שלעכטס און געמיינהייט, דערגרייכנדיק צו די העכסטע פאַרברעכנס פון דער מענטשהייט, צו פאַרויס־געפּלאַנטע, צוגעגרייטע מאַסן־מאָרדן און מאַסן־רויבערייען.

ווען דער אַגריפס־קריג פון דער נאַצי־מאַכט קעגן פּוילן איז אויסגעבראָכן, האָט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, פראַנקלין רע־לאַנאָ רוזוועלט, אַפּעלירט צו היטלערן מיט פאָלגענדע ווערטער: „אין 20־טן י״ה דאַרף זיגן די קראַפט פון גייסט און נישט די קראַפט פון פיזישער געוואַלט", דאָס האָט באַדייט, אַז היטלער זאָל נישט אָנווענדן קיין באָמבאַרדירונגען, ווייל דערמיט װעלן צעשטערט ווערן פיזישע און גייסטיקע ווערטן. היטלער האָט רעאַגירט אויף דעם אַפּעל דורך אויסלאַכן זיך און מיט באַליידיקנדע אויסדרוקן אויפן אַדרעס פון גייסטרייכן, נאָבעלן פּרעזידענט.

דער פּרעזידענט רוזוועלט האָט ראַן אויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אין ווייסן־הויז דערקלערט; פון דעם זעלבן געווער, וואָס היטלער צעשטערט אַנדערע לענדער, וועט ער אַליין צעשטערט ווערן.

די געשיכטע חזרט זיך איבער איינמאָל ווי אַ קאָמעדיע און דאָס צווייטע מאָל ווי אַ טראַגעדיע. דער היטלער־רעזשים האָט צוערשט געפּראַוועט אַ קאָמעדיע און דאַן איז געקומען די טראַגעדיע פאַר פאַרדינטע זינד און באַגאַנגענע פאַרברעכנס.

די נאַצי־מאַכט האָט אויף אַלע אופנים געפירט דעם שענדלעכן רויב־צוג קעגן יידישן פאָלק. דורך דעם ראַדיאָ, פרעסע, עפנטלעכע רעדעס, ספּעציעלע דרוק־אויסגאַבעס, דורך קינאָ און טעאַטער האָט זי געטריבן פּראָפּאַגאַנדע פון שנאה און האַס. זי האָט פולשטענדיק פאַרגעסן דעם גייסטרייכן אוצר פון וויסן, מיט וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט באַרייכערט די מענטשהייט און די וועלט. דאָס יידישע פאָלק האָט גע־געבן דער וועלט דעם קוואַל פון די עטישע לערן — די ביבל. שוין אין ערשטן י"ה, ווערט דער יידישער פילאָסאָף פילאָן, (זיין יידישער נאָמען ידידיה האלכסנדרוני) פּרעזידענט פון דער וויסנשאַפטס־אַקאַדעמיע אין אַלעקסאַנדריע און רעפּרעזענטירט מיט זיך די יידיש־העלעניסטישע פילאָסאָפיע. אויף זיין לערע האָט זיך געשטיצט טאָמאַס פון אַקווין דער באַגרינדער פון דער קריסטלעכער פילאָסאָפיע. די יידישע סכאָלאַסטיקער זיינען געווען די פונדאַמענטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַלע פילאָ־סאָפישע שטרעמונגען אין דער וועלט. די יידישע וויסנשאַפטס־מענער האָבן נישט בלויז טעאָרעטיש באַרייכערט דעם מענטשלעכן באַוווסטזיין, נאָר אויך פּראַקטיש, אויף די געביטן פון מעדיצין, כעמיע און פיזיק. די אַנטוויקלונג פון דער דייטשער כעמישער אינדוסטריע (י. ג. פאַרבן־אינדוסטריע) איז צו פאַרדאַנקען דעם כעמי־קער פּראָפעסאָר האבער, וועלכער איז אין רעזולטאַט פון די נאַצי־פאַרפאָלגונגען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די נאַצים האָבן געלויערט אויפן לעבן פון היינטצייטיקן גרעסטן יידישן וויסנשאַפטסמאַן, דעם אויטאָר פון דער „רעלאַטיוויטעט־טעאָריע" אַלבערט איינשטיין, דער באַדייטנדסטער אויטאָריטעט אויפן געביט פון פיזיק־פאָר־שונג. ס'איז אים געלונגען אין דער אַנטשפּרעכנדער צייט צו פאַרלאָזן דייטש־לאַנד און אויסצומיידן די נאַצי־באַרבאַריען.

די קאָנצענטראַציע און פאַרניכטונגס־לאַגערן, וואָס דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט איינגעפירט. זיינען די גרעסטע שאַנד־טאַטן אין דער געשיכטע. דאָרט זיינען געמאָרדעט געוואָרן מענטשן דורך פאַרהונגערן, שווערע אַרבעט, פאַרגאַזן און פאַר־ברענען אין קרעמאַטאָריעס. די נאַצי־טעכניק איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון מעכאַניזירן די מיטלען צום מאַסן־מאָרד.

פּרעזידענט האַרי טרומאַן, באַקענענדיק זיך מיטן בילרער־באַריכט פון די קאָנצענטראַציע און פאַרניכטונגס־לאַגערן, האָט דערקלערט: „מיט אייביקער שאַנ־דע וועט זיין באַפלעקט דאָס דייטשע פאָלק, צוליב די פאַרברעכנס פון די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן".

עס איז קיין צווייפל, אַז נאָכן אויסמאָרדן דאָס יידישע פאָלק אין אייראָפּע, און אויך אין דער גרעסטער מערהייט די ציגיינער, וואָלט די ריי געקומען אויף די סלאַווישע פעלקער. די ערשטע פּרוון זיינען געמאַכט געוואָרן. אין אַ גאַנצער ריי שטעט און לענדער איז די אינטעליגענץ, פּראָפעסאָרן, שול־לערער און געזעלשאַפט־לער־פּאָליטישע טוער, אונטער פאַרשיידענע אומזיניקע באַשולדיקונגען אומגעבראַכט געוואָרן. ס'איז איינגעפירט געוואָרן אַ באַליידיקונגס־אויסדרוק „דו ביסט אַ סלאַ־ווינער". אין דעם אויסדרוק איז אַריינגעלייגט געוואָרן אַן אינהאַלט פון מינדער־

ווערטיקייט, ליגן און אָפּגעראַרייע. דאָס דייטשע פּאָלק האָט זיך גערן באַנוצט מיט דעם אויסדרוק, נישט ווייסנדיק באַשטימט, אַז מיקאָליי קאָפּערניק (1473—1543), דער גרעסטער אַסטראָנאָם אין דער וועלט און מענדעלעיעוו, מאַטעמאַטיקער, זיינען געווען סלאַוון.

דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליזם איז געווען דער אויסדרוק פון אַ דעספּאָטישער מאַכט. זי האָט איינגעפירט רויב, מאָרד און דעמאָראַליזאַציע אלס „הייליקע" פּרינציפּן אין איר רעגירונגס-סיסטעם.

מיטן פאַלן פון דער מאַכט פון דער אומדעכט און געמיינהייט האָבן אידע גייסטיקע פירער געוואָלט אויסמיידן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די באַגאַנגענע פאַרברעכנס. הימלער, דער גרעסטער סאַדיסט אין דער וועלט, האָט זיך פאַרגיפטעט; געבעלס, דער וועלכער האָט געהעצט קעגן אַלע פעלקער און קאַטעגאָריש דערקלערט אין דער וואָכנשריפט „דאָס רייך": „אין אַ צייט פון קריג שפּילט מען זיך נישט אין סענטימענטן, ווער עס איז נישט מיט מיר, איז מיין פיינט, דעריבער מוז ער אומשעדלעך געמאַכט ווערן", דאָס באַדייט קאָנצענטראַציע-לאַגערן, גאַז-קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. אָט דער גייסטיקער רעגענעראַט האָט געוואָלט אויסמיידן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע פאַרברעכנס קעגן דער מענטשלעכקייט, דעריבער האָט ער זיין פרוי, זייגע קינדער און זיך זעלבסט פאַרגיפטעט. עס איז מערקווירדיק, אַז כמעט אַלע נאַצי-אַקטיוויסטן, וועלכע שטייען פאַרן געריכט פאַר זייערע פאַרברעכנס, פאַר אונטערצינדן סינאַגאָגעס, פאַרברענען רעליגיעזע קעגנשטאַנדן, באַדייכערן זיך פון צורויבן פרעמדע מאַטעריעלע גיטער, רעדקלערן מיט איין נוסח. „איך בין געווען אַדבעטסלאַז, נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן, בין איך אַריין אין דער פּאַרטיי און גלייך באַקומען אַ שטעלונג. מיט דער צייט האָב איך אַוואַנסירט ביז צו אָבערשטורמפירער".

אַזאַ דערקלערונג איז גענוג צו כאַראַקטעריזירן אַ פאַרברעכער. דער, וואָס איז נישט אימשטאַנד געווען אין נאָרמאַלע צייטן צו פידן אַ באַשיידן לעבן און איז געוואָרן אַ נאַצי, בכדי צו ווערן אַ פּאַראַזיט פון דער געזעלשאַפט, לעבן אויף איר חשבון, נישט נאָר אַליין רויבן און מאָרדן, נאָר צווינגען אויך אַנדערע דערצו, איז דאָס ציינגעניש פון כאַראַקטערלאָזיקייט און פאַרדאָרבנקייט.

די רעזולטאַטן פון די „גייסטיקע" נאַצי-וואָרדצלען, וואָס האָבן זיך פאַראַנקערט אין פאָלק דאַרף מען ווייט נישט זוכן. עס איז גענוג דורכצולייענען די כראָניק פון דער קרימינאַל-פּאָליציי. די ציפערן הויבן אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן פון דער צאָל באַגאַנגענע קרימינעלע פאַרברעכנס; גנבות, איינבדוכן, רויב-אָנפאַלן און מערדערייען.

די פרוי נאָכן פאַרלירן די דערציערן-ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער מאַטעריאַליסטישער עפּאָכע, האָט געשטרעבט צו גלייכבאַרעכטיקונג, אַריינדרינגען אין אַלע געביטן פון דער וויסנשאַפט, פּאָליטיק און זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אינסטיטוציעס. אין רעזולטאַט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

און די שטרעמונגען פון עמאַנציפּאַציע און פעמיניזם האָט די פרוי איר ציל דער־גרייכט. די פרוי איז אומעטום פאַרטראָטן אין פּאַרלאַמענטן, געזעצגעבערישע אינ־סטאַנצן, וויסנשאַפטס־אַקאַדעמיעס, זעלבסט־פאַרוואַלטונג אינסטיטוציעס, און פּאָ־ליטישן און ווירטשאַפטלעכן לעבן.

די דײַטשע פרוי, וועלכע איז די רעפּרעזענטאַנטין פון די אײנעם פון די גרעס־טע לענדער אין אייראָפּע, וואָלט באַדאַרפט זײַן דער מוסטער פאַר די פרויען פון אַנדערע לענדער. אָט איז אַ בײַשפּיל פון דער מוטער־ליבע און צערטלעכקייט פון אַ דײַטשער פרוי צו איר קינד.

מייקסנער זשאַנעט האָט געבוירן אַ קינד פון אַ נעגער. פיר טעג נאָך דער גע־בורט איז זי אַוועק אין אַמעריקאַנישן לאָקאַל און געטאַנצט מיט אַנדערע מענער. דאָס קינד האָט זי אַוועקגעגעבן צו דערציען. נאָך זעקס וואָכן האָט די דערציערין זיך אָפּגעזאָגט ווײַטער דאָס קינד צו האַלטן. מייקסנער נעמט צוריק דאָס קינד, מיט אַ מעסער שנײַדט זי אויף דאָס בײַכל און שליידערט דאָס אַרײַן אין טײַך רעגניץ.

ביי דער אויספאָרשונג, ווערט מען געוווירן, אַז ביים אויספירן דאָס שוידער־לעכע פאַרברעכן האָט איר מיטגעהאָלפן אַ געוויסע שמידט. ווער איז דאָס שמידט? אַ פרײַלין, וואָס האָט צוויי קינדער און איז נישט אימשטאַנד אויסצורעכענען וויפיל געליבטע זי האָט שוין געהאַט.

ביי דער געריכטס־פאַרהאַנדלונג פאַרהאַלטן זיך ביידע פּולשטענדיק רואיק, זיי האָבן נישט קיין געוויסנס־ביסן, ווי קיינמאָל גאָרנישט.
דער פּראָקוראָר איז נאָר אויפגערעגט, היתכן אַזאַ פאַרברעכן, ער שטעלט פאַר־שיידענע פראַגן און נעמלעך: פאַרוואָס האָט זי אויפגעשניטן דאָס בײַכל פון קינד?

מייקסנער ענטפערט גאַנץ רואיק, אַז מען וואַרפט אַרײַן אַ קינד אין טײַך קומט עס שפּעטער אַרויף אויבן וואַסער, און אַז מען שנײַדט אויף דאָס בײַכל בלײַבט עס אונטערן וואַסער. דאָס געריכט האָט מייקסנער פאַראורטיילט צום טויט און שמידט צו צוועלעף יאָר תפיסה.

די קרימינעלע און סעקסועלע פאַרברעכנס זײַנען אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דעם נאַצי־סיסטעם. פון רויב, מאָרד און לעבנס־ב אָ ר.
ווער איז שולדיק אין דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם און ווער טראָגט די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט?

שולדיק איז די אינטערנאַציאָנאַלע דיפּלאָמאַטיע, וואָס האָט אַזאַ מאַכט מאָ־לערירט אין אייראָפּע און דערצו דערטיילט הימלערן פינאַנציעלע הילף, ווי אויך געשלאָסן אָפּמאַכן.
שולדיק איז דער מיליטערישער גייסט פון דײַטשן פאָלק.
שולדיק איז דאָס דײַטשע פאָלק, וואָס האָט דערלאָזט אַן אַוואַנטוריסטישע רויבער־קליקע צו דער מאַכט, און אויך דערפאַר, וואָס עס האָט די מאַכט נישט אַראָפּגעוואָרפן.

שולדיק זיינען די נאַצי־אַקטיוויסטן, וואָס האָבן דורך רויב און מאָרד דערלאַנגט בערט מאַטעריעלע פּאַרמעגנס.

שולדיק זיינען די נאַצי־אינטעלעקטואַליסטן, וואָס האָבן אין וואָרט און שריפט פאַרגיפטעט די געדאַנקען פון פאָלק.

אויף דער פראַגע ענטפערט קורט הילער אין דער בראָשור „גייסטיקע גרונט־לאַגן פון אַ שעפערישן דייטשלאַנד פון דער צוקונפט" אויף זייט 13 און 19.

„די העלפט אָדער מער ווי די העלפט פון פאָלק האָט די דערנידערונגען, ני־דערטרעכטיקע אַטענטאַטן צוגעלאָזט, אויב נישט באַיובלט".

קורט הילער איז אַן אַלטער דייטשער סאָציאַליסט, וואַרשיינלעך אוניווערסי־טעטס־פּראָפעסאָר, ער זאָגט דעם אמת אין די אויגן. יערער דייטש רעדקלערט, „מיר האָבן פון גאָרנישט געוווסט". ער, דאַקעגן, זאָגט, אַז דאָס פאָלק האָט גענוי געוווסט, אַז היטלער באַטראַכט דאָס יידנטום אַלין וועלט־פּעסט, און זיינע פאַרשטע־לונגען, אויב זיי זיינען געווען משוגענע אָדער נישט, האָט עס אויסגעפירט. דאָס פאָלק האָט אים די מאַכט געגעבן. היטלער איז אונטערשטיצט געוואָרן דורך די אָפיצערן, אינדוסטריעלער, ריכטער און אַפילו אוניווערסיטעטס־לערער. פּאַראַנט־וואָרטלעך זיינען די אַקטיוויסטן און קאָנסערוואַטיוון, אָבער אויך די, וועלכע האָבן צו דער פּאַרטיי נישט געהערט, ווייל אויפן חשבון פון זייער פּאַסיוויטעט האָט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער רעזשים געפירט אַ באַרבאַרישן קריג, געמאָרדעט אומ־שולדיקע מענטשן, צעשטערט גייסטיקע ווערטן און מאַטעריעלע גיטער.

צו דער זעלבער פראַגע האָט גענומען שטעלונג דער דייטשער אַנטי־היטלע־ריסטישער פילאָסאָף, פּראָפעסאָר פון היידעלבערגער אוניווערסיטעט, קאַרל יאַס־פּערס. אין זיין בוך: „די שולד־פראַגע", דערשינען אין ציריך אין יאָר 1946 טיילט ער איין פאַרשיידענע מינים פון שולד און נעמלעך: קרימינעלע, פּאָליטישע, מאָ־ראַלישע און מעטאַפיזישע.

קרימינעלע שולד האָבן פּערזאָנען און גרופּעס וואָס זיינען באַגאַנגען דירעקטע קרימינעלע פאַרברעכנס און מוזן דערפאַר שטרענג באַשטראָפט ווערן.

פאַר דער פּאָליטישער שולד איז פאַראַנטוואָרטלעך דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק, ווייל עס האָט גערולדעט די היטלעריסטישע מאַכט. אויך פאַר דער מאָראַלישער און מעטאַפיזישער שולד איז פאַראַנטוואָרטלעך דאָס גאַנצע פאָלק, ווייל עס האָט זיך נישט אַקטיוו קעגנגעשטעלט דעם נאַצי־רעזשים פון רויב און מאָרד.

דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט זיך געשטיצט אויף דער טעאָריע פון איבער־מענטש, מיט וועלכער פרירריך ניטשע האָט „באַגליקט" די מענטשהייט אין זיין בוך „זאַראַטוסטראַ".

דאָס לעבן האָט זיך ביטער נוקם געווען אין פילאָסאָף ניטשע. ער איז גייסטיק קראַנק געוואָרן, און געשטאָרבן אַלס סיפילימיקער און משוגענער.

דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, אַלס מאַכט, איז געווען די שאַנדע פון 20־טן י"ה. זיין אונטערגאַנג איז אַ רעזולטאַט פון וועלט־געוויסן און וועלט־קראַפט.

# פּסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען ביי קאַצעטלער

דאָס פּראָבלעם פון איזאָלירן מענטשן, וואָס זיינען באַגאַנגען קרימינעלע אָדער פּאָליטישע עבירות, האָט הינטער זיך אַ לאַנגע און גרויסע געשיכטע, דערביי איז זי אַזוי אַלט, ווי די געשיכטע פון דער מענטשהייט.

דאָס איזאָלירן מענטשן פון דער געזעלשאַפט האָט אויך אונטער זיך אַ פילאָסאָפישע גרונטלאַגע און טעמלעך, דער מענטש איז אַ געזעלשאַפטלעכע חיה. אַ מענטש, אַלס געזעלשאַפטלעכע חיה, קען נישט לעבן אין איינזאַמקייט, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און פון מענטשן, דערפאַר איז צוגעטראַכט געוואָרן אַ שטראָף אין דערציאונגס-מיטל, וואָס רופט זיך אַרעסט-הייזער, לייכטע תפיסות, שווערע תפיסות, איזאָלאַציע-הייזער, דערציאונגס-אַנשטאַלטן, אויסבעסערונגס-הייזער און ענלעכע.

צו אַלע שטראָפן ווערט מען פאַרמשפט אויפן גרונט פון אַ געריכטס-אורטייל פאַר באַגיין געוויסע מיסברויכן אין דער פאַרפליכטנדער געזעצגעבונג. דאָס קענען זיין עקאָנאָמיש - פינאַנציעלע ענינים, פּאָליטישע, סעקסועלע און קרימינעלע פאַרברעכנס.

דער אָנגעקלאָגטער ווייסט, אַז ער איז באַגאַנגען אַן איבערשרייטונג און האָט אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן, נישט נאָר בלויז דורך זיך זעלבסט, נאָר אויך דורך געריכטס-פאַרטיידיקער.

אַ מענטש. וואָס איז אויף אַ נישט דערלויבט אָרט איבערגעגאַנגען די באַנרעלסן און איז דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ געלט-שטראָף אָדער אַ טאָג אַרעסט, פאַרשטייט, אַז מער דאַרף ער אַזעלכע איבערשרייטונגען נישט מאַכן. אַ ראָוועריסט, וואָס איז ביינאַכט געפאָרן אָן באַלויכטונג און איז דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן, גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז ס'איז אַ לייכטזיניקייט צו פאָרן אין קעגנזאַץ צו די פאָרשריפטן, ווייל ער קען פאַראומגליקן זיך אַליין און אַנדערע.

אַנדערש איז ביי פּאָליטישע אויסשרייטונגען, דאָס זיינען סאָציאַל-געזעלשאַפטלעכע און אידעאישע פּראָבלעמען, וואָס איז אַן אייביק פּראָבלעם, פון די אוראַלטע צייטן און ביזן היינטיקן טאָג.

ביי קרימינעלע פֿאַרברעכער זיינען שוין פֿאַראַן גאָר אַנדערע טעמים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט פּסיכאָלאָגישע נייגונגען און פֿאַרברעכערישע אינסטינקטן.

די אַלע מינים איבערשרייטער פֿון געזעץ קענען פֿאַרטיילט ווערן אין ספּעציעלע גרופּעס פֿאַר פּסיכאָלאָגישע אָבסערוואַציעס, אויפֿן גרונט פֿון דער טעסטן־מעטאָדע און מ׳װעט קענען קומען צו קאָנקרעטע אויספֿירונגען.

גאַנץ אַנדערש שטעלן מיט זיך פֿאָר די פּסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען ביי קאַצעטלער. דאָס איינפֿירן די קאַצעטן דורכן נאַצי־רעזשים איז נישט געווען דער ציל פֿון וועמען אויסבעסערן אָדער דערציען, נאָר גאַנץ איינפֿאַך: פֿיזיקן, אויסנוצן די אַרבעטס־קראַפֿט, אויך פֿאַר עקספּערימענטאַלע צוועקן, און לסוף דערמאָרדן דורך הענגען, דערשיסן, צעשלאָגן ביז טויט אָדער פֿאַרברענען.

אין קאַצעט זיינען געווען מענטשן, וואָס זיינען קיינמאָל אין לעבן נישט באַגאַנגען קיין איבערשרייטונג, נישט געקומען אין קאָנפֿליקט מיטן געזעץ, נאָר זיינען דאָרט געבראַכט געוואָרן צוליב זייער נאַציאָנאַלער, רעליגיעזער, ראַסישער אָפּשטאַמונג און פּאָליטישע אָנשויאונגען. אויב עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען דורך אַ געריכט פֿאַראורטיילט געוואָרן צו קאַצעט, זיינען דאָס געווען אויסשליסלעך פֿון דייטשער אָפּשטאַמונג.

אויסער דעם, וואָס אין קאַצעט זיינען געווען העפֿטלינגע פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן איז אויך דער גייסטיקער ניוואָ געווען אַ פֿאַרשיידנאַרטיקער. אין קאַצעט זייגען געווען מענטשן מיט עלעמענטאַרער בילדונג, מיטעלער, העכערער, ווי אויך פּראָפֿעסיאָנעלע אינטעליגענץ, ווי אַדוואָקאַטן, אינזשיניערן, דאָקטוירים, גייסטלעכע, לערער און אויך פּראָפֿעסאָרן. עס דאַרפֿן אויך אויסגערעכנט ווערן קינסטלער ווי: קונסט־מאָלער, שוישפּילער, זינגער און אַנדערע.

אויף די אויסגערעכנטע העפֿטלינגע, וואָס זיינען כסדר געהאַלטן געוואָרן אין אַ טויט־שפּאַנונג האָט דער קאַצעט געווירקט און דערוועקט פּסיכאָלאָגישע עמפּפֿיגדונגען.

מען קען נישט פֿאַראַלגעמיינערן די פּסיכאָלאָגישע עמפּפֿינדונגען אויף דעם זעלבן גראַד ביי אַלע קאַצעטלער צוליב די נאַציאָנאַליטעטן־אונטערשיידן, גייסטיקן און סאָציאַלן שטאַנד.

עס מוז געמאַכט ווערן אַן אונטערשייד פֿון די פֿאַרשיידענע פֿאָרמען קאַצעטן און אויך פֿון די באַזונדערע גרופּעס קאַצעטלער, און דאַן באַטראַכטן די פּסיכאָלאָגישע עמפּפֿינדונגען אויפֿן גרונט פֿון די מעטאָדן פֿון אינטראָספּעקציע (זעלבסט־באַאָבאַכטונג) עקספּראָספּעקציע (פֿרעמד־באַאָבאַכטונג) און אויך די דערשיינונג פֿון די פּסיכאָפֿיזישע ווירקונג.

אין אַ פֿאַראַלגעמיינערטער פֿאָרעם קען מען די קאַצעטן איינטיילן אין דריי גרופּעס:

1) קאַצעטן אין וועלכע די קאַצעטלער זיינען באַשעפֿטיקט געווען ביי פּראָדוקטיווער אַרבעט און האָבן פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אומזיסטע אַרבעטס־קראַפֿט.

2) קאַצעטן, אין וועלכע די קאַצעטלער האָבן אויסגעפירט שווערע אַרבעטן, אָבער נישט קיין פּראָדוקטיווע. צום ביישפּיל: טראָגן שטיינער פון איין אָרט אויפן צווייטן, גראָבן גריבער און באַלד צוריק פאַרשיטן זיי. (דער ציל פון דער נאַצי־מאַכט איז געווען צו פּייניקן און מאַטערן.)

3) קאַצעטן, מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם פאַרניכטונגס־כאַראַקטער, דאָס הייסט טויטן־לאַגערן.

אויך די קאַצעטלער קען מען איינטיילן אין דריי גרופּעס:

1) ראַסיש און רעליגיעז פאַרפאָלגטע.

2) פּאָליטיש פאַרפאָלגטע. (פראַנצויזן, טשעכן, האָלענדער, נאָרוועגן, גריכן און אויך רייטשן.)

3) קרימינעלע פאַרברעכער, מערסטנטיילס רייטשן, וואָס זיינען באַשטאַנען פון 2 קאַטעגאָריעס: ב.פ. און ס.פ. די איניציאַלן ב.פ. באַדייטן בערופס־פאַרברעכער, דאָס הייסט, פּראָפעסיאָנעלע גנבים, פילמאָל באַשטראָפט דורך די גערינכטן, און ס. פ. באַדייט שווער־פאַרברעכער, איבערפאַלער און מערדער, וואָס זיינען אויך פילמאָל פאַראורטיילט געוואָרן דורך די גערינכטן.

אַ ספּעציעלע קאַטעגאָריע שטעלן מיט זיך פאָר די פּאָלאַקן, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אין קאַצעט נאָך דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד.

די נאַצי־מאַכט האָט זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען צו רעמאָראַליזירן די קאַצעטלער און רערוועקן ביי זיי אַ מינדערווערט־געפיל דורך באַרבאַרישע מיטלען:

1) שווערע אַרבעט, שטראָפן, שלאָגן, מאָרדן און אַליז אָן אַ גערינכט.

2) הונגער.

3) באַשטימען אַן אינערלעכע אָנפירערשאַפט אין די קאַצעטן, וואָס איז געווען אונטערגעאָרדנט די ס.ס. פון די פאַרברעכערישע עלעמענטן ב.פ. און ס.פ.

די קאַצעט־אָנפירערשאַפט איז באַשטאַנען פון שטובן־דינסט, בלאָק־עלטסטע, פאָראַרבעטער, קאַפּאָס, קאַצעט־פּאָליציי און לאַגער־עלטסטע.

פּאַראַלעל צו דער אינערלעכער אָנפירונג איז געווען אַ ס.ס.־ישע. יעדער פון זיי איז געווען אַ „פירער", און נעמלעך: בלאָק־פירער, לאַגער־פירער, ראַפּאָרט־פירער, אַרבעטס־פירער, פּאָליטישער־פירער, א. א. וו.

די ס.ס.־ישע אויפזיכטס־מאַכט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן זייערע סאַדיסטישע אייגנשאַפטן איבערגעטראָגן אויף זייערע אונטערגעאָרדנעטע, אויף דער אינערלעכער לייטונג, וואָס איז געלעגן אין די הענט פון קאַצעטלער זעלבסט. דאָס איז געווען אַ לייכטע זאַך, ווייל די אינערלעכע לייטונג איז באַשטאַנען פון כמעט רעצעדיוויסטן, פּראָפעסיאָנעלע פאַרברעכער, גייסטיק ניט־אַנטוויקלטע מענטשן, וואָס מאָרדן און שלאָגן איז פאַר זיי אַ גייסטיקע סאַטיספאַקציע, אַ באַפרידיקונג, ווייל דערמיט דריקט זיך אויס מאַכט פון הערשן איבער אַנדערע, אַ גרויסקייטס־מאַניע. אין נאָרמאַלע צייטן, וואָלט אַ דעגענעראַט, וואָס איז געווען אין קאַצעט אַ קאַפּאָ, אָדער באַקליידעט אַן אַנדערן אַמט, נישט געטרוימט וועגן רעדן מיט אַ פראַנצוי־

זישן אָדער נאָרוועגישן פּראָפעסאָר אָדער קינסטלער, און איצט איז אים געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אומגעשטערט אים צו שלאָגן, שפּאָטן און חוזקן.

די ס.ס.־לייט האָבן דאָס געפיל פון מיזאָקסעניע (פרעמדן־האַס) איבערגעטראָגן אויף זייערע אונטערגעאָרדנעטע רעגענראַטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכ־טיק דאָס ״שפּריכוואָרט „אַזוי ווי די גרויסע ווילן טוען די קליינע בריִלן״.

די ס.ס.־לייט און די איגערלעכע אָנפירונג אין קאַצעט האָט פון דעם געפיל פון מיזאָקסעניע דערגרייכט צוויי זאַכן. דאָס באַפרידיקן די אינסטינקטן פון האַס צו פרעמדע, דערמיט זיך באַטראַכטן אַלס אויסדערוויילטע הערשער און הערן, ווי אויך דאָס צווייטע: געפינען פאַר זיך אַ באַרעכטיקונג פאַר פּייניקן אַנדערע.

## אומווילקירלעכע פּאַסיווע אויפמערקזאַמקייט

ווען אַ מענטש זאָל זען, ווי אייגער שלאָגט דעם צווייטן ביז בלוט, וואָלט ער באַשטימט רעאַגירט. ער וואָלט געווען אויפגערעגט אויפן שלעגער און וואָלט זיך געקימערט וועגן געליטענעם.

אין קאַצעט איז געווען פּונקט פאַרקערט. דער ס.ס.־מאַן האָט געהייסן אַ קאַפּאָ שלאָגן אַ קאַצעטלער. דער קאַפּאָ האָט דאָס געטאָן מיט אַ חיה'שער ווילדקייט, בלוט האָט זיך געגאָסן פון צעשלאָגענעם. אין אָנפאַנג האָט דער קאַצעטלער געשריגן פון ווייטיק און שפּעטער געפאַלן אין חלשות.

דער קאַפּאָ האָט נישט געהאַט קיין געוויסנס־ביסן און אויך נישט דער ס. ס.־מאַן. עס האָט זיי גאָרנישט געאַרט די פּיין און ליידן, וואָס זיי האָבן פאַרשאַפט דעם גע־שלאָגענעם. דאָס איז געווען צוליב דער דערשייגונג פון אומווילקירלעכער פּאַסיווער אויפמערקזאַמקייט, וואָס פּסיכאָלאָגיש קען דאָס אויף פאָלגנדן אופן אינטערפּרע־טירט ווערן. געוויסע דערשייגונגען, וואָס מען הערט אָפט, אָדער מען זעט זייער אָפט, דייצן גישט די אויפמערקזאַמקייט. ווען אַ ציווילער מענטש דערהערט אַ שי־סעריי ווידקט דאָס ווילקירלעכער אַקטיוו אויף זיין אויפמערקזאַמקייט, אַ זעלנער דאַ־קעגן, רעאַגירט גישט און זיין אויפמערקזאַמקייט איז אין דעם פאַל אומווילקירלעכער פּאַסיוו.

דאָס זעלבע איז מיט די פּילצאָליקע דערמאָרדעטע און געשטאָרבענע אין די קאַצעטן. צוליב דער אָפטער דערשיינונג, האָט דאָס אויפגעהערט צו ווירקן אויף דער ווילקירלעכער אַקטיווער אויפמערקזאַמקייט. די קאַצעטלער קאָמאַנדאָס, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביים איבערטראָגן טויטע קערפּערס פון די בלאָקן צו דער קרעמאַטאָריע, אָדער די באַשעפטיקטע אין די קרעמאַטאָריעס, זיינען די ערשטע צייט געווען אונטערן אייגפלוס פון די מערדערייען, וואָס קומען פאָר אין קאַצעט, אָבער שפּעטער איז ביי זיי דאָס געפיל אַטראָפירט געוואָרן און ס'איז אופגעטראָטן די אומווילקירלעכע פּאַסיווע אויפמערקזאַמקייט.

אין די קאַצעטן, אין וועלכע די קאַצעטלער האָבן אויסגעפירט פּאָזיטיווע אַר־בעטן, איז געווען אַ שאַרפער טעראָר, מען האָט געשלאָגן, געפּייניקט, באַשטראָפט

מיט 36 שעה אַרבעט אָן איבערייס, פאַר פאַרדאַכט אין סאַבאָטאַזש האָט מען נאָג־צע גרופּעס או"פגעהאנגען, און ענלעכע שוידערלעכע נעשעעניש.

אין די קאַצעטן, ווו די קאַצעטלער האָבן נישט אויסנעפירט קיין פּראָדוקטיווע אַרבעט, און אין די אויסגעשפּראָכענע פאַרניכטונגס־קאַצעטן איז דאָס מאָרדן געווען אַ ספּאָרט־זאַך. יעדער ס.ס.־מאַן איז אַרומגעלאָפן מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און געשאָסן ווען ס'איז אים איינגעפאַלן. די קאַפּאָס האָבן געשלאָגן מיט דרענ־גער און שטיקער האָלץ ביז זיי האָבן די קרבנות דערהרגעט.

די באַדינגונגען האָבן פאַראורזאַכט, אַז ביי די קאַצעטלער, וואָס האָבן נעאַר־בעט ביי פּראָדוקטיווער אַרבעט איז אין צענטער פון זייערע געדאַנקען געווען דער הונגער, ווי אַזוי זיך צו פאַרשאַפן לעבנס־מיטל, און אין פעלד פון די געדאַנקען די שרעק פאַרן שלאָגן און שטראָפן.

ביי די איבעריקע קאַצעטלער, וואָס האָבן צוגעזען די טאָג־טעגלעכע מערדע־רייען, איז געווען אין צענטער פון זייער געדאַנק די שרעק פאַרן טויט, און אין פעלד פון די געדאַנקען דער הונגער.

די דערשיינונג פון שטענדיקן הונגער און אויך פון קעלט, וואָס האָט זיך אויס־געדריקט אין האַלטן לאַנגע שעהן אויף די אַפּעל־פּלעצער האָט נישט בלויז רואינירט פיזיש די קאַצעטלער, וואָס זיינען איינגעדאַרט געוואָרן פון טאָג צו טאָג, נאָר האָט אויך נעווירקט פּסיכיש.

אין אנבליק פון טויט־געפאַר איז ביי אַלע קאַצעטלער געווען געשטאַרקט דער ווילן צו לעבן, און דורך אויטאָסוגעסטיע קעגנגעווירקט קעגן הונגער, קעלט און קראַנקהייטן. די אויטאָסוגעסטיע האָט געהאַט אירע גרענעצן. פיל וואָס האָבן געהאַט צו 39 און 40 גראַד טעמפּעראַטור און זיך נישט געמאָלדן אַלס קראַנק, אויס מורא אומגעבראַכט צו ווערן, געגאַנגען צו דער אַרבעט, זיינען אויפן וועג אין מאַרש אָדער ביי דער אַרבעט אַוועקגעפאַלן און געשטאָרבן.

דער לאַנג־יעריגדער הונגער פון די קאַצעטלער האָט אַ טייל דערפירט צו אַ קיה'שן צושטאַנד. די קאַפּאָס און אַנדערע, וואָס האָבן נעהערט צו דער אינערלעכער אָנפירונג, האָבן פאַרן פרייז פונם ביסל עסן, וואָס זיי האָבן באַקומען מער ווי די איינפאַכע קאַצעטלער, געמאָרדעט, געשלאָגן און אָפּגעטאָן די שענדלעכסטע מעשים.

דער הונגער האָט אָפּגעשוואַכט דעם נערוון־סיסטעם, און די כסדרדיקע קאָנ־צענטרירטקייט פונם באַטראַכטונגס־צענטער ווענן לעבנס־מיטל, האָט דערפירט צו פאַרשיידענע פאָרשטעלונגס־בילדער, וואָס קענען דערפירן צו ברויט. דאָס טראַכטן, דאָס הייסט די בילדער־פאָרשטעלונגען האָבן דערפירט צו נאַנצע קאָמפּלעקס־פּראָ־בלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער באַפרייאונג, ווייל נאָר אַזאַ אויסגאַנג פון דער סיטואַציע קען דערפירן צו שטילן דעם הונגעריקן אָרגאַניזם.

רעליגיעז־געשטימטע האָבן געהאַלטן, אַז די נאַצי־מאַכט וועט נישט דערלויבן עס זאָלן בלייבן לעבעדיקע עדות פון אירע גרויל־טאַטן, דערפאַר וועט זי אין לעצטן מאָמענט אומברענגען אַלע קאַצעטלער. עס קען נאָר זיין איין אויסוועג, אַ נס פון

הימל, אַז די גאַצי־מאַכט זאָל מיט איין מאָל צערודערט ווערן און גישט באַווייזן אויסצופירן איר טייוולאָגישן פּלאַן. לויטן גאָרמאַלן פאַרשטאַנד, וועלן די גאַציס אַלע אומברענגען, די אייגציקע האָפענונג קען נאָר זיין די געטלעכע קראַפט. די רעלי־גיעזע זייגען געווען פאַר אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד, גלויבנדיק אין אַ באַפרייאונג, דורך געטלעכער מאַכט. די מערהייט קאַצעטלער זייגען געוואָרן אַטעאיסטיש געשטימט, באַגרינדנדיק דאָס מיט פאָלגנדע אַרגומענטן: אויב גאָט רעגירט מיט דער וועלט און לאָזט די מענטשן, וועלכע ער האָט געשאַפן אין זיין אייגענעם געשטאַלט, פּייניקן און מאָרדן, איז גישטאָ אין וואָס צו גלויבן. אויב דער טויט איז גאָטס שטראָף, פלעגט מען טענהן, האָט דיווירקלעכקייט באַוויזן גאָר אַנדערש, אַז דער טויט איז אַ רעזולטאַט פון די גאַצי־פּייניקונגען, פון די תליות, אויטאָמאַטן, ביקסן און רעוואָלווערן. די אַטעאיסטן האָבן געהאַלטן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד, און אַז עס איז גישטאָ צו האָפן אויף קיין שום צופעליקייטן פון געטלעכער קראַפט. די גערעדקעגן זייגען געקומען צום אויסדרוק אין טאַט. דער דיריגענט פון אָרקעסטער אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאָרא" האָט 7—8 וואָכן פאַר דער באַפרייאונג אָרגאַניזירט אַ גרופּע, וואָס האָט געזאָלט אויפרייסן די פאַבריקן אונטער דער ערד ביים לאַגער אין דער אָרטשאַפט אונטערזאַקסענהאַוזען. די דענונציאַנטן פון דער אינערלעכער לאַגער־אָנפירונג האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט און פאַראַטן דעם פּלאַן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די גאַנצע גרופּע איז אויפגעהאַנגען געוואָרן.

דריי וואָכן פאַרן פאַלן פון דער גאַצי־מאַכט האָט אַ קאַפּאָ, מיטן נאָמען ווילי, ער האָט געטראָגן אַ גריגעם ווינקל מיט דער אויפשריפט ס.פ., דאָס הייסט אַ געוועזענער שוואַר־פאַרברעכער, געשלאָגן מיט אַ בייטש אַ פּאָליטישן העפטלינג. דער געשלאָגענער האָט זיך גישט געקענט באַהערשן און האָט אויסגערופן: „עס בלאָזן גייען ווינטן, וואָס וועלן שנעל אַהערקומען און דאַן וועסטו טראָגן די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר דיינע מעשים".

דער קאַפּאָ איז אַריין אין אַזאַ רציחה, וואָס האָט איבערגעשטיגן די ווילדקייט פון אַ חיה. נאָכן צעשלאָגן דעם קאַצעטלער האָט ער אים איבערגעגעבן אין די הענט פון דער ס.ס. מיט דער באַשולדיקונג פון סאַבאָטאַזש. דער קאַצעטלער, זייענדיק אין טויטן־קאַמער, האָט אַנטוואָפנט דעם ס.ס.־וואַכמאַן און געפּרוווט אַנטלויפן, עס איז אים אָבער גישט געלונגען און ער איז דעם זעלבן אָוונט אויפגעהאַנגען געוואָרן.

פון דעם טאָג אָן איז דער קאַפּאָ אַרומגעגאַנגען פולשטענדיק צעטומלט, דאָך האָט ער זיך, פון געוווינהייט, גישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין גרויזאַמע אַקטן.

גישט געקוקט אויף דער גרויזאַמער און עגאָאיסטישער ווירקלעכקייט, וואָס האָט געהערשט אין קאַצעט זייגען דאָך געווען פיל פאַלן פון סאָלידאַריטעט.

זייער אָפט פלעגט פאַסירן, אַז קאַצעטלער גייענדיק צו אַן אַרבעט אַ ווייטן וועג פון אַ פּאָר קילאָמעטער, פלעגט אייגער אַנידערפאַלן אויפן וועג און גישט געקענט ווייטער גיין. דער מנהג פלעגט זיין, אַז דער קאַפּאָ פלעגט מיט אַ דראָנג אים אַזוי לאַנג שלאָגן ביז ער איז פולשטענדיק טויט געוואָרן. בכדי דאָס אויסצומיידן פלעגן

די קאַצעטלער, הגם פיזיש גאַנץ דערשעפּטע, פאַרמאַטערטע און האַלב פאַרפיניקטע, טראָגן זייער חבר ביז צום אַרבעטס־אָרט. דאָרט אים אַוועקגעלייגט צווישן צווייגן, ער זאָל זיך אויסרוען. אויסגעזוכט פאַר אים טרוקענע צווייגן, געמאַכט אַ פייער, און אין אַ בלעכענער פּושקע איינגעקאָכט אַ ביסל וואַסער. דער קראַנקער זאָל זיך קע־נען דערוואַרעמען.

עס זיינען אויך געווען אין געהיים פאַרשיידענע פּאָליטיש־אידעאישע גרופּעס, וואָס האָבן געהאַט געמיינזאַמע פּלענער, צילן און אויפגאַבן צום אויספירן, אַלס אונטערגרונט־באַוועגונג. די קאַצעטלער האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז ביז צו דער באַפרייאונג וועלן זיין פיל קרבנות, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז ער וועט זיין צווישן זיי. יעדער האָט געוואָלט גלויבן, אַז ער וועט זיין צווישן די גליקלעכע, וואָס וועלן איבערלעבן, ווייל אַזוי האָבן דיקטירט עגאָאיסטישע געפילן, און דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג.

די קאַצעטלער פון ב.פ. און ס.פ., דאָס הייסט די פאַרברעכערישע עלעמענטן, האָבן פאַרנומען אַלע אַמטן אין קאַצעט, אין די קיכן, מאַגאַזינען און אין דער אַנ־פירערשאַפט. זיי איז גוט געגאַנגען, ווייל צו עסן האָבן זיי געהאַט גענוג, דערפאַר האָבן זיי געשפּאָט און געחוזקט פון די ראַסיש, פּאָליטיש און רעליגיעז פאַרפאָלגטע קאַצעטלער, מענהנדיק, אַז זיי זיינען לא יצלחס און קענען זיך קיין עצה נישט געבן.

די נאַטור האָט אויך אויסגעאיבט איר ווירקונג אויף דער פּסיכיק פון די קאַ־צעטלער. עס איז געווען אַן אונטערשייד צווישן קאַצעטלער, וואָס האָבן געאַרבעט אין פאַבריקן און צווישן אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער פרייער נאַטור.

אין די פאַרמאַכטע פאַבריקן ביי שווערער אַרבעט האָבן זיך די קאַצעטלער אין די הייסע זומער־טעג געבאָדן אין שוויס, דאַרער און מאָגערער געוואָרן פון טאָג צו טאָג, טרוימענדיק וועגן פרייהייט, אין אַ קראַנקהאַפטער פאָרם, דורך בילדער און פאַנטאַזיעס, זעענדיק די אויסלייזונג פון דער פאַרשקלאַפונג דורך פּלוצלונגדיקן פאַל פון דער נאַצי־מאַכט, אָדער דורך טויט.

ביי קאַצעטלער, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער פרייער נאַטור, האָט זיך די שטימונג אין זומער־צייט געענדערט פּאָזיטיוו, ערשטנס צוליב דער מעגלעכקייט פון „אָרגאַניזירן עפּעס לעבנסמיטל”, אין קאָנקרעטער פאָרעם, נעמען אַ רעטעך, אַ בוראַק און ענלעכע זאַכן פון די פעלדער. אָט די קליינע דערשיינונג האָט געווירקט פּסיכיש, אַז דערווייל איז נאָך אַ ביסל מעגלעך אויסצוהאַלטן, אין קעגנזאַץ צו די פאַבריקס־קאַצעטלער. אויך די נאַטור, די זון, די פייגל, וואָס פאַרלאָזן זייערע נעסטן מיט געזאַנג, דאָס באַוועגן זיך פון די וואַסערן אין די טייכן, דאָס אַלץ האָט סימ־באָליזירט אומבאַגרענעצטע פרייהייט, צו וועלכער עס האָבן געשטרעבט די קאַצעט־לער. דערפאַר האָבן זיי זיך מער פון אַלע אינטערעסירט מיט דער פּאָליטישער און סטראַטעגישער סיטואַציע, געטראַכט וועגן אַנטלויפן, בויען בונקערס, איינאָרדע־נען זיך אין וועלדער און דאָס גלייכן.

דער האַרבסט האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַן אומעטיקייט, ווייל צו דעם הונ־ גער, שווערע אַרבעט, פּייניקונגען איז אויך צוגעקומען דאָס געפיל פון קעלט.

דער ווינטער האָט נעגאַטיוו געווירקט. די שלעכטע קליידונג און די לאַנג־ דויערנדע אַפּעלן האָבן פיזיש רואינירט די קאַצעטלער און פיל זיינען גלייכגילטיק געוואָרן צום שיקזאַל, וואָס האָט נעטראָפן זייערע קאָלעגן דורך טויט און קרעמאַ־ טאָריעם, דערוואַרטנדיק די איינענע אויסלייזונג אויף דעם זעלבן וועג. ווינטער האָבן די קאַצעטלער פאַרלוירן די אָנרעגונג און ווילן פון לעבן, וואָס דריקט זיך אויס אין אומווילקירלעכער פּאַסיווער אויפמערקזאַמקייט צום לעבן.

דער פרילינג איז געווען אַ געוויסע דערמונטערונג. מיטן דערזען די אויפ־ שטראַלנדע זון האָבן זיך דערוועקט ביי די קאַצעטלער אַסאָציאַציעס. די באַפרייאונג איז סימבאָליש געקומען אין פרילינג.

די פּסיכאָלאָגיע אַלס וויסנשאַפט פאַרנעמט זיך מיט שטודירן די מענטשלעכע נשמה אין אַלע אירע פאָרמען און צושטאַנדן, ביי פענאָמענס, גייסטיק נאָרמאַל אַנטוויקלטע, ווי אויך מיט קראַנקהאַפטע נשמות.

די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און דאָס לעבן אין זיי האָבן געשאַפן גאָר אַנדערע באַדינגונגען, וואָס פּאַסן זיך נישט אַריין אין די אָנגענומענע פּסיכאָלאָגישע מעטאָדן און פעסטשטעלונגען.

דאָס לעבן פון די קאַצעטלער אין די קאַצעטן איז געווען אַ גרענעץ־פּונקט צווישן לעבן און טויט, דערפירנדיק צו א פולשטענדיקער פּאַסיווער אויפמערקזאַמקייט צום לעבן. יעדע נאָרמאַלע קראַנקהייט קען באַטראַכט ווערן, ווי אַ שטערונגס־פאָרעם פון מענטשלעכן אָרגאַניזם. דאָס זעלבע קען מען אָנווענדן אין דער פּסיכאָלאָגיע. דאָס אומנאָרמאַלע לעבן אין קאַצעט אין פּסדרדיקן הונגער, טויט־שרעק, קלעפּ, דערני־ דערונגען און באַליידיקונגען, האָבן געהאַט זייער ווירקונג אויף דער פּסיכיק פון די קאַצעטלער אין איינקלאַנג מיט דער טעאָריע פון פּסיכאָ־פיזישן פּאַראַלעליזם.

